בערגעגעבענער ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור. ער איז מיט דעם דאָך דער איינציקער ביי אונדז. ווער האָט עס דען ביי אונדז גע־בומען אַזאַ יאָך אויף זיינע פּלייצעס — אַזאַ שווערן יאָך אָן געצאָלט? נאָר אידעאַליסטיש־פרייוויליק. דער דאָזיקער מענטש, דער פריינד און חבר האָט דאָך ביי זיך אין הויז צונויפגעקליבן איבער אַ פערטל מיליאָן „קאַרטלעך" אין זיין קאַרטאָטעק — פאַקטן איבער דעם לעבן און שאַפן פון יעטווידן יידישן שריפטשטעלער! דאָס איז דאָך ממש אַ גיגאַנטישע אַרבעט. האָט ער עס געטאָן פאַר פּאַרדינסט? חלילה! האָט ער עס גע־טאָן פאַר כבוד? אויך ניט. ניט כבוד איז אים געלעגן אין זין. נאָר גע־פירט צו דעם האָט אים — די גרויסע פאָלקס־געטריישאַפט, אַז אַלץ וואָס איז ווערטפול זאָל ניט פאַרגיין אָן אַ שפור; אַז די גאַנצקייט פון אונדזער ליטעראַטור זאָל אָפּגעהיט ווערן; אַז דורך די ביבליאָגראַפיעס זאָל מען זען ווי יידן האָבן געלעבט און געשאַפן.

שטיל, אָן טומל, אָן גערעג, האָט ער די אַרבעט געטאָן און אַפילו זיינע נאָענטסטע פריינד האָבן ניט געוואוסט וועגן דעם. מיט אַמאָל איז דערשינען פאַר אונדז זיין פילפאַרביקער ביבליאָגראַפישער אויפטו, און די שאַפונג זיינע האָט אונדז די אויגן פאַרבלענדט!

יאָ, אַ מאָדנע אידעאַליסטישע געטריישאַפט ליגט אין דער נשמה פון אונדזער ליבן יעפים ישורין.

וואו האָט ער עס גענומען? ער האָט עס געירשנט פון די קליינע, אַמאָליקע ווילנער געסלעך; ער האָט מיטגענומען פון ווילנע וואָס זי אַלייך איז געווען די געטרייסטע שטאָט אין דעם יידישן לעבן — געטריי צו אַלע יידישע אידייען און חלומות.

איך האָב אַמאָל צו זיין 60־יאָריקן יובל אָנגעשריבן אַ ליד לכבוד אים. איך וויל דאָ פאַרענדיקן מיט איין פערז פון יענעם ליד וואָס הייסט: „דער ווילנער ייד"!

ער גייט מיט שטילע, וואַכע טריט,
מיט פשוטקייט אין וואָרט און טאָט;
נאָר אין זיין אויג פאַרבאָרגן גליט
אַ פונק פון שטאַמיק־אַלטן יחוס.
און וואו ער איז — איז אויבנאָן,
און וואָס ער טוט, ווי ער וואָלט טאָן —
אַ הייליקע און גרויסע שליחות.

אַזאַ איז יעפים ישורין. זאָל ער לאַנג לעבן!

**ב. י. ביאַלאָסטאָצקי**

# דער ייד פון ווילנע

(געשריבן ספּעציעל פאַר דעם בעל־יובל, מיין האַרציקן פריינד,
דעם וואונדערלעכן ביבליאָגראַף יעפים ישורין)

ער גייט מיט שטילע, וואַכע טריט,
מיט פשוטקייט אין וואָרט און טאַט;
נאָר אין זיין אויג פאַרבאָרגן גליט
אַ פונק פון שטאַמיק־אַלטן יחוס.
און וואו ער איז — איז אויבנאָן,
און וואָס ער טוט, ווי ער וואָלט טאָן —
אַ הייליקע און גרויסע שליחות.

אָ, ווילנע, וואונדערלעכער שטאָט!
פון גאונס אוהל ביז לעקערטס שטריק!
עס לויפט דער וועג צוריק, צוריק —
ווען ס'פליט די ווילדע באַן אין ראָש —
די צייט פון פייער און פון סם,
זאָג, ברודער, איז נאָך וואָס פאַראַן?
צי טליעט נאָך אַ פונק אין אַש?...

ניו יאָרק האָט אַלעמען פאַרצערט,
ס'גייט יעדער דאָ אַליין, אַליין.
אָ, ווילנער ייִד, מיט זין פאַר כלל,
אויך דו ביסט בלאַט אין בלעטער־פאַל.
נאָר אויך אַ בלאַט, וואָס פאַלט צו דר'ערד,
דערציילט די מעשה פונעם בוים —
פון זון, פון בליאונג און פון טרוים.

דער גורל יאָגט, דער גורל טרייבט,
נאָר ער, איך זע: ער טראָגט און קלייבט,
און וואָס געוועזן אויף אייביק בלייבט —
אין שימער פון דעם אַלטן ליכט.
דאָס לעבן איז אַ יאָך, אַ פליכט.
אַ האַנט, אַ האַנט, וואָס ווערט ניט מיד —
געבענטשט זאָל זיין דער ווילנער איד!

**שלמה בן־ישראל**

# דער „הונגעריקער ביבער"

אַ קוק טאָן אויף יעפּים ישורין וועט מען ניט זאָגן אַז ער זעט אויס אויסגעהונגערט אָדער אַז ער זעט אויס ווי אַ ביבער.

איך ווייס נישט וויפיל ביבערס איך איז אויסגעקומען צו זען; איך זע זיי זייער אָפט און עס איז אמת אַז זיי זיינען די פּאַרנומענסטע חיהלע פון אַלע, אַפילו מער פון אַ מוראַשקע. דעם ביבערס אַרבעט זעט אויס אַלע מאָל מער פּלאַנמעסיק און מער תכליתדיק פון דער אַרבעט פון אַ מוראַשקע, וועלכע לויפט הין און צוריק מיט אַלע אַנדערע מוראַשקעס. די אַרבעט פון ביבער איז מער אינדיווידועל און זאַכליכער.

ווען איך טראַכט פון ישורינען שוועבט ער אויף אין מיין געדעכע־ניש אַלס אַ ביבער און דערצו אַ הונגעריקער ביבער. זינט איך געדענק אים זיצט ער קיין מאָל נישט ליידיק. ער איז אַלע מאָל באַשעפטיקט. איך זע זיין פיגור אָנגעבויגן איבערן דעסק אין דער פענצטער־ראַמע פון זיין אַמאָליקן „אָפיס לאָך" אויפן ערשטן פלאָר פון דער „פאָרווערטס" געביידע. איך זע אים איבערקוקן ביי אַ לאַנגן טיש אין דער פּאַבליק לייברערי און איך קען זיך אים ניט פאָרשטעלן ביי זיך אין הויז אין אַן אַנדער פּאָזיציע ווי די פון אַרבעטן ביי אַ דעסק.

זיין אַפּעטיט פאַר מאַטעריאַל איז ניט אָנצוזעטיקן. איך בין איינער פון זיינע „קרבנות" אין צושטעלן אים מאַטעריאַל. עס איז מיין אויפ־גאַבע צו לייענען די ישראל־פּרעסע וואָס קומט אָן צום „פאָרווערטס", און איך ברענג צו ישורינען די ליטעראַרישע זייטן און סתם יעדע נאָטיץ וואָס איז דעם ביבליאָגראַפס ברויט.

מען דאַרף אָנקוקן ישורינס אויגן ווען ער באַקומט אַזאַ „ליטעראַ־רישע פּאָרציע". זיי שיינען אויף ווי ביי אַ פאַרליבטן אין אָנבליק פון זיין געליבטער. און ווי דער ביבער צעגריזשעט ער דעם מאַטעריאַל, צע־לייגט אים אויף קאַרטעלעך, פון וועלכע ער בויט די ביבליאָגראַפישע סטרוקטור פון אונדזער ליטעראַטור. זיין אַפּעטיט איז, ווי געזאָגט, ניט אָנצוזעטיקן און עס איז ניט צו באַגרייפן וואו דער מענטש נעמט אַזוי פיל צייט און געדולד פאַר זיין „האָבי", ווייל ער האָט דערפון קיין מאָל ניט געמאַכט קיין לעבן. אויף אַ לעבן האָט ער געדאַרפט אַרבעטן באַזונדער.

איך האָב אַ מאָל געפרעגט ביי ישורינען וואו ער נעמט די צייט און געדולד. ער האָט געשמייכלט, דאָס אַלץ. געשמייכלט! ווייל אַ ביבער האָט אויף אַלצדינג צייט אויסער צו ענטפערן אויף נאַאיווע פראַגן...

לעיבאָר דעי, 1960

**ישראל ברעסלאָוו,**
פרעזידענט פון אַרבעטער־רינג

# יעפים ישורין דער לאָגיקער

יעפים ישורין, וועמענס 75־יאָריקער יובילײ איז געפּייערט געוואָרן, איז אַ מערקווירדיקע פּערזענלעכקייט אין אונדזער באַוועגונג. דאַכט זיך אַ שטילער און באַשיידענער מענטש, נישט קיין דראַמאַטישער אָראַטאָר, און דאָך באַווירקט ער מענטשן, אָרגאַניזאַציעס און האָט זיך פאַרשאַפט אומצייליקע פרײַנד אין אַלע די קרייזן, אין וועלכע ער אַרבעט און ווירקט.

וואו שטעקט זיין כוח? מיט וועלכע מיטלען באַווירקט ער זיינע מיט־אַרבעטער אין די אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע ער פונקציאָנירט? מיר דוכט זיך, אַז דער שליסל צו ישורינס דערפאָלג אויף די פאַרשיידענע געביטן פון זיין טעטיקייט, און ספּעציעל אין דעם אַרבעטער־רינג, איז — לאָגיק. יאָ, ריינע לאָגיק, פּשוטער, אַריינדרינגנדיקער שכל. מיט זיין לאָגיק געווינט ער אַרגומענטן, מיט זיין שכל גלייכט ער אויס סכסוכים, וועלכע זיינען אומפאַרמיידלעך אין אַ גרויסער מאַסן־אָרגאַניזאַציע.

זיין מעטאָד איז — הערן. אונדזער יובילאַר האָט אַ מערקווירדיקן געדולד אויסצוהערן יענעמס רייד, יענעמס טענות און אַרגומענטן און ערשט דאַן, נאָך אַ ישוב הדעת, זאָגט ער אַרויס זיין מיינונג.

ישורין איז אַ ווילנער, אַ ליטוואַק, און אַ ליטוואַק, זאָגט מען, איז אַן עקשן. אויב עס האַנדלט זיך וועגן תוך זאַכן, ווענגן אידעאָלאָגישע איינ־שטעלונגען, ווענגן פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן, וועט ישורין זיין דער גרעסטער עקשן און וועט קעמפן ווי אַ טיגער פאַר זיין מיינונג און פאַר זיין איינשטעלונג.



פּייערונג פון 60־יאָריקן יובילײ פון אַרבעטער־רינג אין 1960, אין קאַרנעגי האַל. פון רעכטס צו לינקס: דזשייקאָב ט. זוקערמאַן, בערנאַרד ליליענבלום, יעפים ישורין, בענדזשאַמין געבינער, מאַדאַם ראָבערט וואַגנער, דוד דובינסקי, נחום כאַנין, זלמן יעפּרויקין, חיים בעז. שטייענדיק לעבן דער טריבונע ישראל ברעסלאָוו, פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג, און מעיאָר ראָבערט וואַגנער.

ישורין איז אַ פּינקטלעכער מענטש. יעדע זאַך וואָס ער טוט איז פּינקטלעך, אין אָרדענונג. ס׳איז ביי אים נישטאָ קיין צעוואָרפנקייט, קיין נאַכלעסיקייט. אַפילו זיין האַנטשריפט, אין יידיש און אין ענגליש, איז פּינקטלעך, ציכטיק און ריין. יעדער אות, יעדעס וואָרט איז קלאָר און אָפּ־געטיילט. די בוכשטאַבן און ווערטער, פּונקט ווי זיינע געדאַנקען, פּלאָנ־טערן זיך נישט ביי אים איינס אין אַנדערן. עס איז אַ מחיה צו לייענען זיינס אַ בריוו. די ווערטער זיינען אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער שורה, גראָדליניק, ווי זיין שכל.

אָט מיט די שטריכן פון זיין כאַראַקטער האָט ישורין געוואונען אַ סך מלחמות אין דעם אַרבעטער־רינג און האָט זיך געשאַפן הונדערטער פריינד און פאַרערער אין אַלע צווייגן פון אונדזער באַוועגונג.

צו 75 יאָר איז ישורין נאָך פריש און יונג מיט אַ סך ענערגיע פאַר ווייטערדיקער אַרבעט. ווינטש איך אים אריכת ימים און דערפאָלג אין אַלע זיינע אַרבעטן.

---

**דר. שלמה ביקל**

## די געבענטשטע און געטרייע אויג פון יעפים ישורין דעם ביבליאָגראַף

דער ביבליאָגראַף איז אין יעדער ליטעראַטור די „עין רואה״, דאָס אויג, וואָס זעט. און נישט נאָר דאָס אויג וואָס זעט, נאָר דער עיקרשט דאָס אויג, וואָס איז געהיט נישט צו פאַרזען, כדי די וואָס ווילן מעיין זיין אין אַן ענין זאָלן נישט האָבן קיין איבעריקע שוועריקייטן צו זען און צו דערזען.

ביי אונדז איז דער ליבער יעפים ישורין דאָס דאָזיקע געבענטשטע און געטרייע אויג און מיר זיינען אים אַלע שולדיק אַ דאַנק פאַר זיין אַזוי פרייוויליקער און אַזוי איבערגעגעבענער אַרבעט.

תבא ברכה עליו, איך ווינטש אים אריכת ימים און בריאות הגוף והנשמה. גוטן ווילן און געטריישאַפט און ליבע צום יידישן וואָרט פאַר־מאָגט ער אין דער פולער מאָס.



פון רעכטס צו לינקס: יעפים ישורין, אַלעקסאַנדער קאַהן, הלל ראָגאָף, ראובן גוסקין, אַב. קאַהאַן, יוסף באַסקין, אַדאָלף העלד.

**לוי גאָלדבערג**

# וואָרט

אַ מתנה יעפים ישורינען, באַרימטן ביבליאָגראַף, רינג אין דער גאָלדענער קייט וואָס באַפעסטיקט זיך צו אונדזער ליטעראַטור, וואָס איז אייביק.

צו זיין פון וואָרט דערהויבן,\
צו זיין פון וואָרט באַשיצט;\
באַזינט פון טיפן גלויבן,\
אַז גאָט אין ווערטער זיצט.

און פירט צום גאָלער גוטן,\
דורך שטרויכל און דורך פיין —\
צו פריידיקע מינוטן\
דורך וואָרט, געהייליקט זיין.

וואָרט, איז נביאס שאַלונג —\
דו גלויב, אַז דיר געמיינט: —\
ניט אַלץ איז אַ פאַרפאַלונג,\
ניט יעדער וועג פאַרשטיינט.

דו נויג צום וואָרט דיין אויער,\
זיין קערן איז דיין שוץ —\
געבענטשט זיין אין דיין דויער,\
געשיידט זיין מיט אַל דאָס גוטס.

אָ, זיי פון וואָרט דערהויבן,\
צו זיין פון וואָרט באַשיצט;\
באַזינט פון טיפן גלויבן,\
אָז גאָט אין ווערטער זיצט.



**לוי גאָלדבערג**

# דער יובילאַר: יעפים ישורין

איך קען זיך ניט באַרימען, אַז פערזענלעך קען איך גוט דעם יובי־לאַר, יעפים ישורין. אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט אים איז מיר בלויז איין מאָל, און דאָס, אין שייכות מיט מיין בוך לידער: „פּירות אויף מיין בוים״, וואָס צו אים האָט ער צוגעטראָגן זיין בייטראַג: — די פולע ביבליאָגראַפיע אַרום מיינע לידער אין אַלע מיינע פיר ביכער.

איך קען ניט זאָגן, אַז איך בין צו אים געגאַנגען מיט אַ „גרינג״ האַרץ; מיט דער בקשה צוזאַמענצושטעלן מיין ביבליאָגראַפיע. וויסנדיק זיין אָרט און פאַרנעם אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט זיך מיר אויס־געדוכט, אַז איך וועל זיך דאַרפן שטעלן פאַר אַ מענטש, וועמען גדלות האָט האַרט געמאַכט, און אַז גאַר גרינג וועט מיר ניט זיין אים צו באַ־וויליקן פאַר אַזאַ אַרבעט אַרום מיין פערזענלעכקייט.

און אָט שטיי איך פאַר זיין „בודקע״ (אין „פאָרווערטס״־האָל), וואו זיין מיטלוואוקסיקע פיגור צייכנט זיך מיט אַן אָריגינעל פּנים. ער קוקט אויף מיר עטוואָס פאַרדעכטיקט, און ווען איך זאָג אים מיין נאָמען, צע־שמייכלט ער זיך און גאַר פריינדלעך פאַרבעט ער מיך אינעווייניק.

מיר שמועסן וועגן געזונט און אַנדערע זאַכן, און ווען איך זאָג אים מיין פאַרלאַנג, נעמט ער אַרונטער פון אַ פּאָליצע זיינס אַ בוך, וואָס איז אים געווידמעט געוואָרן פאַר זיין אַרבעט צו זיין (דוכט זיך) 65 יאָריקן יובילײ, און ווייזט מיר: — אַז אין דער רשימה פון זיין רייכן ביבליאָ־גראַפישן באַזיץ, אונטער מיין נאָמען, איז ביי אים דאָ פאַרצייכנט אַ קאַרגע הונדערט פּאָזיציעס אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס האָט מיך היפּש אויפגעהויבן. און פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען ניט אַ פרעמדער, אַ האַרטער, נאָר ממש אַ מענטש, אַ טאַטע, אַ האַרציקער טאַטע, מיט דער גרויסער ליבשאַפט פאַר אַלע זיינע שעפערישע קינדער, און אונטער איין דאַך זיי אָנזען צו מאַכן פאַר דער וועלט און שטאַרקן דעם קיום פון דער יידישער ליטעראַטור לעולם ועד.

אין דער פלייסיקער אַרבעט פון צוזאַמענשטעלן מיין ביבליאָגראַפיע זיינען געקומען — מצד פון אים — אַן אויסטויש פון אַ סך זאָרגפולע בריוו, אויסגעהיט צו ווערן פון וועלכן ס'איז ניט איז טעותן. און פאַר דעם האָט זיך געפאָדערט עטלעכע קאָרעקטורן. און אין צייט־אָפּשניטן האָט ער יעדעס מאָל וואָס צוגעגעבן, כדי פולער און רייכער צו מאַכן זיין אַרבעט. און מען דאַרף פאַרשטיין, אַז אַלץ איז געטאָן געוואָרן לשמה, אָן וועלכן ס'איז ניט איז רעשט צי קריגן פאַר זיין גרויסן צושטייער.

טו איך טאַקע איצטער — צו זיין 75־יאָריקן יובילײ — אים אָן דעם עפּיטעט: צדיק. ווייל מיט זיין לערנונג און טואונג הייליקט ער אונדזער אַלעמענס וואָרט, וואָס במילא איז עס גאָטס וואָרט און פאַראייביקט זיך צוזאַמען מיט אונדזערע שעפער.

**יוסף שמעון גאָלדשטיין**

# יעפּים ישורין דער אומדערמידלעכער ביבליאָגראַף

צו זיין 75סטן געבורטסטאָג

ביבליאָגראַפן זיינען פאַראַן אין אַלע ליטעראַטורן,
אונדזער ביבליאָגראַף איז יעפּים ישורין!
מיט אַלע שרייבער און ביכער איז אויסגעקאָכט רב יעפּים,
אָנהויבנדיק פון געוויסער רבינס „חידושי הרי״ם",
ביז ערגעץ אַ ביכל וואָס איז געדרוקט אין קרים.
ער ווייסט וואו פּרץ האָט ערגעץ געזאָגט „באָם" און אַש „בים".
ער זאַמלט שריפטן אַזוי ווי שניטער זאַמלען גאַרבן.
ער לאָזט די שריפטן נישט שטאַרבן,
ער לאָזט אויף זייערע אויגן נישט ליגן קיין שערבלעך.
ער מאַכט אונז, שרייבערס, אומשטערבלעך.
ער לאָזט נישט ממיתן
אונדזערע „שיימעסן".
ער גראָבט אוים פון די ליטעראַרישע קברים
אונדזערע מאמרים.
זיינע אַלע חדרים
זיינען אָנגעפּאַקט מיט ספרים
אין דער ברייט און אין דער לענג.
ס׳ליגן ביי אים זשורנאַליסטן אין אַלע שענק.
ס׳ליגן ביי אים פּאָעטן
אונטער די בעטן.
אונטער דער גרויסער סאָפע, דער קיין-עין-הרע׳קער,
ליגן היסטאָריקער,
ווען אַפילו אַ היסטאָריקער אַ „קאָמפּאָמאָליעץ" איז.
ס׳ליגן שרייבער אויף אַלע פּאָליצעס.
זיי פאַרדעקן די ווענט, זיי פאַרשטעלן די שויבן.
ס׳טראָגן זיך פון זיי געדיכטע שטויבן,
און מ׳מוז כסדר אַרומגיין מיט אַ פלעדערוויש.
פאַר אים איז הייליק יעדנס פעדער-וויש —
פון דעם גרעסטן דיכטער ביזן קלענסטן ראש ישיבהל.
אַלץ קענט איר געפינען אין זיין אַרכיוול.
מעג דער שרייבער זיין אַ ליטוואַק, אַ גאַליציאַנער, אַ יעקע —
ליגט ער ביי אים אין דער „קאַרטאָטעקע",
אונטער דעם געהעריקן אות.
יעפּים, דער „ווילנער באַלעבעסל", איז אַ ליטעראַרישער באַלעבאָס,
ער איז פּינקטלעך, פּעדאַנטיש.

מעג אַ ווערק זיין שיר-השירימדיק-ראָמאַנטיש,
אָדער מעג עס זיין פּשוטע פּראָזע,
מעג עס זיין טיף ווי שפּינאָזע,
אָדער מעג עס זיין פלאַך-שבפלאַך —
נעמט עס ישורין אַרונטער הינטער זיין דאַך,
ער לאָזט עס נישט נעכטיקן אין דרויסן.
ער גלעט עס אין זיינע שויסן
ביי ישורינען קריגט עס אַ תיקון.
ער לאָזט נישט פאַרוועלקן, דערשטיקן,
סאַי די „ליטעראַרישע גבירים״, סאַי די „ליטעראַרישע דליתים״.
ער איז אונדזער „ליטעראַרישער מחיה-מתים״!




ישורינס על־חטא ביים כותל מערבי

**מאַקס גאַפּט,**

פאָרזיצער פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

# יעפים ישורין דער מייסטער פון אַ סך טאַלאַנטן

אונדזער יידיש־אַמעריקאַנער קולטור־וועלט פייערט היינטיקן יאָר דעם יובל פון דעם באַוואוסטן ביבליאָגראַף, יעפים ישורין, צו דער געלעגנהייט פון זיין 75טן געבוירנטאָג. אָבער אויסער זיין ביבליאָגראַפישע אַרבעט האָט ער אַ גרויסן סכום אויפטואונגען פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואו ער האָט גאָר אַ סך בייגעטראָגן ווי אַ בויער, אַן עסקן, מיט זיין איינפלוס, מיט זיין איבערצייגונג, מיט זיין באַרימטער עקשנות און אויך מיט זיין ליבע צו דער אַרבעט.

אין דער ערשטער ריי קומט דער אַרבעטער־רינג. אין דער דאַמאָלסטיקער יונגער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפאָדערט אָרדענונג, פּלאַנמעסיקייט, אידעאַליזם און פּראַקטישקייט. דער אַרבעטער־רינג איז געווען אויסגעשפּרייט אויף הונדערטער צווייגן. יעדער ברענטש און אַפילו יעדער מיטגליד האָט געפילט, אַז ער האָט עפּעס בייצוטראָגן, עטוואָס פאָרצושלאָגן, עטוואָס צו פאָרמולירן, לויט זיין מהות, לויט זיין מענטאַליטעט, און דער אַרבעטער־רינג איז געוואָרן אַ דיסקוסיע־צענטער פון אידעאָלאָ־



מאַקס גאַפּט און יעפים ישורין

גיעס מיט פּראַקטישע פּלענער פאַר דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געדאַרפט ראַטעווען דער גאַנצער מענטשהייט. ישורין האָט גע־דאַרפט די אַלע פּלענער קאָאָרדינירן אין פּראַקטישע, דורכפירבאַרע סטאַ־טוטן, כדי אָנצואווענדן די פּלענער לויט די געזעצן פון די רעגירונגס־אַגענטורן, וועלכע פּאַסן־אויף אויף די פירונגען פון דעם הויפּט־אָפיס און פון אירע אָפּטיילונגען. ישורינס אויג האָט געדאַרפט אַריינבליקן אין אַלע אַדמיניסטראַטיווע איינריכטונגען, כדי צו מאַכן דעם אַרבעטער־רינג פאַר דער מוסטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זי איז היינט צו טאָג. ישורין איז געווען דער אויפפּאַסער אויף דעם אַרבעטער־רינג, צי ער איז געווען אין אַמט אָדער ניט. די באַאַמטע פון דעם אָרדן, זיינע טעטיקע מיטגלידער האָבן פּרייווילִיק אָנגענומען זיין דיקטאַט און האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין חרטה.

טאַקע צוליב דעם, וואָס ישורין האָט זעלטן־ווען פאַרנומען אַן אָפּיציעלן אַמט אין אַרבעטער־רינג, האָט ער צייט געהאַט, אין זיינע פרייע שטונדן, צו טראַכטן וועגן די פּאָליסיס און מעטאָדן פון דעם גרויסן פּאָלקס־אָרדן, און מיט זיין אינטעליגענץ און געלערזאַמקייט האָט ער ביי־געטראָגן מער ווי וועלכער עס איז יחיד צו דעם וואוקס און אַנטוויקלונג, צו דער שטאַנדהאַפטיקייט, צו די פּאָליסיס און מעטאָדן פון דעם אַרבעטער־רינג, צו זיין אידעאָלאָגיע און וויזיע און איז געוואָרן דער אויטאָריטע־טער וואָרטזאָגער פאַר אַלע אַרבעטער־רינג פירער.

מיט זיין גאַנצער פאַרנומענקייט איז ישורין אויך געווען טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אויף זיין שטייגער. אַ מיטגליד פון דער „פאָרווערטס״־אַסאָסיאיישאָן פאַר לאַנגע יאָרן, איז זיין וואַכזאַם אויג געווענדט געווען אויך צו די געשעפטלעכע טראַנזאַקציעס פון די „פאָרווערטס״ אונטערנעמונגען, און צו זיין וואָרט הערט מען זיך גערן צו.

ישורין איז אַ סאָציאַליסט פון זיין פריסטער יוגנט אָן, און איז בטבע גענויגט צו דער אָרטאָדאָקסישער ריכטונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג. אָבער, זיינע אויערן פאַרנעמען גאַנץ אָפט די נייע, רעוויזיאָ־ניסטישע טענער, לויט דער אָנגענומענער מאַרקסיסטישער מעטאָדע פון דיאַלעקטיק. ספּעציעל זינט דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אויך געשטעלט אויף דעם זעלביקן שטאַנדפּונקט. ישורין טראַכט אין טערמינען פון מאָדערנעם סאָציאַליזם, ווי דאָס ווערט געלערנט און פאַר־שפּרייט אין אַלע פרייהייטלעכע אייראָפּעאישע לענדער, צוגעפּאַסט צו די בויטן פון די היינטיקע צייטן.

אָט דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט, יעפים ישורין, קען אויך פאַר־קאַטשען זיינע אַרבל, ווען עס קומט אָן אַ קאַמף פאַר פּרינציפּן. מיר וועלן קיין מאָל ניט פאַרגעסן זיין קאַמפּס־גייסט, ווען די קאָמוניסטן האָבן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרכאַפּן אָדער באַהערשן דעם אַרבעטער־רינג, די סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג און די יוניאָנס. ישורינס קאַמפּס־מיטלען זיינען גע־ווען די מוטיקסטע, די ווירקזאַמסטע, וועלכע האָבן געבראַכט צו דער

מפּלה פון די קאָמוניסטן אין דעם אַרבעטער־רינג, און האָט אָפּגעווישט דעם שאַנדפלעק פון יידישן פאָלק אין אַמעריקע.

אויסער דעם אַרבעטער־רינג איז ער אויך טעטיק אין אַלע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער יידישער ליטע־ראַטור. זיין הויפּט־פאַרדינסט איז דאָס, וואָס ער איז דער אָנערקענסטער ביבליאָגראַף פון דער נייער, מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

די נייע יידישע ליטעראַטור, ספּעציעל אין אַמעריקע, וועט קענען לעבן און געדייען אין ספּעציפיש יידיש־ליבהאָבנדיקע און אין סטודענטישע קרייזן פון די קומענדיקע דורות, און מען קען זיך ניט פאָרשטעלן ווי אַזוי די נייע יידיש־ליבהאָבער וועלן זיך קענען באַגיין אָן אַ האַנט־בוך וועגן דער יידישער ליטעראַטור. ישורינס ביבליאָגראַפיעס איז דער וועג־ווייזער פאַר די יעניקע סטודענטן פון יידיש וויסן פאַר די קומענדיקע דורות. איינציקע ביבליאָגראַפיעס זיינען פאַראַן אין אַמעריקע און אין אייראָפּע, אָבער אַזאַ אויסשעפּלעכע אַרבעט ווי ישורינס, איז אייגנאַרטיק. זיין שעפערישער טאַלאַנט מערקט זיך אויף דעם זשאַנער מער ווי אויף אַלע אַנדערע געביטן.

וויל איך באַגריסן מיין פריינד ישורין צו זיין 75סטן געבוירנטאָג, אַז ער זאָל אויך ווייטער פאָרזעצן זיין שעפערישע אַרבעט אויף אַלע זיינע ליבלינגס־געביטן פאַר נאָך אַ לאַנגע צייט. דאָס יידישע פאָלק וועט אים שטענדיק דאַנקבאַר זיין.

---

**יעקב גלאַטשטיין**

## איך באַוואונדער זיין אויסדויער

ליבער חבר, יעפים ישורין:

וואָס זאָל איך ווינטשן דעם גרויסן זאַמלער אונדזערן, דעם זיכלאָזן געטרייען שומר פון אונדזער האָב און גוטס, פון יידישן וואָרט, יידישן בוך און ליטעראַרישע געדעכעניש?

כ׳וועל אייך ווינטשן צו אייער 75־עריקן געבוירנטאָג, אַז דער ביי־שפּיל אייערער זאָל ווערן אַ טייל פון אונדזער טראַדיציע און אַז אייער נאָמען זאָל אַריין אין דער אייביקייט פון אַ לעבעדיקער ליטעראַטור, וואָס איר האָט געלערנט צו רעספּעקטירן איר צוקונפט. אָן דעם אָפּטי־מיזם און אמונה, וואָס מיט איר ווערט אייער אַרבעט געטאָן, וואָלט אייער טירחה נישט געהאַט דעם זעלביקן האַפט און זי וואָלט נישט געשטאַרקט אייערע הענט צו טאָן אייער ממש סופרישע מלאכת הקודש.

איך באַוואונדער אייער אויסדויער, לאַנג זאָל עס אונדז געדויערן.

**ב. געבינער,**
געהילף גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג

# ישורין — דער פאַרשיידנאַרטיקער

מען פייערט איצט דעם 75טן געבוירנטאָג פונם ליבן פריינד יעפים ישורין. אָבער דער יום־טוב איז נישט בלויז אַ געבוירנטאָג. עס איז אַ יום־טוב פון צענדליקער יאָרן פון ישורינס קולטור־געזעלשאַפטלעכער און שרייבערישער אַקטיוויטעט.

און די אַקטיוויטעט איז אַ פאַרשידנאַרטיקע און אַ רייכע. ישורין מעג זיך פילן שטאָלץ און גוט מיט דעם בייטראַג זיינעם אויף די אַלע געביטן. זיינע צאָלרייכע פריינד אין די פאַרשידענע קרייזן פון אונזער קולטור־געזעלשאַפטלעכער סביבה זיינען שטאָלץ מיט פריינד ישורינס טעטיקייט און בייטראָג.

יעפים ישורין איז אַן אייגנאַרטיקע פערזענלעכקייט. ער איז איינער פון די פיינסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער רוסיש־יידישער אינטעלי־גענציע.

ישורין שטאַמט פון אַ רוסיפיצירטער משפחה פון ווילנער געגנט. רוסיש איז געווען די שפּראַך אין דער ישורין־משפחה אין ווילנע און דאָך האָט ישורין געבראַכט מיט זיך פון דער דאָזיקער סביבה אַ ליבע, רעס־פעקט און אַן אויסערגעוויינלעך וואַרימע באַציאונג צו יידיש, צו יידישער ליטעראַטור און צו יידישע קולטור ווערטן.

אין זיין היים־שטאָט האָט דער יונגער יעפים איינגעזאַפּט אין זיך



בענדזשאַמין געבינער, געהילף גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג, פּרעזענ־טירט יעפים ישורינען מיט זיין יובל־בוך, צום 70סטן געבוירנטאָג, אין 1955

דעם יידיש־סאָציאַליסטישן גייסט און דעם גייסט איז ער געטריי ביז איצט.

ישורין באַנוצט זיך זייער אָפט אין זיינע אינטימע רייד און אַרויס־טרעטונגען אויף זיין ווילנער יחוס. ער דערמאָנט מיט שטאָלץ, אַז וויכ־טיקע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע פירער פון דער רוסיש־יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זיינען זיינע קרובים.

דאָס שפּיגלט אָפּ זייער קלאָר ישורינס גייסטיקן אינהאַלט און ישורינס פּערזענלעכקייט.

ישורין איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1907 און אין 1908 איז ער שוין געווען אַ מיטגליד אין אַרבעטער־רינג. זייט דאַן איז דער אַרבעטער־רינג געוואָרן און געווען זיין געזעלשאַפטלעכע פּלאַטפאָרמע. דאָ אינם אַרבעטער־רינג האָט ער זיך גייסטיק אויסגעלעבט; דאָ האָט ער געווירקט און איז באַווירקט געוואָרן.

שוין אינם יאָר 1912 איז ישורין געווען דער סעקרעטאַר פון דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־רינג קאָנטראָל קאָמיטע.

דעם אַמט האָט ער אָנגעהאַלטן דריי יאָר צייט. די אַרבעטער־רינג טוער פון יענער צייט און די אַרבעטער־רינג געשיכטע פון יענער צייט באַשטעטיקן אַז די דאַמאָלסטדיקע אַרבעטער־רינג קאָנטראָל־קאָמיטע איז געווען אַ קאָמיטעט פון גרויסער וויכטיקייט אינם לעבן פון דער אָרגאַניזאַציע. צו ישורינס אָנווייזונגען, צו ישורינס וואָרט האָט מען זיך אין דער דאָזיקער פירנדיקער אַרבעטער־רינג קאָמיטע צוגעהערט.

אינם יאָר 1915 איז ישורין געווען אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן קאָנסטיטוציע קאָמיטע.

זייט דאַן איז ישורין אַלעמאָל געווען אַ מיטגליד און פּאָרזיצער פון דעמדאָזיקן וויכטיקן קאָמיטעט.

די נאָענטע מענטשן און מיטאַרבעטער פון ישורינען ווייסן, אַז ווען ישורין איז אין אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט איז ער אויסערגעוויינלעך אַרבעטסזאַם, ענערגיש; זיין צוגאַנג איז אַ פּלאַנמעסיקער און אַ זאַכלעכער. און כאָטש ישורין האָט קיינמאָל נישט געשטודירט יוריספּרודענץ (די וויסנשאַפט פון געזעצן און זייער אָנווענדונג), דאָך האָט ער אין זיין טעטיקייט אין דער אַרבעטער־רינג קאָנסטיטוציע קאָמיטע אַלעמאָל אַרויס־געצייגט אַ געזונטן חוש און פאַרשטענדעניש לגבי די קאָנסטיטוציאָנעלע פונקטן פון דער אַרבעטער־רינג קאָנסטיטוציע.

ישורין איז געווען דער יינגסטער אַרבעטער־רינג פּרעזידענט. ער איז אַלט געווען 35 יאָר ווען ער איז צום ערשטן מאָל דערוויילט געוואָרן צו דעם וויכטיקן און פירנדיקן אַמט אין אַרבעטער־רינג. דאָס איז געווען דאָס יאָר 1920 — אַ יאָר פון וויכטיקע אַנטוויקלונגען אין דער יידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע; דאָס יאָר פון דעם אָנפאַנג פון דעם קאָמוניסטישן אָנגריף אויף דער סאָציאַליסטישער און אַרבע־טער באַוועגונג אין אַמעריקע.

צו יענער וויכטיקער פעריאָדע פון ישורינס פירערשאַפט אינעם אַר־בעטער־רינג, באַלאַנגט אויך דער קאַפּיטל וועגן דער אַרבעטער־רינג געזעצלעכקייט אין דעם סטייט פון מאַסאַטשוזעטס.

און פון דאַן אָן האָבן זיך טאַקע אָנגעפאַנגען די קאָמוניסטישע אָנגריפן אויפן אַרבעטער־רינג. ישורין אין זיין פירנדיקער פּאָזיציע איז געווען איינער פון די וויכטיקע כוחות, וועלכע האָבן אויסגעהיט און אָפּגעהיט דעם אַרבעטער־רינג, אַז ער זאָל ניט באַהערשט אָדער פאַר־כאַפּט ווערן פון די קאָמוניסטישע אָנגרייפער.

אַ צווייטן מאָל איז ישורין געווען דער פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג אינם טערמין פון 1946־1950. אויך אין יענעם טערמין זיינען פאָר־געקומען וויכטיקע היסטאָרישע פּאַסירונגען אינם יידישן לעבן — ווי די עטאַבלירונג פון מדינת ישראל. אויך דאַן האָט ישורין צוזאַמען מיט דער אַרבעטער־רינג פירערשאַפט אַרויסגעצייגט דעם נויטיקן חוש לגבי דער דאָזיקער היסטאָרישער פּאַסירונג אינם לעבן פונם יידישן פאָלק.

אויך דאַרף דאָ אָנגעמערקט און פאַרצייכנט ווערן, אַז אין דער פּע־ריאָדע איז דערגרייכט געוואָרן דער מצב פון לעגאַליזירן פולשטענדיק די טעטיקייט פון די אַרבעטער־רינג ברענטשעס אין קאַנאַדע.

ישורין שטייט אין צענטער פון אַרבעטער־רינג טעטיקייט קאַרגע 50 יאָר. ער קען דעם אַרבעטער־רינג מיט אַלע זיינע איינצלהייטן אין גייסט, אין שטרעבונג, אין פירונג. ער האָט דעם גאַנג און די אַנטוויקלונג פונם אַרבעטער־רינג באַווירקט סיי דורך זיין אָנטיילנעמען אין וויכטיקע, פירנ־דיקע קאָמיטעטן, סיי ביי קאָנפערענצן, סיי ביי קאָנווענשאָנס.

ישורין קען פערזענלעך כמעט יעדן איינעם פון דער גרויסער משפחה פון אַרבעטער־רינג טוער איבערן לאַנד. זיי קענען אים און זיי ווייסן זיין פערזענלעכע, פריינטלעכע באַציאונג צו זיי.

זיין טעטיקייט אין אַרבעטער־רינג, אין די רייען פון דער „פאָר־ווערטס״־משפחה, אין פאַרשיידענע אַנדערע צווייגן פון אונזער יידיש־סאָציאַליסטישן לעבן זיינען שיינע קאַפּיטלען פון זיין לעבן.

ישורינס ביישטראָג אויף זיין שטייגער צו דער אַנטוויקלונג און פרע־זערווירונג פון יידישע קולטור ווערטן; זיין וויכטיקע ראָל אַלס ביבליאָ־גראַף פון דער יידישער ליטעראַטור איז אַ באַזונדערער פיינער קאַפּיטל פון זיין פערזענלעכקייט.

איך ווייס, אַז דער דאָזיקער קאַפּיטל וועגן ישורינען קריגט אַן אָפּשפּיגלונג אינעם בוך און אַרטיקלען און באַגריסונגען פון אַ גאַנצער ריי וויכטיקע פערזענלעכקייטן אין אונזער יידישער קולטור־וועלט.

כ׳שליס זיך אָן אין די אַלע האַרציקע באַגריסונגען צו מיין ליבן פריינד ישורין. כ׳ווינטש אים נאָך פיל יאָרן פון געזונט און פון פרוכט־באַרער טעטיקייט אין און לטובת דעם אַרבעטער־רינג און אין אונזער יידיש־סאָציאַליסטישער קולטור געזעלשאַפטלעכער סביבה.

ל. דאָמאַנקעוויטש (פּאַריז)

# די הויכע פונקציע פון י. ישורין אין דער יידישער ליטעראַטור

ישורין 75 יאָר אַלט? ווען מען ווער מען עס איינרעדן? זיכער נישט מיר, וואָס האָט אייך ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געזען מיט דער לייכטקייט פון אַ פויגל אַרויספליען די עטלעכע שווערע עטאַזשן מיך צו באַזוכן אין רעדאַקציע פון „אונזער וואָרט" אין פּאַריז.

נו, זאָלט איר טאַקע נאָך אַזוי לייכט אַרומפליען איבער לענדער, קאָנטינענטן און עטאַזשן אין שליחות פון יידישן ציבור נאָך לכל הפּחות די עטלעכע יאָר וואָס קומען אייך צו על פּי דין און על פּי יושר צו די יידישע הונדערט און צוואַנציק יאָר.

אַ טענה האָב איך פונדעסטוועגן צו אייך: ווי נעמט מען עס אַזאַ וואונדערבאַרן יידישן משפּחה־נאָמען ווי ישורין און מען פּאָרט אים צונויף מיט אַזאַ גויאישן יעפים?

אָבער וואָס באַדייט אָט דער חטא וואָס איז מסתם נישט אייער פּער־זענלעכער, לגבי אייערע זכותים פאַר דער יידישער ליטעראַטור?

איין קלייניקייט! זיין דער אויבער־בוכהאַלטער פון אונזער וועלט־ליטעראַטור, דער חשבונות־פירער פון אַזאַ צעשפּרייטער און צעזייטער פאָלקס־ליטעראַטור!

און וואָסערער חשבונות פירער! דער ערלעכסטער געוויסנהאַפטיק־סטער און פּעדאַנטישסטער.

לאַנגע יאָרן זאָלט איר נאָך לעבן און נאָך לאַנג טראָגן די הויכע פונקציע פון זיין דער ביבליאָגראַף, פאַרצייכענער, בוכהאַלטער און קאָפּ־האַלטער פון אַלע פּאָזיציעס אין אונזער ליטעראַטור.



פאַרוואַלטונגס־ראַט פון „פאָרווערטס". ערשטע ריי פון רעכטס צו לינקס: אַלעק־סאַנדער קאַהן, ד"ר טשאַרלס רוסיאַנאָף, בענדזשאַמין שלעזינגער, ב. וולאַדעק — פאַרוואַלטער, ב. וויינבערג. צווייטע ריי: שבתי בולגאַטש, דזשייקאָב ראַטמאַן, ראובן גוסקין, אייזיק האָכמאַן, יעפים ישורין, סאַל. מעטץ

**דזשאָזעף דאָרפמאַן,**
פאַך־פאַרוואַלטער פון ניו־יאָרק דזשאָינט באָארד אַ. ק. וו. אַ. אַ.

# גענאָסע יעפים ישורין — אַ ביישפיל פאַר אַלעמען


דזשאָזעף דאָרפמאַן און יעפים ישורין

פאַר מיר איז עס אַ באַזונדער כבוד צו באַגריסן פריינד ישורין צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג. איך האָב זינט פיל יאָרן אָפּגעשאַצט זיי־נע צאָללאָזע דינסטן צו אַלע טיילן פון אונדזער באַוועגונג. אַלס טרייד־יוניאָן־מאַן און אַלס אַרבעטער־רינג טוער, האָב איך שטענדיק פאַר־שטאַנען, אַז ווען ניט פריינד ישו־רינס איבערגעבנקייט, וואָלטן מאַנ־כע אינסטיטוציעס שוין לאַנג ניט געווען אויף דער וועלט.

גענאָסע ישורין איז מיט יוגנט־לעכער פרישקייט שטענדיק געגאַנ־גען זיין וועג און ער האָט זיך קיינ־מאָל ניט געלאָזט באַאיינפלוסן פון זייטיקע אינטערעסן און זעלבסט־זיכטיקע מאָטיוון. זיינע מיטאַרבע־טער אין אַרבעטער־רינג אין „פאָר־ווערטס" און אין אַנדערע אינסטי־טוציעס זיינען אַלע מאָל אינספּירירט געוואָרן פון זיין לאָיאַליטעט און ליבע צו העלפן אַלץ וואָס איז קאָנ־סטרוקטיוו און ערהאַבן אין אונדזער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווי אַ פּראַקטישער טרייד־יוני־אָן־מאַן האָב איך באַזונדערס שטענ־דיק אָפּגעשאַצט פריינד ישורינס גראַדן שכל, וואָס ער האָט אָנגע־ווענדעט אין זיין אַקטיוויטעט אין אַרבעטער־רינג. געווען צייטן ווען דער אַרבעטער־רינג האָט געזעגלט אין שטורמישע וואַסערן און עס איז געווען אַ דאַנק דעם וואָס גע־נאָסע ישורין האָט געפירט דעם אַרבעטער־רינג ווי אַ לאָגישער קאַפּיטאַן, איז דער אַרבעטער־רינג געראַטעוועט געוואָרן.

**ס. דינגאָל**

# יעפים ישורין! דער טוער און דער זאַמלער

יעפים ישורין איז ביי אונדז דער איינציקער וואָס פירט אַ חשבון פון אַלץ וואָס ווערט געדרוקט וועגן דער יידישער ליטעראַטור און אירע שרייבער.

עס איז אוממעגלעך איצט צו דרוקן אַ ביאָגראַפיע פון אַ יידישן שרייבער אָדער אַ ביבליאָגראַפיע פון זיינע ווערק אָן דער הילף פון פריינד יעפים ישורין. ער איז דער איינציקער יידישער ביבליאָגראַף, וויניקסטנס אין אַמעריקע.

מיר דאַכט, אַז פּראָפעסאָר דב סדן, פון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, פירט אויך אַזאַ מין חשבון פון דער יידישער ליטעראַטור. אָבער איך צווייפל צי ער איז אַזוי שלימותדיק ווי ישורין, ווייל פּראָפעסאָר סדנען אינטערעסירן מער די שאַפונגען פון די שרייבער, בשעת ישורינען אינטערעסירט דער שאַפער ניט ווייניקער ווי זיין שאַפונג.

עס פעלט אין אונדזער סביבה נאָך אַ יעפים ישורין, ניט קיין ביבליאָגראַף, נאָר אַ פאַקטאָגראַף, אַ מענטש וואָס זאָל פאַרצייכענען ניט קיין ווערטער, נאָר מעשים, וואָס ווערן געטאָן און אויפגעטאָן פון אונדזער קולטור און געזעלשאַפטלעכע טוער אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין אַמעריקע. ביי אים וואָלט אונדזער פריינד יעפים ישורין פאַרנומען דעם אויבנאָן.

אונדזער יובילאַר, זאָל ער האָבן לאַנגע יאָר, צייכנט זיך אויס מיט מעלות, וואָס מעגן היינט דערמאָנט ווערן.

ער איז אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. סיסטעמאַטישקייט איז אַ טייל פון זיין נאַטור.

ער האָט ליב מענטשן און קאָן אַרבעטן מיט מענטשן. איך ווייס, אַז ער האָט אַ סך פריינד, איך ווייס ניט צי ער האָט איין שונא.

אין יעדער אָרגאַניזאַציע וואו ער איז טעטיק, — און דער אַרבעטער־רינג איז דער ליבלינג פון זיינע אָרגאַניזאַציעס, — קען עדות־זאָגן אויף ישורינס גרויסע פעאיקייטן און גרויסן בייטראָג.

אין אויסזען און באַנעמונג איז ישורין אַ שטילער און העפלעכער מענטש, אַ מענטש מיט די שענסטע מאַניערן און פריינדלעכסטער באַציאונג.

אָבער דער דאָזיקער שטילער און העפלעכער ישורין צאַמט איין אין אים דעם אַנדערן ישורין, דעם ענערגישן, עקשנותדיקן, קאָמפּסלוסטיקן ישורין, וואָס מאַכט ניט קיינע קאָמפּראָמיסן מיט די אידעען און אידעאַלן אין וועלכע ער גלויבט.

אָט די אויסערלעכע שטילקייט און די אינערלעכע שטורעמדיקע ענערגיע שטעלן צוזאַמען דעם גאַנצן ישורין.

צו זיין 75סטן יובילײ, וואָס זאָל איך אים ווינטשן?

זאָל איך אים ווינטשן נאָך פילע געזונטע און גוטע יאָרן



INTERNATIONAL
**LADIES' GARMENT WORKERS' UNION**

· · ILGWU BUILDING · ·
1710 BROADWAY, NEW YORK 19, N.Y.

DAVID DUBINSKY,
President

דעם 5טען דעצעמבער, 1960.

<u>באגריסונג צו יעפים ישורין צו זיין 75סטען געבורטסטאג</u>

מיט צופרידענקייט שליס איך זיך אן די פילע פריינט פון יעפים ישורין באגריסענדיג אים צו זיין 75-סטען געבורטסטאג.

פריינט ישורין האט געווידמעט א סך פון זיינע פרוכטבארע יארען דעם געביט פון שטארקען און באפעסטיגען דעם אידיאישען באדען פון אונזער אידישער ארבעטער-משפחה. עס איז א דאנק אזעלכע וועטעראנען ווי ער וואס די אידישע ארבעטערשאפט האט דער-גרייכט אזא שטופע פון דערפאלג.

איך שיק מיינע בעסטע וואונשען צו פריינד ישורין, אז ער זאל נאך לאנגע יארען אנגיין מיט זיין לויבענסווערטער טעטיגקייט.

דוד דובינסקי



יעפים ישורין, פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג, פּרעזענטירט דייוויד דובינסקין, פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, אַ פּלאַק צו דער געלעגנהייט פון דער אַרבעטער־רינג 50סטער קאָנווענשאָן אין 1955

Riga, 25.VII. 1935

ליבער חשובֿער ה׳ יעפֿים ישורין, ניו־יאָרק

מיט דאַנק האָב איך באַקומען אײַער פּראָספּעקטן פֿון זאַמלבוך ״ווילנע״. שוין לאַנג האָב איך ניט געלייענט אַזאַ אינהאַלט־רײַכן בוך, צונױפֿגעשטעלט מיט אַזאַ פֿלײַסיקייט, ווי אײַער בוך. עס וועט דערגאַנצן אַלע [illegible] פֿון רײַכן מאַטעריאַל, די גרויסע פּנקסים, וואָס זײַנען אומגעקומען געוואָרן אין ווילנער נאָך דער מלחמה־צײַט. אַ יישר כּוח אײַך און אַלע מיטאַרבעטער

מיט גרוס ש. דובנאָוו

בריוו פֿון דעם באַרימטן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו צו י. ישורין, אין וועלכן ער לויבט אים פֿאַר דעם צוזאַמענשטעל און דער רעדאַקציע פֿון דעם בוך „ווילנע״

---

**משה דלוזשנאָווסקי**

# געבענטשט זאָלן זײַן י. ישורינס הענט פֿאַר זײַנע מתּנות דער ייִדישער ליטעראַטור

איך באַגריס דעם חשובֿן ביבליאָגראַף און אומדערמידלעכן קולטור־טוער, יעפֿים ישורין, צו זײַן יום־טובֿ און זײַן 75־יאָריקן יובֿל. יעדער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיקער, היסטאָריקער און די ייִדישע שרײַבער, וואָס האָבן זוכה געווען, אַז י. ישורין זאָל זיי אַרײַננעמען אין זײַנע ביבליאָגראַפֿישע זאַמלונגען, וועלן בענטשן די הענט פֿון דעם בעל־היובֿל פֿאַר די וואונדערלעכע מתּנות, וואָס ער האָט געבראַכט דער ייִדישער ליטעראַטור, מיט זײַן איבערגעגעבנקייט און אויסערגעוויינלעכער פּינקט־לעכקייט, ביים זוכן און פֿאַרשן דעם צעוואָרפֿענעם מאַטעריאַל איבער דער גאָרער וועלט, וואו נאָר דאָס געדרוקטע ייִדישע וואָרט דערשיינט. איך ווינטש אים אַ סך יאָרן און כּוחות אָנצוגיין מיט זײַן פּרוכטבאַרער אַרבעט.

**לואיס האָלענדער,**
וויצע־פּרעזידענט אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס אָף אַמעריקאַ

# יעפים ישורין — אַן אינסטיטוציע וועלכע העלפט בויען אונדזער קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן

מיט פינף יאָר צוריק האָב איך געהאַט דעם כבוד צו באַגריסן מיין פּערזענלעכן פריינד יעפים ישורין צו זיין 70סטן געבוירנטאָג; היינט, מיט פינף יאָר שפּעטער, טו איך מיט פאַרגעניגן דאָס זעלבע. איך באַגריס אים צו זיין 75סטן געבוירנטאָג.

איך בין זיכער, אַז די זעלבע געפילן וואָס איך האָב צו אים, האָבן אַלע זיינע פריינד און פאַרערער, ווייל ישורין איז געבענטשט מיט אַן איינגעשאַפּט זיך איינצושאַפן פריינד אין אַלע קרייזן וואו אים קומט אויס זיך צו באַגעגענען מיט מענטשן און אין אַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואו ער איז געזעלשאַפטלעך טעטיק.

דער נאָמען ישורין איז געוואָרן אַן און פאַר זיך אַן אינסטיטוציע אין אונדזער יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן דאָ אין אַמעריקע און אין אַ גאַנצער ריי לענדער, וואו עס זיינען פאַראַן יידישע ישובים און פירן־אַן אַ יידיש קולטור־לעבן. אין די אַלע יאָרן וואָס ער איז געווען פאַרבונדן מיטן „פאָרווערטס" איז זיין טריישאַפט געווען ניט בלויז ווי פון אַ לאָיאַלן, איבערגעגעבענעם, ערלעכן און זייער פעאיקן אָנגעשטעלטן, און זיין באַציאונג צום „פאָרווערטס" איז די זעלבע וואָס מיר האָבן; עס איז



לואיס האָלענדער באַגריסט יעפים ישורינען צו זיין 70סטן געבוירנטאָג אין 1955
(די ערשטע פון רעכטס — מאַדאַם ישורין)

ווי צו אַן אינסטיטוציע, וואָס איז געווען און איז נאָך היינט אינסטרו־מענטאַל אין העלפן בויען, שאַפן און אויפהאַלטן אַלץ וואָס איז שיין, ריין און פּראָגרעסיוו אין אונדזער יידיש לעבן דאָ אין לאַנד.

זיין ראָל אין אַרבעטער־רינג ווען די פירער פון אַרבעטער־רינג זייער ברייט אַרומרעדן און אָפּשאַצן. איך וויל בלויז באַמערקן, אַז ווי אַ מיטגליד פון אַרבעטער־רינג, איז מיר זייער גוט באַקאַנט די פּאַרשיי־דענע רעפאָרמען וואָס ער האָט איינגעפירט אין דער צייט ווען ער איז געווען דער העכסטער באַאַמטער פון דער אָרגאַניזאַציע. זיינע לייסטונ־גען פאַרן „אָרט", יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און אַלע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס מאַכט אים באַליבט ביי אַלע זיינע קאָ־לעגן. דער טיטל „ביבליאָגראַף" אין דער יידישער ליטעראַטור רופט אַרויס צו אים אַ טיפן רעספּעקט און אַכטונג.

די פייערונג, וואָס ס'ווערט צוגעגרייט לכבוד ישורינען, איז פאַר־מעל אַראַנזשירט פון אַ גרופּע פּערזענלעכע פריינד, אָבער יעדער פון אונדז פילט, אַז דאָס איז אַ יום־טוב פון דער ברייטער יידישער געזעל־שאַפטלעכקייט אין איר גאַנצן פאַרנעם. ער איז אַ לעבעדיקער און ווירקנ־דיקער טייל פון אונדז אַלעמען, פּונקט ווי ער האָט אונדז אַלעמען געמאַכט פאַר אַ טייל פון זיין אייגענעם לעבן.

אין נאָמען פון די צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער, וואָס באַ־לאַנגען צו דער ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציע פון דער אַמאַלגעמייטעד קלאָ־דינג וואָירקערס יוניאָן, ווענען ישורין האָט אַלע מאָל מאָראַליש גע־האָלפן אין אַלע קאַמפן פאַר אַ בעסערן לעבן און האָט אַזוי אַרום אַ חלק אין די אַלע דערגרייכונגען פון די שניידער־אַרבעטער, ווי אויך אין מיין אייגענעם נאָמען ווי אַ פּערזענלעכער פריינד, ווינטש איך אייך, פריינד ישורין, פיל, פיל יאָרן פון געזונט, פרייד, גליק און שעפערישקייט אויף אַלע געביטן פון אייער אַקטיוון לעבן.

---

**ב. דיימאַנדשטיין** (טאָהאָנגא, קאַל.),

רעדאַקטאָר פון „ליטעראַרישע העפטן"

## עס פאָדערט זיך אייזערנער געדולד פאַר זיינע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן

חשובער פריינד, יעפים ישורין:

צו אייער פינף און זיבעציק יאָר ווינטש איך אייך אויך ווייטער אָנצוגיין מיט אַזויפיל מוט און ענערגיע, סיי ווי אַ שאַפער פון די וויכ־טיקע „ביבליאָגראַפיעס" און סיי מיט אייער פילזייטיקן שאַפן אויפן גע־ביט פון צונויפזאַמלען די שאַפונגען פון די מחברים (און די געדולד!)...

זאָל אייער ווייטערדיקער לעבנסוועג באַצירן נאָך אַ סך יאָרן פון שאַפן און פערזענלעכן גליק.

ב. דעמבלין

# יעפים ישורין

(צו זיין פינף און זיבעציק יאָריקן געבוירנטאָג)

ווען נאָר איך טראַכט וועגן אונדזער ליבן בעל היובל קומט אין מיר אויף דאָס געפיל פון וואונדער: ווי אַזוי האָט ער באַוויזן אַזוי פיל אויפֿצוטאָן? אַזוי פיל צו דערגרייכן! טאָג נאָך טאָג, אין משך פון איבער צוויי צענדליק יאָר, האָבן מיר אים געזען אין דעם נישט זייער באַקוועמען „אָפיסל", ביים אַריינקומען אין דער „פאָרווערטס"־געביידע, שטענדיק אַ פאַרטועטער, אַ פאַרנומענער איבער די קאַסע־ און געשעפטס־ביכער פון „פאָרווערטס", די גרעסטע יידישע צייטונג אין דער וועלט, אַ „דזשאָב" גענוג צו פאַרשלינגען אַ מענטש מיט אַלע זיינע חושים, דערצו נאָך זיך טעטיק ווי איינער פון די וויכטיקסטע אָנפירער אין אַרבעטער־רינג, פאַר אַ צייט אַפילו זיין דער פרעזידענט פון דעם אָרדן, זיין פאַרטאָן אין דער „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישאָן, מיטאַרבעטן אין די צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון „ייוואָ", זיין טעטיק אַרום די יוניאָנס, אין יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, אַ מיטגליד אין פאַרשיידענע דעלעגאַציעס, אין אַלערליי הילפס־קאָמיטעטן, רעדאַגירן און צונויפשטעלן פנקסים, יובילאַר־ביכער און, צו דעם אַלעם, נאָך נעמען אויף זיך, פון אייגענעם ווילן, צו ווערן דער ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור! אַן עובדה, וואָס פאָדערט אַזוי פיל געדולד, אַזוי פיל האָרעוואַניע, אַזאַ אומדערמידלעך נאָכזוכן, סאָרטירן און פאַרצייכענען יעדן בוך, יעדער רעצענזיע און נאָטיץ, יעדן וואָרט וועגן אַ שרייבער און נישט נאָר וועגן איינציקע שרייבער, נאָר כמעט וועגן יעדן פען־מענטש אין דער יידישער ליטעראַטור, אין אַלע לענדער, וואָס אין אונדזער פאַל, ווי אַ וועלט־פאָלק, מיינט דאָס שיעור נישט איבער דער גאַנצער וועלט! איז שוין אָפּגערעדט וועגן דער צייט, וואָס דאָס אַליין מאַכט יעדן צום שטוינען: ווי־אַזוי קען אַ מענטש, אַזוי שטילערהייט, אַזוי פיל אויפטאָן? אַזוי פיל דערגרייכן!

איך האָב נאָר־וואָס גענוצט דאָס וואָרט „שטילערהייט", ווייל די אייגנשאַפט איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער ליבן בעל־היובל. שטילערהייט איז ער אומעטום, וואו נאָר זיין וואָרט און זיין מיטהילף איז נויטיק. ווען געוויס די אַלע טעטיקייטן זיינע, דאָס אָנטיילנעמען און מיטאַרבעטן אין די געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס אים פאַרזיכערן זיין עולם הבא, דעם אויבנאָן צווישן אונדזערע וויכטיקסטע קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע טוער. די קרוין אָבער פון אַלע זיינע דערגרייכונגען בלייבט דאָך און וועט בלייבן לעולם ועד זיין ווידמען זיך, זיין גרויסע און הייליקע אַרבעט פאַר דער יידישער ליטעראַטור. זיין ווערן דער וויכטיקסטער, היינט־צו־טאָג דער איינציקער ביבליאָגראַף אונדזערער.

ביי יעדן פאָלק, אין יעדער ליטעראַטור, וואָס האָבן יאָ לייענער, וואָס

האָבן יאָ אַ כסדרדיקן צואוואוקס פון יוגנט, איז די ביבליאָגראַפיע דער קאָמפּאַס, דער וועגווייזער, אָן וועלכער קיין קריטיקער, קיין קולטור־אָדער ליטעראַטור־היסטאָריקער קען נישט ווי געהעריק טאָן זיין אַרבעט פון רעזומירן, פון באַלייכטן און אַרויסהייבן די וויכטיקייטן פון ווערק, די עיקרדיקע שאַפונגען פון זיין פאָלק, אַ פשיטא שוין ביי אונדז, אין דעם טראַגישן צושטאַנד אונדזערן פון נישט האָבן קיין לייענער, פון שאַפן אין אַ פוסטן חלל, צווישן אַ פאָלק וואָס וואַרפט אַוועק זיין שפּראַך, וואָס וויל זיך נישט אומקוקן אויף די אייגענע קולטור־שאַפונגען. דער תוך פון דער גאַנצער עקסיסטענץ אונדזערער. איז דעריבער דער ביבליאָגראַף ביי אונדז נאָך טויזנטער מאָל נייטיקער און וויכטיקער. אָן דער ביבליאָגראַפיע בלייבט אונדזער ליטעראַטור אַ פאַרלאָזט פעלד, אַ ווילד־פאַרוואַקסענער וואַלד, ווייל אָן אַ לייענער איז אונדזער קולטור־שאַפונג נאָך מער אָנגעוויזן אויפן קומענדיקן ליטעראַטור־היסטאָריקער, ער זאָל קומען מאַכן די גרויסע רעזומע, אונטערציען דעם סך־הכל, דעם רעזול־טאַט פון טויזנט יאָר יידיש לעבן, וואָס אונדזער יידישע ליטעראַטור איז זיין געטרייעסטער געשטאַלטיקער.

נאָר ווען מ'האָט דאָס אין זינען, קען מען געהעריק באַנעמען און אָפּשאַצן די וויכטיקייט, דעם פאַרנעם פון דער אַרבעט, וואָס אונדזער ליבער יעפים ישורין, דער בעל־היובל, האָט זיך אונטערגענומען: זיין דער בעל חשבון פון אונדזער ליטעראַטור־שאַפונג איבער דער גאַנצער יידישער וועלט!

געדענקען דאַרף מען אויך, אַז נישט בלויז התמדה, ווילן און אויס־דויער זיינען נייטיק אין אַזאַ גרויסער אַרבעט. מער פון דעם אַלעם מוז דער בעל דבר האָבן ליבשאַפט, ליבשאַפט צום יידישן שרייבער, ליב־שאַפט צום יידישן בוך און, דער עיקר, ליבשאַפט צו דער ליטעראַטור, וואָס איז דער אויסדרוק, דאָס פנים פון פאָלק.

אָט די דאָזיקע ליבשאַפט באַזיצט אונדזער טייערער ישורין, ווי קיין אַנדערער חוץ אים. און עס איז די גרויסע ליבשאַפט פאַרן יידישן וואָרט און זיין שאַפער, וואָס דערמעגלעכט אונדזער טייערן בעל־היובל אָנצוגיין אַזוי שטיל און דאָך אַזוי אומדערמידלעך מיט זיין גרויסער און הייליקער אַרבעט פון צוגרייטן אַ קאָמפּאַס, דער קומענדיקער ליטעראַטור־און פאָלקס־היסטאָריקער זאָל קענען געפינען זיין וועג ביים אונטערציען דעם סך־הכל פון אונדזער יידישער קולטור־שאַפונג.

וויל איך, ביי דער געלעגנהייט פון זיין גרייכן דעם בכבודיקן על־טער פון פינף און זיבעציק יאָר, ווינטשן אונדזער טייערן יעפים ישו־רינען נאָך אַ סך געזונט און גליקלעכע יאָרן, אים און זיין ליבער פרוי און זיין גאַנצער פאַמיליע, ער זאָל נאָך קענען אַזוי שטיל און רואיק אָנגיין מיט זיין אַרבעט פון זיין דער ביבליאָגראַף פון אונדזער יידישער ליטעראַטור.

יחיאל האָפּער (תל־אביב)

# דאָס ביסעלע וואָס מען שטודירט וועגן יידישע שרייבער וואָלט ניט דערמעגלעכט געוואָרן אָן די ביבליאָגראַפישע אַרבעטן פון י. ישורין

מען דאַרף זיין אַזוי משוגע־פאַרליבט אין דער יידישער ליטעראַטור, אַז מען זאָל איינער אַליין, אָן דער מיטהילף פון וועמענס צד דאָס זאָל נישט זיין, זיך נעמען צו אַזאַ גרויסער, שווערער און מאַטערנדיקער אַרבעט ווי די, צו וועלכער אונדזער טייערער פריינד און ליבער יובּיליאַר האָט זיך גענומען. כ׳מיין דאָ די ביבליאָגראַפישע אַרבעטן פון יעפים ישורין.

נאָר אַ משוגע לדבר אחד, נאָר אַזוינער קאָן נאָך עפּעס אויפטאָן. ליידער האָבן מיר אין דער היינטיקער משוגענער וועלט צו ווייניק אַזעלכע, וועמען די ליבע צו ליטעראַטור, און ווער שמועסט נאָך צו דער יידישער ליטעראַטור, זאָל האָבן משוגע געמאַכט.

ביי אונדז יידן, כ׳מיין אין און אַרום אונדזער יידישער ליטעראַטור, זיינען קודם־כל די שרייבער פאַראינטערעסירט אין ביבליאָגראַפיע. זיי ווילן וויסן ווער און וואו און ווען מען האָט וועגן זיי געשריבן. ביי לייטן איז די לאַגע אַביסל אַנדערש. ביי לייטן, וואו מען שטודירט ליטעראַטור איז ביבליאָגראַפיע אַ חשובער ענין אָן וועלכן מען קאָן זיך לגמרי נישט באַגיין. וואָרעם, ווי אַזוי זאָל מען אַדורכפירן אַ שטודיום איבער אַ שרייבער נישט האָבנדיק קיין ביבליאָגראַפיע פון זיינע ווערק און דער עיקר פון דעם, וואָס מען האָט וועגן אים שוין ביז איצט געשריבן?

ביי אונדז, אין דער יידישער ליטעראַטור, שטודירט מען נישט קיין שרייבער, אָדער מען טוט גאָר, גאָר זעלטן.

אָבער אַפילו דאָס ביסעלע וואָס מען טוט יאָ, וואָלט אויך נישט געקאָנט געטאָן ווערן ווען נישט די איבערגעגעבענע אַרבעט פון יעפים ישורינען. מען געניסט פון זיין אַרבעט און מען נוצט אויס זיין ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור.

ס׳איז פאַר מיר זיכער, אַז ס׳וועט קומען דער טאָג און מען וועט פאַרשטיין די וויכטיקייט פון יעפים ישורינס אַרבעט. מען וועט זיין אַרבעט צוזאַמענגנעמען און אַרויסגעבן. יעפים ישורין וועט באַקומען זיין שכר.

דערווייל ווינטש איך דעם טייערן פריינד, יעפים ישורינען, אריכת ימים ושנים, ער זאָל נאָך לאַנגע, געזונטע יאָרן פאָרזעצן זיין אַרבעט, וועלכע איז היינט פון די אַזוי זעלטענע אַרבעטן לשמה, שלא על מנת לקבל פּרס.

**י. האָרן** (בוענאָס איירעס)

# יעפים ישורין דער ביבליאָגראַף

11 דעצעמבער, 1960, „יידישע צייטונג״, בוענאָס איירעס
(צו זיין ווערן 75 יאָר)

די יידישע ליטעראַטור דאַרף האָבן אַ סך איבערגעגעבענע פריינד, פאַרליבטע בלב ונפש און איינער פון זיי איז דער ווילנער, יעפים ישורין, וואָס לעבט שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט אין נאָרד־אַמעריקע.

די יידישע ליטעראַטור שטעלט פאָר מיט זיך אַ גרויסן גייסטיקן נאַציאָנאַלן אוצר, וואָס מ׳דאַרף לייענען, לערנען, אויסטייטשן און אָפּהיטן.

אַ ליטעראַטור דאַרף האָבן ניט בלויז שרייבער און לייענער, נאָר אויך קריטיקער, היסטאָריקער, פאָרשער, רעצענזענטן, אינפאָרמאַנטן, ביבליאָגראַפן און נאָך און נאָך.

די יידישע ליטעראַטור האָט געהאַט און האָט פאַרשידענע כוחות, אָבער אַ סך יאָרן זיינען מיר געווען דורכגענומען בלויז מיט דעם, וואָס די קינסטלער האָבן זיך געמערט, זייער פּאָזיציע איז געוואַקסן און געלייענט האָבן מאַסן.

נאַטירלעך, איז דאָס אַ הויכע מדרגה ווען אַ ליטעראַטור ווירקט און באַאיינפלוסט, עס וואַקסן אויס גרויסע קינסטלער און מאַסן זיינען אינטים פאַרבונדן מיטן יידישן וואָרט. אַ ליטעראַטור האָט אָבער פאַרשיידענע עפּאָכעס. היינט לעבן מיר איבער אַ צייט ווען מ׳דאַרף העלפן איינזאַמלען אַלע ווערטן און זיי אָפּשאַצן.

עס דערשיינען הונדערטער יידישע ביכער אַ יאָר און עס לעבט אַ מחנה וואָס שאַפט און צווישן זיי אויך גרויסע קינסטלער. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז פיל, פיל ביכער זיינען מער נישטאָ אויפן מאַרק און מ׳דאַרף זיי איבערדרוקן און אַרויסגעבן.

מ׳דרוקט טאַקע יידישע ביכער אין טויזנט און אין פופצן הונדערט עקזעמפּלאַרן, מ׳דאַרף אָבער דערביי ניט פאַרגעסן, אַז די בעסטע יידישע ווערק זיינען געדרוקט געוואָרן און ווערן געדרוקט אין יידישע צייטונגען.

מיטן יונגן דור קאָן מען אָבער ניט לערנען פון צייטונגען, נאָר מ׳דאַרף ביכער, אַלטע און נייע.

אַ סך פּראָבלעמען האָט די יידישע ליטעראַטור, וואָס זיינען ניט לייכט צו לייזן, אָבער מען רייסט זיך דורך, מ׳טוט און עס דערשיינען ווערק.

דער עיקר איז, וואָס די שאַפונגס־קוואַלן זיינען ניט פאַרשאָטן.

יידיש־פוילן איז מער נישטאָ, יידן אין רוסלאַנד זיינען געצוואונגען צו שווייגן, פונדעסטוועגן האָט זיך די שעפערישקייט ניט אָפּגעטאָן.

נאָרד־אַמעריקע איז אויסגעוואַקסן ווי אַ גרויסער יידישער שאַפונגס־צענטער, אין ישראל ווערן געשאַפן יידישע ווערק, אין אַרגענטינע איז אויפגעגאַנגען אַ וואַרעמער ישוב און עס דערשיינען ביכער און אין נאָך אַ ריי לענדער זיינען אויפגעקומען פּאָזיציעס.

יידן אין די אַמעריקעס לעבן חלילה ניט אין אָרעמקייט, אָבער יידישע קולטור פעלט תמיד צו אויף שבת און אַרויסצוגעבן אַ יידיש בוך קומט אָן שווער און טיילמאָל זייער שווער.

ביי דעם אַלעם דערשיינען יידישע ביכער און מ׳שרייבט וועגן זיי און מ׳שאַצט זיי אָפּ און פיל ביכער דערשיינען מיט ביבליאָגראַפיעס.

שרייבער קענען האָבן טענות, אַז מ׳זעט ניט זייערע ביכער מיט גענוג פאַרנעם, אַז זיי ווערן ניט גענוג אָפּגעשאַצט, זיי פילן זיך, הייסט עס, געקריוודעט. איז עס נאַטירלעך, אַז אין אַ ליטעראַטור זאָלן זיין אַזעלכע, וואָס מיינען, אַז מ׳דערזעט זיי ניט.

עכטע ווערק ווערן אָבער ניט פאַרלוירן און אמתע קינסטלער ווערן סוף כל סוף דערזען און זיי באַקומען דאָס, וואָס אונדזער ליטעראַטור איז בכוח צו געבן נאָכן חורבן.

מ׳טיילט צו יעדן זיינס, און עס העלפט ניט קיין גוטברודערשאַפט. אַ שרייבער גייט מיט זיין אייגענעם כוח און טאַלאַנט.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ שרייבער פון פוילן, אַ פּאָעט און דערציי־לער, וואָס איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען פון ישראל קיין ניו יאָרק, ווייל ער האָט געוואָלט באַקומען די קרוין, וואָס איז אים געקומען און ער האָט איר באַקומען.

שרייבער האָבן זייערע שוואַכקייטן, איינרעדענישן און אויך זייערע אַמביציעס.

איך פאַרבינד דאָס אַלץ אין שייכות מיטן 75סטן יובילײ פונעם ביבליאָגראַף יעפים ישורין, וואָס קומט פאָר אין ניו יאָרק.

ווען ער איז געוואָרן 70 יאָר, איז אין ניו יאָרק דערשינען אַ זאַמלונג לכבוד אים, מיט אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען פון די אָנגעזעענסטע יידישע שרייבער, און איצט, צום 75סטן יובילײ, ווערט ווידער געגרייט אַ זאַמ־לונג לכבוד יעפים ישורין.

ער איז ניט בלויז אַ ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור. פון דעם קאָן מען אין אַמעריקע קיין לעבן ניט מאַכן און אַרויפגיין צו געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס אויך ניט.

יעפים ישורין איז אַלע יאָרן פאַרבונדן מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיטן אַרבעטער־רינג, מיטן „פאָרווערטס״, מיט דער יידישער קולטור־אַרבעט, מיטן „אָרט״, מיטן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט א. אַ.

יעפים ישורין האָט אַ פּאָר מאָל פאַרנומען דעם אַמט אַלס פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג און לאַנגע יאָרן געווען קאַסיר אין „פאָרווערטס״.

יעפים ישורין איז געקומען אַ יונגער בחור אין אַמעריקע פון אַ פאַר־מעגלעכער היים. ער האָט אָבער געמוזט אַוועק צוליב זיינע אידעען און רעוואָלוציאָנערע איבערצייגונגען פון זיין דור.

די יוגנט, די סטודענטן און ווער ניט, זיינען מיטגעריסן געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן שטראָם. שפּעטער האָבן זיך פיל געלאָזט קיין אַמעריקע און יעפים ישורין איז איינער פון זיי.

ער האָט זיך אָבער אין נאָרד־אַמעריקע ניט פאַרלוירן. אין אָט דעם

גרויסן קעסל איז ער ניט פאַרצערט געוואָרן, נאָר זיך אַרויסגעהויבן, געוואָרן אַן אַדרעס.

היינט איז אויף 175 איסט בראָדוויי אַ סך שטילער, יעפים ישורין איז אָבער אויפגעגאַנגען אין יענער צייט ווען עס האָט געטרוישט און געשטורעמט און עס האָבן געלעבט פיל פערזענלעכקייטן.

אַז מיר לייענען היינט די געשיכטע, זכרונות, זעען מיר, וואָס אַלץ זיי האָבן דאָרט דורכגעמאַכט, גיין אויף קאַמף פאַר אידעען, וואָס זיינען דאָרט געפירט געוואָרן.

ביי דעם אַלעם האָט אָבער יעפים ישורין געהאַט צייט, געדולד צו ווערן דער ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור.

ער איז ניט דער איינציקער, ער איז אָבער דער סאַמע אַקטיווסטער, וואָס טוט זיין אַרבעט מיט גרויס ליבשאַפט.

אָן דער פאַרליבטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור, אָן אָפּצושאַצן דעם גרויסן ווערט פון דער ליטעראַטור, אָן פילן דעם גרויסן דרך־ארץ צום שרייבער, וואָלט ער זיין אַרבעט ניט געטאָן, וואָלט ער גאָרניט דערגרייכט.

יעפים ישורין טוט אַן אַרבעט פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וואָס עס דאַרף טאָן אַ גאַנצער שטאַב, און וואו עס דערשיינען ביכער איז ער דאָ מיט זיינע ביבליאָגראַפיעס, און שפּעטער, דערשיינען אויך באַזונדערע אָפּצוגן.

אָט ליגט איצט אויף מיין טיש אַ טייל פון זיינע ביבליאָגראַפיעס וועגן דיכטער: מאַני לייב, פּובליציסט הלל ראָגאָף, דעם קריטיקער שמואל ניגער, דעם דיכטער משה בראָדערזאָן, דעם ראָמאַנען שרייבער יעקב דינעזאָן, דעם דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, דעם דיכטער א. לוצקי, דעם היסטאָריקער דר. יעקב שאַצקי, דעם שרייבער בייניש מיכאַלעוויטש דעם דיכטער און ליטעראַטור־פאָרשער נ. ב. מינקאָוו, די אַב. קאַהאַן ביבליאָגראַפיע און די מענדעלע מוכר ספרים ביבליאָגראַפיע.

יעפים ישורין האָט שוין צוגעגרייט ביבליאָגראַפיעס פון אַ 60 שרייבער און ער גייט מיט זיין אַרבעט אָן ווייטער.

ער ווערט ניט מיד, שרייבט צו אַלע פאַרלאַגן, אַז מ'זאָל אים שיקן ביכער, מאַטעריאַלן און אַזוי ווערן געבוירן זיינע ביבליאָגראַפיעס.

ווען מאַכט ער דאָס? — פרעגן פיל.

ווען האָט ער צייט אַזוי פיל צו אַרבעטן?

ווען אַ מענטש שטעלט זיך אַ לעבנס־ציל צוזאַמענצושטעלן ביבליאָגראַפיעס, איז ניט צו פרעגן וועגן צייט. אין אָט דעם פאַרביזנעוועטן אַמעריקע איז ער, יעפים ישורין, איינער פון די, וואָס גיט פרייוויליק זיין צייט און אַרבעט, פאַר דער יידישער ליטעראַטור. און צו דעם איז ער פון די ערשטע פיגורן אין אַרבעטער־רינג און אין נאָך אָרגאַניזאַציעס.

דער ווילנער, יעפים ישורין, האָט דאָס מערסטע פון זיין לעבן דורכגעמאַכט אין אַמעריקע, אָבער דער אידעאַליזם פון זיין יוגנט איז אַלץ געבליבן.

# יעפים ישורינס סאָציאַליסטישער יחוס






מאיר (איסידאָר) באַרעל, שוועסטער־קינד פון י. ישורין. איינער פון די פּיאָנערן סאָציאַלסיטן אין ווילנע אין זונדעלעוויטשעס קרייזל. געשטאָרבן אין 1935 אין סאָוועט־רוסלאַנד

ל ע אָ ן בערנשטיין, שוועסטער־קינד פון י. ישורין. איינער פון די ערשטע בונדיסטן אין ווילנע. מחבר פון בוך „ערשטע שפּראָצונגען". לעבט איצט אין פּאַריז



וולאַדימיר סאַוועלעוויטש וואָיטינסקי, גליד־שוועסטער־קינד פון י. ישורין. באַרימטער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַט און עקאָנאָמיסט, מחבר פון עטלעכע וויכטיקע טעאָרעטישע ביכער. איז די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן געווען אין אַמעריקע און האָט אָנגעהאַלטן אַ וויכטיקע שטעלע אין דער אַמעריקאַנער רעגירונג. געשטאָרבן אין וואַשינגטאָן

**א. הגלילי**

# דער פאַרדינסטפולער ביבליאָגראַף

(צו י. ישורינס 75־סטן געבוירנטאָג)

כ׳ווייס ניט ווען יעפים ישורין האָט באַשלאָסן צו ווערן דער ביב־ליאָגראַף פון די אָנגעזאַמלטע יידישע קולטור אוצרות. ס׳איז אָבער גאָר קיין ספק ניט, אַז יענער באַשלוס איז געווען פון גרויסן ווערט פאַרן יידישן שרייבער און וויסנשאַפטלער. אין די פאַרגאַנגענע 50־60 יאָר איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַזאַ וואונדערלעכער בנין פאַרן יידישן וואָרט־אוצר, פאַר דער יידיש־שאַפנדיקער קונסט, וואָס קיינער האָט וועגן דעם ניט געחלומט. אויב עמעצער וועט זיך איצט אַרויסלאָזן אויף אַ שפּאַציר איבער די זאַלן פון אונדזער קולטור־היכל, וואו עס ליגן איינגעזאַמלט אונדזערע גייסטיקע אוצרות, וועט ער נתפעל ווערן פון דער געוואַלדיקער עשירות, וואָס עס וועט זיך אַנטפּלעקן פאַר זיינע אויגקן.

ס׳האָט באַדאַרפט קומען אַ מענטש מיט עקשנות און התמדה און זיך נעמען די מי צו פאַרצייכענען די ווערק פון יעדן שרייבער. ישורין האָט שוין ביז היינט אָפּגעטאָן אַ ריזיקן טייל פון דער אַרבעט, וואָס האָט געוואַרט אויף אים. היינט־צו־טאָג איז שוין גאָר אַ גרויסער חידוש ווי אַזוי זיינען מיר אויסגעקומען אָן י. ישורינען. קולטור פון אַ פאָלק, גע־שאַפן און געזאַמלט אין אַ משך פון דורות מוז האָבן איר באַלעבאָס, איר געטרייען שומר, איר ביבליאָגראַף. אויב עמעצער נייטיקט זיך אין ידיעות, אין אינפאָרמאַציע וועגן אַ שרייבער, וועגן אַ קינסטלער, וועגן אַ פּאָעט אָדער אַ פּראָזע־שרייבער, מוז ער פריער פון אַלץ זיך מטריח זיין און קריגן די שליסלען ביי ישורינען, און ערשט דעמאָלט וועלן זיך פאַר אים עפענען די טירן פון אונדזער קולטור־היכל. ס׳איז כמעט אומ־גלויבלעך ווי אַזוי ער האָט ביז איצט צונויפגעשטעלט אַ קאַרטאָטעקע פון, אפשר, אַ האַלבן מיליאָן קאַרטלעך. אַוודאי וואָלט אַ ביבליאָגראַפישע צענטראַלע מיט אַ צאָל געהילפן דאָס געקענט דערוווייזן, אָבער ווען דאָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן פון אַ יחיד, מוז עס אַרויסרופן — השתוממות.

אמת, פאַר דעם דורכשניט לייענער איז ביבליאָגראַפיע, מסתמא, אַ לאַנגווייליקער ענין, וואָס האָט ניט קיין „מעשה״, קיין „העלדן״, קיין „סוזשעט״ און אַוודאי ניט קיין „דראַמאַטישע קאָנפליקטן״... נייערט די וואָס אינטערעסירן זיך מיט דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור אין אַלע אירע אַספּעקטן, — פאַר יענע לייענער איז ביבליאָגראַפיע גאָר־גאָר אַ חשובער ענין, וואָס באַלייכט זיי דעם וועג סיי פון דעם כוללדיקן פאָלקס־שאַפן און סיי פונעם יחיד, וואָס טראָגט אַריין זיינע פּירות אין דעם פאָלקס שייער.

פאַר דעם אמתדיקן לייענער איז ביבליאָגראַפיע ניט קיין אומעטיקער און אַוודאי ניט קיין לאַנגווייליקער ענין. אַדרבא, עפענט אויף די ביב־ליאָגראַפיע פון אַ באַרימטן יידישן שרייבער און איר וועט פון די פאַר־

צייכענונגען זיך באַקאָנען מיט אַלע עטאַפּן פון זיין שאַפן, ווי אַזוי ער איז געגאַנגען פון מדרגה צו מדרגה, וואָס און ווען ער האָט געשאַפן און דענטסמאָל וועט איר פאַרנעמען דעם סוד פון זיין באַרימטקייט. ס׳איז ממש דראַמאַטיש־שפּאַנענדיק אַרונטערצולייענען דעם שאַפונגס־וועג פון דעם קינסטלער, וואָס האָט געמאַכט די ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור ווי אַן אָנהייבער, און שפּעטער פאַרנומען אַ מזרח־אָרט אין דעם פאָלקס ליטעראַטור.

אָן דער הילף פונעם ביבליאָגראַף קען דער בעסטער לייענער ניט וויסן, וואָס מען האָט ביז איצט פאַרשריבן און אַרויסגעגעבן אין ביכער און פּנקסים וועגן אונדזער גרעסטן — אונדזער דריטן חורבן. דער בעסטער לייענער ווייס ניט, קען אפשר ניט וויסן, אַז ס׳זיינען דערשינען הונדערטער ביכער, אפשר, וואָס גיבן אונדז קוים אַן השגה פון אונדזער גרויליקן חורבן. פונקט אַזוי וויסן מיר זייער, זייער ווייניק פונעם גרויסן נס פון אונדזער פאָלקס באַנייאונג, און פון דער מלחמה פאַר זיין באַפרייאונג, וועגן וועלכער ס׳איז אַזוי פיל געשריבן געוואָרן.

רעדנדיק וועגן דער וויכטיקייט פון ביבליאָגראַפיע און ישורינס שייכות צו איר, וועל איך מיר דערלויבן זיך אָפּשטעלן אויף אַ פּערזענלעכער דערפאַרונג: דער אַרבעטער־רינג בילדונגס־קאָמיטעט האָט מיר פאָרגעלייגט צונויפצושטעלן אַן אַנטאָלאָגיע פון לידער וועגן ארץ ישראל. איך האָב אַזאַ אַנטאָלאָגיע מיטן נאָמען: „ארץ ישראל אין דער יידישער פּאָעזיע״ צונויפגעשטעלט. בעת מיין אַרבעט אויף דער אַנטאָלאָגיע בין איך דורכגעגאַנגען די יידישע פּאָעטישע ליטעראַטור פאַר די פאַרגאַנגענע פופציק יאָר. איך האָב צונויפגעזאַמלט איבערגענוג מאַטעריאַל. י. ישורין האָט געהאַט געהערט פון מיין אַרבעט. ער האָט מיר פאָרגעלייגט אַרויפצוקומען צו אים אַהיים, און מיר ווייזן די לידער וועגן ארץ ישראל, וואָס ער האָט דענסטמאָל געהאַט אויפגעזאַמלט. אַוודאי האָב איך זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און בין געפאָרן צו דער „ביבליאָגראַפישער צענטראַלע״, וואָס געפינט זיך טאַקע ביי אונדזער פריינד ישורין אין שטוב, מיט דער כוונה צו באַקאָנען זיך מיט דעם אויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל.

אויפן וועג צו פריינד ישורינס היים האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַז קיין איבעררעשונגען דאַרף איך זיכער ניט דערוואַרטן, און אַז ס׳גלויבט זיך מיר ניט, אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ליד, וואָס איך האָב נאָך ניט געזען.

ישורין האָט פאַר מיר געעפנט די טיר פון זיין היים און מיך אַריינגעפירט אין אַ חדר מיוחד און מיך געבעטן זיצן. ער האָט מיך געבעטן וואַרטן אַ רגע און באַלד טאַקע איז ער צוריקגעקומען מיט אַ שטויס לידער אין זיינע הענט. זיי זיינען געווען אַרויסגעשניטן פון כלערליי צייטשריפטן און מיט זאָרגפולקייט אַרויפגעקלעפּט אויף ווייס פּאַפּיר. איך האָב אין זיי אַריינגעקוקט, געבלעטערט, געלייענט און — ווידער איז ישורין נעלם געוואָרן, און מיט אַ רגע שפּעטער צוריקגעקומען מיט אַ נייעם שטויס לידער. ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט, האָב איך זיך

דערזען זיצן אַרום אַ טיש אָנגעהויפּט מיט אַ באַרג לידער וועגן ארץ ישראל. ישורין איז דערנאָך די גאַנצע צייט געזעסן לעבן מיר און געקוקט ווי איך קוק אַריין אין ליד נאָך ליד און איז אַ האָר ניט נתפּעל געוואָרן פון מיין התפּעלות, פון מיין צענומענקייט. איך בין געזעסן און שטום געקוקט דאָ אויפן באַרג לידער וועגן ארץ ישראל און דאָ אויף ישורינען, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן און געקוקט אויף מיר קאַלט, ערנסט צעטראַכט און שטרענג „ביבליאָגראַפיש״.

הונדערטער לידער פון דער גאָרער יידישער וועלט האָט י. ישורין געהאַט אויפגעזאַמלט. פונעם „אַוואַלאַנש״ לידער האָט מען געקענט זען, אַז אונדזער פאָלק האָט זיך עס אַביסל צעפריידט און צעגדולהט, וואָס מיט אים האָט אַזאַ נס געטראָפן. דאָס געזאַנג האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן כדור הארץ. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי יעדער איינער, וואָס האָט געקענט האַלטן אַ פּען אין האַנט, האָט עס באַטראַכט פאַר זיין חוב אויסצודריקן זיין פרייד מיט מדינת ישראל דורך אָנשרייבן אַ ליד.

ס׳וועט ניט זיין קיין גוזמא ווען כ׳וועל זאָגן, אַז ישורין האָט אויפגעזאַמלט הונדערטער, אַ סך, אַ סך הונדערטער לידער וועגן די שטעט ירושלים און צפת. אין אַ סך פון די לידער זינגט דער פּאָעט וועגן דעם עמק, וועגן דעם נגב און וועגן סתם ניסים ונפלאות, וואָס זיינען געשען מיט אונדזער פאָלק. אַוודאי זיינען צווישן אָט די הונדערטער לידער געווען ניט ווייניק ווערטלאָזע, ניט קיין קינסטלערישע לידער. עס זיינען אָבער אויך געווען לידער פון באַרימטע יידישע פּאָעטן. י. ישורין איז געווען זייער פריינדלעך און מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו באַנוצן מיט דעם מאַטעריאַל. איך באַנוץ זיך מיט דער געלעגנהייט און דריק אים אויס מיין יישר־כח.

ער האָט מיר שפּעטער געוויזן זיין זייער רייכע ביבליאָטעק און דער עיקרשט די לאַבאָראַטאָריע, זיין ווערקשטאַט וואָס איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט קאַרטאָטעקעס און כלערליי פּאַרטיקן און רויען מאַטעריאַל פאַר זיינע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן.

אונדזער בעל־היובל, דער זייער פריינטלעכער יעפים ישורין, חלומט אַוודאי פונעם טאָג ווען עס וועט געשאַפן ווערן אַ „ביבליאָגראַפישע צענטראַלע״, וואָס וועט האָבן איר אייגענעם בנין און אַ צאָל מיטאַרבעטער, וואָס וועלן אונטער זיין דירעקציע אָנפירן מיט דער אַרבעט. לעת־עתה איז דאָס, אפשר, אַ חלום; ס׳האָט אָבער באַדאַרפט ווערן אַ ווירקלעכקייט. ער האָט עס כשר פאַרדינט. איך ווייס ניט פון קיין אַנדערן ביבליאָגראַף, וואָס זאָל האָבן אַזוי פיל ליבשאַפט, געטריישאַפט און טיפע אינערלעכע באַציאונג צום יידישן וואָרט, ווי דאָס האָט — יעפים ישורין. ער איז ווי „געבוירן״ פאַר אַזאַ ערנסטער קולטור־אַרבעט: זיין שטרענגע פּינקטלעכקייט, זיין אַבסאָלוטע אָביעקטיווקייט, זיין וויסנשאַפטלעכע קאָמפּעטענץ הייבט אים אַרויס ווי אַן ערשט־ראַנגיקן ביבליאָגראַף. צו זיין איצטיקן יום־טוב, צו אייער יום־טוב — ווינטש איך אייך געזונט און אריכת ימים.

י. ש. הערץ

# מיט אחריות און ליבשאַפט

די לעצטע יאָרן זיינען דערשינען אַ היפּשע צאָל ביכער, וואָס האָבן צום סוף אַ ביבליאָגראַפיע, צונויפגעשטעלט פון יעפים ישורין.

דאָס איז אַ שווערע און וויכטיקע אַרבעט. שווער — ווייל עס פאָדערט לאַנגיאָריקע פּאַראינטערעסירונג און כסדרדיקע פאָרשונג און פאַרציכענונג. וויכטיק — ווייל עס גיט אַ מעגלעכקייט צונויפצושטעלן אַן אינווענטאַר פון דער ליטעראַטור, פון גייסטיקער שאַפונג, פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ביבליאָגראַפיע בכלל קען נישט זיין קיין שאַפונג פון איין מענטש, אָבער איינצלנע מענטשן דאַרפן זי שאַפן. און יעפים ישורין שאַפט אַ גרויסן חלק. כדי מ׳זאָל עס טאָן, מוז מען פאַרמאָגן אַ סך אחריות און ליבע פאַר דעם שרייבער און פאַר דער ליטעראַטור — אַ צדקה לשמו ולשמה.

דער מלאך פון שיכחה אַרבעט טיכטיק. טרעפט מען דעריבער אין די ווערק פון אַלע שפּראַכן פיל טעותן און פאַרדרייעענישן. צוליב אָביעקטיווע און סוביעקטיווע טעמים זיינען יידן שטאַרק מיטבאַטייליקט אין דער „פּראָדוקציע״. ביבליאָגראַפיע קען העלפן באַקעמפן די חולאת, אויב ס׳איז פאַראַן דער ווילן צו דעם.

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ פאַקט פון די פאַרגאַנגענע יאָרן. איינער פון די סאַמע אָנגעזעענסטע יידישע וואָרטזאָגער האָט אין זיינס אַן אַרטיקל נישט ריכטיק איבערגעגעבן וועגן אַ געוויסער היסטאָרישער געשעעניש. אַ מענטש, וואָס האָט דעם ענין גוט געקענט, האָט אים געשריבן אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אים אָנגעגעבן דעם מקור מיט די ריכטיקע פאַקטן און געבעטן אין נאָענטסטן אַרטיקל צו פאַרריכטן דעם טעות. אַנשטאָט אַרויסצופירן זיינע לייענער פון טעות האָט דער שרייבער יוצא געווען מיט אַ פאַרענטפערונג פאַרן בריוו־שרייבער: — ווער האָט עס צייט און געדולד צו גיין זיך גריבלען אין די ביבליאָטעקן און אַרכיוון, בפרט ווען מ׳איז שוין אויף דער עלטער...

יעפים ישורין איז שוין אויך אויף דער עלטער (ס׳האָט נישט קיין צוועק דאָס צו באַהאַלטן, ווען אין דער אויסגאַבע וועט שטיין בפירוש, אַז זי איז לכבוד זיין 75־יאָריקן יובילײ). נישט געקוקט אויף דעם, זיצט ער יאָ אין די ביבליאָטעקן און אַרכיוון, זוכט מיט התמדה אין די פאַרשטויבטע ביכער און פאַרגעלטע בלעטער פון די צייטונגען און זשורנאַלן. ער וויל ראַטעווען פון פאַרגעסנקייט און פאַרלוירנקייט גייסטיקע שאַפונגען און מעשים פון געזעלשאַפטלעכער באַדייטונג. ער עפנט טיר און טויער פאַר די, וואָס ווילן געפינען.

ביי דער געלעגנהייט איז אויפן אָרט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער נויטיקייט צו שאַפן אַ ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער אַרבעטער־

באַוועגונג. צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשיידענע לענדער און שפּראַכן זיינען די מחשבות און מעשים פון די יידישע אַרבעטער. זיי האָבן אומעטום געקעמפט און געשאַפן. שוין דריי דורות ווי די יידישע אַרבעטער זיינען אַרויף אויף דער היסטאָרישער אַרענע און זיינען געגאַנגען מיט אַן אייגענעם וועג, פול מיט דערנער, פול מיט קרבנות. צי זאָל די גרויסע דראַמע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פאַרשיידענע פלאַכן, אין כל־המינים פּרטים, פאַרשלונגען ווערן אין תהום פון פאַרגעסנקייט?




קאַרטון וועגן יעפים ישורין

**אַב. הערשקאָוויץ,**
קאַסירער פון אַרבעטער־רינג

# אַ מענטש פון פּראַקטישקייט און אינטעליגענץ

(צום פינף און זיבעציק יאָריקן געבורנטאָג פון מיין פריינד **יעפים ישורין**)

אין משך פון די צענדליקער יאָרן וואָס אונדזער יובילאַר, **יעפים ישורין**, האָט געדינט דעם אַרבעטער־רינג און אונדזערע קולטור־אינ־סטיטוציעס, האָט ער זיך געשאַפן אַ גרויסע צאָל פריינד, וועלכע האָבן צו אים די גרעסטע אַכטונג פאַר זיין פּראַקטישקייט, אינטעליגענץ און זיין גרויסן ביישטייער צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

זיינע טויזנטער פריינד, וואָס דער יובילאַר האָט זיך געשאַפן אין די רייען פון אַרבעטער־רינג און אין אַלע אַנדערע צווייגן אין אונדזער יידיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, פילן זיך היינט באמת יום־



אַב. הערשקאָוויץ און יעפים ישורין

טובדיק, ביי דער היינטיקער שמחה, וואָס צו זיין 75 יאָריקן יובילײ איז ער נאָך היינט אַזוי יונג און אַרבעטסזאַם ווי ער איז געווען ווען ער איז צו אונדז געקומען און געהאָלפן אויפבויען אונדזער גרויסן אָרדן.

אין דער געשיכטע פון אַרבעטער־רינג וועט אונדזער יובילאַר אָן צווייפל פאַרנעמען איינע פון אירע שענסטע קאַפּיטלעך פון איר אַנט־וויקלונג. יעדן אַמט וואָס ישורין האָט פאַרנומען — אין די אַלע יאָרן וואָס ער איז טעטיק אין אַרבעטער־רינג, צי דאָס איז געווען דער העכ־סטער אַמט אין דער אָרגאַניזאַציע, און צי דאָס איז געווען אין קאָמי־טעטן ביי אירע קאָנווענשאָנס, — האָט ער אונדז געבראַכט גרויס חשיבות און געטאָן זיין אַרבעט מיט טאַקט, ליבע און קענטעניש. עס

זיינען געווען מאָמענטן אין זיין טעטיקייט ווען פילע טוער זיינען מיט אים נישט געווען מסכים ווי אַזוי ער האָט באַהאַנדלט געוויסע פּראָבלע־מען אין אַרבעטער־רינג, און אָפּטמאָל זיינען פאָרגעקומען שאַרפע מיי־נונגס־פאַרשיידנקייטן צווישן אים און די טוער, אָבער אַלע האָבן צו אים געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַר זיין אויפריכטיקייט און פריינ־ציפּן־אויסגעהאַלטנקייט, וואָס איז אויסן געווען די אינטערעסן פון דער אָרגאַניזאַציע, אָן וועלכע עס איז פערזענלעכע אַמביציעס.

אַ באַזונדער שיינעם קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אַרבעטער־רינג וועט אונדזער יובילאַר פאַרנעמען אין דעם קאַמף, ווען די קאָמו־ניסטן האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן די אָרגאַניזאַציע פאַר זייערע פּאַרטיי־אינטערעסן. נישט דאָ איז דער פּלאַץ צו געבן אַ געהעריקע אָפּשאַצונג פון יענעם היסטאָרישן קאַמף וואָס ישורין האָט געפירט קעגן די וואָס האָבן דעם אַרבעטער־רינג שיעור נישט דערפירט צום אָפּגרונט. ער האָט די דאָזיקע שלאַכט געפירט ווי אַ געניטער גענעראַל און געוואו־נען דעם צוטרוי פון די לאָיאַלע מיטגלידער וואָס האָבן מיט אים גע־קעמפט, און זיי אָנערקענען דאָס ביז דעם היינטיקן טאָג.

דעם לעצטן מאָל ווען ישורין איז געווען פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג, זיינען געווען די יאָרן פון רעקאָנסטרוקציע פון אונדזער פּאָלק, וואָס האָט זיך געראַנגלט נאָך די ביטערע מלחמה־יאָרן, וואו מיליאָנען פון אונדזערע ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען, און הונדער־טער טויזנטער פאַמיליעס וואָס זיינען געבליבן לעבן, האָבן זיך געוואַל־גערט אין די לאַגערן פון אייראָפּע און געזוכט הילף צו קענען זיך ווי־דער איינאָרדענען, און פירן אַ נאָרמאַלן לעבן. דער אַרבעטער־רינג, וואָס איז דער וויכטיקסטער כוח אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, האָט דערהערט דעם דאָזיקן רוף פון די אומגליקלעכע און איז זיי געקומען צו הילף, און טויזנטער פאַמיליעס געהאָלפן אויסוואַנדערן אין פילע דע־מאָקראַטישע לענדער. דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט און דער אַר־בעטער־רינג זיינען אַ שם דבר ביי די דאָזיקע מענטשן, און אונדזער יובילאַר, וואָס איז געווען דער פאָרשטייער פון אַרבעטער־רינג ביים יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, האָט בייגעטראָגן זיין חלק אין דער דאָזי־קער הייליקער אַרבעט וואָס האָט געראַטעוועט די קרבנות פון היטלע־ריזם פון פאַרניכטונג.

די אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג און די יידישע אָרגאַניזאַ־ציעס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין שאַפן אין אַמעריקע אַ גינס־טיקע שטימונג, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג זאָל שטימען אין דער „יו־ען" פאַר דער עטאַבלירונג פון אַ יידישן שטאַט אין ארץ ישראל. אין דער דאָזיקער באַוועגונג האָט דער אַרבעטער־רינג געשפּילט אַ וויכ־טיקע ראָלע. דאָ האָט אונדזער יובילאַר זיך נישט גערעכנט מיט דער אַלטער דאָגמאַטישער אידייע, וואָס איז אפשר געווען אויסגעהאַלטן בע־פאָר די מלחמה־יאָרן, און ער איז אַרויסגעטראָטן פאַר דער זעלבסט־שטענדיקייט פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ ישראל און האָט דערביי

זיכער אויסגעדריקט די שטימונג און געפילן פון די זיבעציק טויזנט מיטגלידער און זייערע פאַמיליעס, ווען ער האָט פאַרטראָטן. און ווען מדינת ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, האָט דער אַרבעטער־רינג — אונטער זיין פירערשאַפט — באַגריסט די נייע מדינה און העלפט איר אויפצובויען אַ קולטורעלן און עקאָנאָמישן לעבן.

עס איז געווען אונדזער יובילאַרס איניציאַטיוו צו שאַפן פאַנדן צווישן די מיטגלידער אין אַרבעטער־רינג אויפצובויען דעם אַרבעטער־רינג שפּיטאָל אין נגב, אין מדינת ישראל; דאָס אַרבעטער־רינג פאָלקס־הויז אין פראַנקרייך; עס איז געווען אונדזער יובילאַר, וואָס האָט אַ דאַנק זיין פירערשאַפט נאָך פאַרשטאַרקט און צעמענטירט די פריינד־שאַפט צווישן דעם אַרבעטער־רינג און דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט. און ווען מיר פייערן היינט אַ דאַטע פון אַ יובילעאום פון אַ יחיד, פייערן מיר גלייכצייטיק אַ יובילעי פון אַן עפּאָכע, פון כמעט אַ האַלב יאָרהונדערט פון קאָנסטרוקטיוון אויפבוי פון אַ מעכטיקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער דער יובילאַר, יעפים ישורין, האָט געמאַכט אַ גרויסן ביטראָג.

זיינע טויזנטער פריינד שיקן אים צו זיין 75 יאָריקן געבורטנטאָג זייער ברכה און ווינטשן אים נאָך לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטי־קייט אין אונדזער אָרגאַניזאַציע, פאַר אונדזער קולטור און פאַר דער גאַנצקייט פון אונדזער פאָלק.

---

**אלחנן וואָגלער** (פּאַריז)

## דער היטער פון אונדזער רייכטום

מיטן ביבליאָגראַף יעפים ישורין פאַרבינדן מיך די פעדעם פון אונ־דזער געבורטשטאָט. ער איז דער רום פון דער יידישער ווילנע און לעבט פון כמה יאָרן אין ניו־יאָרק. ווען איך באַגעגן אים אַמאָל אין פּאַריז, גייט־אויף פאַר מיר דער ווילנער אָטעם און ווייעט צווישן פרעמדע מויערן און ווענט. איר אָפּבילד שוועבט אויף די שורות פון זיינע ווערק און איז פאַראייביקט אין דעם ניגון פון זיין ווילנער אויסשפּראַך, וועל־כער באַגלייט מיך אויפן פּאַריזער ברוק. ער ציטערט ווי אַ שטראַל אויף אַלע זיינע ביבליאָגראַפיעס וועגן יידישע שרייבער.

יעפים ישורין איז די פאַרוואַנדלונג פון אַ ציטערדיקער עדה. ער איז אַ טייל פון דער יידישער ווילנע און איז פאַרקליידט אינעם גרויען אַר־בעטסמענטש פון דער וואָך. זיין שורש דאַרף מען זוכן צווישן די חורבות, איבער ווייטע ימען, אונטער אַ פאַרוואָלקנטן הימל, וואו זיינע ברידער האָבן אויסגעהויכט די נשמות און אין די אידעען פון הירש לעקערט. ער איז פון דורות פאַרקנאָטן מיט איר ערד.

איטלעכער מענטש פֿאַרמאָגט זיין גאָט. פֿאַר איינעם איז דאָס דער גלויבן אין טוגנט און פֿאַרן צווייטן איז דאָס גערעכטיקייט. ווילנע איז ישורינס אייביקע ליבע. ער הילט זיך אין איר שכינה. גאָט לעבט אין אירע חורבות, די שטיינערנע תפילה. פּאַריז איז די רעזידענץ פֿון שיינ־קייט. דאָ איז נישט פֿאַראַן קיין גאָט און קיינער וועט נישט הערן דיין תפילה.

מיר זיינען פֿאַרטריבן פֿון דער היים און צעשפּרייט איף גאָר דער וועלט, און טראָגן די אחריות פֿאַר אונדזער פֿאָלק פֿאַרצווזעצן די טראַ־דיציע פֿון אונדזער היימשטאָט, אומעטום אין דעם לאַנד וואו מיר גע־



דער דיכטער אלחנן וואָגלער און יעפים ישורין אין פּאַריז אין 1957

פינען זיך. דאָס איז אַ העלער פֿאָדעם, וואָס פֿאַרבינדט אונדז מיטן עבר.

יעפים ישורין איז דער סאַמע אינגסטער און פלייסיקסטער פֿון אַלע ווילנער. ער איז דער היטער פֿון אונדזער אַלטן רייכטום. ער היט־אָפּ דעם יחוס־בריוו פֿון ווילנע, געשריבן אויף פּאַרמעט און פֿון דער יידי־שער ליטעראַטור, צווישן די פּילצאָליקע בלעטער, אין די דלד־אַמות פֿון זיין אַלקער.

זאָל זיין יוגנט אונדז ביישטיין, מיר זאָלן נישט פֿאַרצווייפלט ווערן אין די טעג פֿון חורבן, אין דעם וואַנדערלעבן און אין אונדזער טרויער נאָך ווילנע. יעפים ישורין איז אַ מוסטער פֿון איר המשך.

די עטלעכע אָנגעוואָרפענע צייל, געשריבן ערגעץ אין אַ פֿאַר־שטאָט פֿון פּאַריז, אין אַ פֿרעמדן לאַנד, זיינען אַן אויסדרוק פֿון מיין גרויס פֿאַרערונג צו דעם יובילאַר. איך בין שטאָלץ, וואָס מיר איז באַ־שערט צו זיין יעפים ישורינס אַ לאַנדסמאַן. לאָמיר זוכה זיין צו פֿייערן זיין אַכציק־יאָריקן געבוירנטאָג פֿאַרן וואויל פֿון אונדזער פֿאָלק און דער יידישער קולטור.

**מ. וואַלדמאַן** (פּאַריז)

# ישורינס פּאַרדינסטן וועלן ערשט דאַן אָפּגעשאַצט ווערן, ווען אַלע זיינע מאַטעריאַלן וועלן קריגן אַ תּיקון אין ביכער

ווען דער יובל־קאָמיטעט האָט מיר אָנגעזאָגט אַז ישורין איז געוואָרן אַ 75־ער — מיט מזל! — איז מיר גראָד געלעגן פאַר די אויגן אַ בריוו פון בעל־יובל, וואו ער בעט מיך אים צו שיקן צוויי ניי־דערשינענע ביכער אין פּאַריז. איינס, שלום־עליכמס דערציילונגען וואָס עס האָבן איבער־געטראָגן אויף פראַנצויזיש צוויי יידישע שרייבער־פּעדאַגאָגן — י. פּוגאַטש און יוסף גאָטפּאַרשטיין. דאָס צווייטע בוך, אַן אַלמאַנאַך, וואָס די היגע



דער דיכטער משה וואַלדמאַן און י. ישורין
(פאָטאָגראַפירט אין פּאַריז)

שרייבער, לויט ישורינען, האָבן שוין געדאַרפט האָבן אַרויסגעגעבן — נאָר געפינט זיך נאָך דערווייל אין דרוקעריי, וואו עס ווערט, ערשט אַ האַלב יאָר שפּעטער געענדיקט — אָבער ישורין האָט עס שוין אינזינען געהאַט צו האָבן פאַר זיינע אַרבעטן.

וועגן זיין „פּאַסיע" — זאַמלען און פאַרצייכענען אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו יידישער ליטעראַטור — איז דאָך שוין אַזויפיל גערעדט און מיט אָנערקענונג אָפּגעשאַצט געוואָרן.

און ווי גרויס עס איז פאַקטיש דער אויפטו פון ישורינען, וועט מען ערשט געוואָר ווערן, ווען די פולע קאָלעקציע פון אַלע זיינע „קאַרטלעך", וועלן קריגן אַ תּיקון אין ביכער.

אַפילו איצט, ווי ווייניק העפטן עס זאָלן נישט זיין אַרויסגעגעבן פון

ישורינס ביבליאָגראַפישע זאַמלונגען, קען מען זיך שוין נישט באַגיין אָן זיינע „וועגווייזערס", וואו אַהין צו גיין זוכן מאַטעריאַלן וועגן יידישע שרייבער. געגוג אַריינצוקוקן אין די דערשינענע דריי בענדער „לעקסי־קאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור".

און ישורינען קומט דאָך באמת אַ גרויסן יישר־כוח מצד אַ סך שרייבער, וואָס נאָר אַ דאַנק אים האָבן גאָר אַ סך געפונען זייערע „פאַרלוירענע" אָדער „פאַרגעסענע" אַרבעטן, און אוודאי — אָפּשאַצונגען וועגן זיך.

עס איז באמת צו באַוואונדערן דעם יוגנטלעכן אייפער, וואָס ישורין וויזט אַרויס צו באַקענען זיך מיט אַלצדינג וואָס דערשיינט אין דער יידישער וועלט — צייטונג, זשורנאַל אָדער בוך.

צו באַוואונדערן איז דאָך אויך זיין געוואַלטיקע אויפמערקזאַמקייט און מקנא צו זיין די פאַרליבטקייט וואָס ער האָט צו זיין אַרבעט.

ווי געזאָגט, איז שוין וועגן דעם ביבליאָגראַף אַ סך גערעדט געוואָרן.

אויב איך האָב דערמאָנט זיין בריוו אויף מיין טיש איז עס נישט געווען צו דערציילן וועגן ישורינס אויפמערקזאַמקייט צו דער יידישער ליטעראַטור און שרייבער; נישט וועגן זיין ליבע צום יידישן וואָרט; עס האָט אויך נישט צו טאָן מיט דער מאָנונג אים צו שיקן די ביכער, וואָס ער וויל זיי האָבן, נאָך איידער זיי דערשיינען — נאָר, צוליב זיין כתב, די אותיות זיינע.

קוק איך אַריין אין די ווערטער און באַוואונדער ווי שיין ישורין שרייבט. עפּעס אינגאַנצן נישט ענלעך צו קיינעמס שריפט, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען.

קאָנטראָליר איך די יידישע אותיות מיט די לאַטיינישע — און עס באַקומט זיך איינס. איין כאַראַקטער.

און אַז איך לעב אויף פאַר זיך די געשטאַלט פון אונדזער יובילאַר, מיט וועמען כ'האָב ערשט אין די לעצטע טעג זיך ווידער געטראָפן אין פּאַריז, צוזאַמען געשמועסט וועגן אַזויפיל יידישע פראַגן און אַזויפיל יידישע פּראָבלעמען וואָס דריקן אַ ייד פון פּאַריז און אַ ייד פון ניו יאָרק — באַקומט זיך ווידער — ישורין, געבונדן מיט זיינע אותיות — האַרמאָ־נישע גאַנצקייט.

אַזעלכע אותיות קען נאָר שרייבן דער עלעגאַנט, דער באַשיידענער און רואיקער מענטש, וועלכער איז באַזאָרגט אין יעדער האַנדלונג. קאָ־רעקט און פול מיט באַציאונג. אָן פּאַטאָס — אָבער מיט מענטשלעכער וואַרעמקייט.

און זיינע בריוו גופא?

זיי זיינען קורץ און געפּאַסט. זאַכלעך, אָבער תמיד מיט באַציאונג און וואַרעמקייט געשריבן.

ווי גוט דאָס איז צו קענען פריי אַרויסזאָגן.

שיק איך איבער מיינע ברכות צום יובילאַר:

אַ לאַנג, יונג לעבן אייך, טייערער יעפים ישורין.

**מאיר ווײַנטרויב** (לאָס אַנדזשעלעס)
פּאַרוואַלטער פֿון לאָס אַנדזשעלעסער „פֿאָרווערטס“

# דער שומר פֿון אונדזערע טראַדיציעס און דער אָפּהיטער פֿון דער רייַנקייט אין אַרבעטער־רינג

עס לאָזט זיך קוים גלויבן אַז דער שומר פֿון אונדזערע טראַדיציעס און דער אָפּהיטער פֿון דער רייַנקייט פֿון אַרבעטער־רינג — אונדזער „טשיף“ יעפּים ישורין האָט זיך שוין אויך אַריינגעקייקלט צווישן די פֿינף און זיבעציקער.

פֿאַר די פֿיל יאָרן וואָס איך בין אַ מיטגליד אין דעם נאַציאָנאַלן סאָציאַלן קלוב, און פֿאַר די מער פֿון 40 יאָר וואָס איך בין פֿאַרבונדן מיט דעם „פֿאָרווערטס“, וואו אונדזער ליבער יעפּים ישורין האָט באַקליידט אַזאַ וויכטיקן אַמט און האָט אַרויסגערופֿן צו זיך די גרעסטע אַכטונג פֿון אַלע זיינע קאָלעגן איבערן גאַנצן לאַנד, האָב איך אַלע מאָל באַוואונדערט און ביי פֿיל געלעגנהייטן אויסגעדריקט מיין באַגייסטערונג פֿאַר זיין פּינקטלעכקייט, אַרבעטסזאַמקייט און יוגנטלעכער רירעוודיקייט אין אַלץ וואָס ער אונטערנעמט זיך צו טאָן.

די מתנה וואָס איר האָט באַשטימט צו פּרעזענטירן אונדזער יובילאַר צו זיין 75־יאָריקן יובילײ — דאָס ישורין יובל־בוך — איז די פּאַסנדיקסטע מתנה און איך פֿאַררעכן עס אַלס אַ פּריווילעגיע און אַ גרויסן כבוד אין צוטראָגן מיין חלק צו דערמעגלעכן דאָס אַרויסגעבן פֿון דעם ישורין יובל־בוך.

ביי דער געלעגנהייט באַגריס איך מיין ליבן קאָלעגע און „טשיף“ צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג און ווינטש אים נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן סיי אַלס „טשיף“ און סיי אַלס איינער פֿון די אַקטיווסטע אַרבעטער־רינג פֿירער און טוער, און אויך פֿיל געזונטע און שעפֿערישע יאָרן אַלס איינער פֿון אונדזערע פּראָמינענטסטע ביבליאָגראַפֿער פֿון דער יידישער ליטעראַטור. איך ווינטש אים, זיין ליבער לעבנס־באַלייטערין און זיין גאַנצער פֿאַמיליע געזונט, ברכה און הצלחה.

מ. ווײַנרײַך

# אַ באַגריסונג

מײַן טײַערן פֿרײַנד יעפֿים ישורינען אַ וואַרעמען מזל־טובֿ צו זײַנע פֿינף און זיבעציק, ביז הונדערט און צוואַנציק, און די וואַרעמסטע ברכות, אַז אין די יאָרן וואָס קומען זאָל ער זוכה זײַן צו אַרבעטן פּונקט אַזוי אינ־טענסיוו און פּראָדוקטיוו ווי ביז איצט.



ד״ר מאַקס ווײַנרײַך און יעפֿים ישורין אויף דער 50סטער קאָנווענשאָן פֿון אַרבעטער־רינג

---

ש. ד. זינגער

# ישורין דער אומדערמידלעכער זאַמלער פֿון אונדזער יידישער ליטעראַטור

די האַרציקסטע ברכות און גוטע וואונטשן, אריכת ימים און געזונט, דעם ליבן פֿרײַנד פֿון יידישע שרײַבער, און דעם אומדערמידלעכן זאַמלער און ביבליאָגראַף פֿון דער יידישער ליטעראַטור, — יעפֿים ישורין, צו זײַן 75סטן געבוירנטאָג.

**אבֿרהם זאַק**

# אַ פֿאַרדינטער יום־טוב

(צום 75סטן געבוירנטאָג פֿון יעפֿים ישורין)

באמת אַ פֿאַרדינטער יום־טוב — דער יום־טוב לכבוד דעם פֿאַר־דינסטפֿולן ביבליאָגראַף יעפֿים ישורין, צו זיין ווערן אַ בן שבעים וחמש.

גלוסט זיך כאָטש פֿון דערווייטנס זיך אָנצושליסן אָן דעם יום־טוב און שיקן דעם בעל־שמחה מיינע אויפֿריכטיקע, וואַרעמסטע ברכות. איך טו עס מיט געפֿיל פֿון פֿרייד, אָפּשאַצנדיק די גרויסע וואַלאָרן און די חשובֿע בייטראָגן פֿון בעל היובֿל אויפֿן פֿעלד פֿון אונדזער יידישער קולטור און געזעלשאַפֿטלעכקייט.

באַזונדערס גרויס און חשובֿ זיינען די לייסטונגען און אויפֿטועכצן פֿון יעפֿים ישורין אויפֿן געביט פֿון ביבליאָגראַפֿיע — דאָס פֿאַרוואַר־לאָזטע פֿעלד אין אונדזער יידישער ליטעראַטור. נישט איין עסייאיסט, נישט איין ליטעראַטור־קריטיקער טאַפּט אין דער פֿינצטער, זוכנדיק דאַטן בעת זיינע אַרבעטן איבער דעם אָדער יענעם פֿון אונדזערע שריי־בערס. זלמן רייזענס לעקסיקאָן איז שוין פֿאַרעלטערט. עס זיינען צוגע־קומען צענדליקער יאָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. די ליטעראַטור איז דאָך באַרייכערט געוואָרן מיט אומציייליקע ווערק, מיט אַ גאַנצער ריי נייע ליטעראַרישע נעמען. און די עלטערע שרייבער זיינען דאָך אויך נישט געזעסן מיט „פֿאַרלייגטע הענט״. יעדער אויף זיין פּלאַץ איז דאָך געווען שעפֿעריש, האָט פֿאַרעפֿנטלעכט ביכער, און וועגן די אַלע ביכער — סיי פֿון די עלטערע, סיי פֿון די ייִנגערע שרייבערס — זיינען דאָך גע־שריבן געוואָרן אָפּהאַנדלונגען, רעצענזיעס, נאָטיצן אין די פֿאַרשיידנ־ערליי צייטונגען, זשורנאַלן, צייטשריפֿטן, וואָס האָבן זיך פֿאַר דער צייט געמערט בכל תפֿוצות ישראל. און אויב אַפֿילו איצט דערשיינט בענדער־וויז דער נייער לעקסיקאָן פֿון דער יידישער ליטעראַטור — איז קאָן מען דען דאָרט געפֿינען אַלץ וואָס דער שרייבער האָט געשריבן, אָדער אַלץ וואָס איז וועגן אים געשריבן געוואָרן? עס איז דאָך נישט די אויפֿגאַבע פֿון אַ לעקסיקאָן צו זיין אַזוי פּרטיותדיק און אויסשעפּלעך.

יעפֿים ישורין האָט אין זיין ביבליאָגראַפֿישער אַרבעט אַרויסגע־וויזן גאָר, גאָר אַ גרויסע מאָס התמדה, געטריישאַפֿט און סיסטעמאַטיש־קייט. גלייכצייטיק זעען מיר און פֿילן אַרויס זיין באַהאַוונטקייט אין אונדזער ליטעראַטור־ און פּרעסע־העמיספֿער. דערויף זאָגן עדות זיינע פֿיל, פֿיל ביבליאָגראַפֿישע פּובליקאַציעס ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, די מערערע סעפּאַראַטע אָפּדרוקן, אַרויסגענומענע פֿון ביכער, וועלכע זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן שוין נאָכן טויט פֿון אַ ריי יידישע שרייבערס. יעפֿים ישורינס ביבליאָגראַפֿישע אַרבעטן זיינען אַן עכטער קוואַל, פֿון וואַנען עס קאָנען שעפּן די בויטיקע דאַטעס אונדזערע עסייאיסטן און ליטעראַטור־פֿאָרשערס.

יעפֿים ישורין גייט צו צו זיין ביבליאָגראַפֿישער אַרבעט ווי אַ גע־

טרייע, גוטע מאַמע, מיט אַ סך סענטימענט און פאַרליבטקייט. ער פאַר־צייכנט מיט געניקייט יעדע פּאָזיציע, יעדער פּובליקאַציע — סיי פון און סיי וועגן דעם געגעבענעם שרייבער. מ׳זעט באַשיינפּערלעך, אַז ער פילט תמיד די גרעסטע אחריות; אַז ער האָט תמיד דעם באַוואוסטזיין, אַז וואָס ער וועט אַדורכלאָזן גייט אַריין אין תהום פון פאַרגעסנקייט. נו, איז מוז מען ראַטעווען פון תהום וואָס נאָר עס לאָזט זיך; מוז מען אַלץ דערמאָנען, פאַרצייכענען, פאַרפיקסירן.

און ווייל יעפים ישורין איז אין זיין געביט אחד במינו, מוז ער אונדז נאָך לאַנג, לאַנג לעבן: סיי פאַר אונדזער קולטור, סיי פאַר אונדזער ליטעראַטור און סיי פאַרן יידישן שרייבער.

הלוואי!

---

**סיימאָן חדש**

## ישורין — דער האָרעפּאַשניק

ווען דער שיקזאַל האָט מיך מיט איבער 30 יאָר צוריק, דורך מיין יוניאָן פאַרבונדן מיטן „פאָרווערטס״, און בין געוואָרן אַ מיטגליד אין דער אַזוי גערופענער „פאָרווערטס״ משפחה, איז דאָס פאַר מיר געווען אַ זייער גרויסע דערגרייכונג — ווייל דער חלום פון אַ יידישן שריפט־זעצער איז געווען צו אַרבעטן אין אַ יידישער צייטונג, אָבער דאָס העכ־סטע איז געווען דער ווּאונטש צו אַרבעטן אין „פאָרווערטס״. דאַן זיינען נאָך געווען אַ צאָל יידישע צייטונגען אין דער יידישער וועלט.

איך האָב אין „פאָרווערטס״ קיינעם נישט געקענט פּערזענלעך אַ חוץ די מיטגלידער פון דער יוניאָן אין „קאָמפּאָזינג־רום״. איך האָב גע־וואוסט און געהערט פאַרשיידענע נעמען, ווייל איך בין געווען אַ לייענער פון „פאָרווערטס״, אָבער ווי עס זעען אויס די מענטשן, וועלכע פירן אָן מיט די געשעפטן, האָב איך ניט געוואוסט.

ביסלעכווייז באַקען איך זיך מיט אַ צאָל שרייבער, מיט וועלכע אַ זעצער קומט געוויינלעך אין פאַרבינדונג, און נאָך דעם מיט אַנדערע וויכטיקע און אָנגעזעענע מענטשן, אָנפירער פון דער רעדאַקציע און פון אָפּיס פון דער גרויסער אינדוסטריע וואָס הייסט „פאָרווערטס״, וואָס איז דאַן פונקט ווי איצט געווען איינע פון די וויכטיקסטע אינדוסטריעס אויף דער יידישער גאַס.

צווישן די פילע אַנדערע וואָס איך האָב באַמערקט ביים רודער פון דער גרויסער שיף, האָט זיך אין מיינע אויגן אַרויסגעוויזן די פּערזענ־לעכקייט פון יעפים ישורין. אַלס אַ גאָר אומפּאַרטייאישער, האָב איך באַמערקט זיין אַרבעטסזאַמקייט, שטענדיק האָט מען אים געזען אויף זיין פּאָסטן, אַלס וויכטיקער באַאַמטער פון „פאָרווערטס״, ווי ער טוט

עפּעס, ער אַרבעט, קיין מאָל ניט געשטאַנען אָדער געזעסן ליידיק אויף אַ מינוט. איך האָב אים באַוואונדערט, אַפילו ניט קענענדיק אים פּער־זענלעך. איך האָב פיל מאָל געטראַכט: ווי אַרבעט דאָס אַ מענטש אַזוי אומאויפהערלעך?

שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פון אונדזער נאַציאָנאַלן סאָציאַלן קלוב, פון וועלכן פריינד יעפים ישורין איז דער הויפּט (טשיף), און מיר זיינען באַקאַנט געוואָרן, האָב איך ערשט אויסגעפונען, וואָס ער האָט אַזוי פיל צו טאָן, אַ חוץ זיינע אָפיציעלע פליכטן אין „פאָרווערטס".

ניט נאָר האָט ער מיט פיל פּינקטלעכקייט געטאָן „קלוב־אַרבעט", נאָר ער האָט אויך אַ וואונדערלעכע און ערהאַבענע „האַבי" — ביבליאָ־גראַפיע. און דאָס נעמט ביי אים צו פיל צייט.

פון דאַמאָלס אָן באַוואונדער איך זיין געדולד, ווייל די אַרבעט איז זייער מאָנאָטאָן און נאָך מער — ניט נאָר גיט ער זיך אָפּ מיט ביבליאָ־גראַפיעס פון גדולים, פון גרויסע יידישע פּערזענלעכקייטן און שרייבער — נאָר אויך אַפילו פון ווייניקער באַוואוסטע מענטשן.

איך וויל נישט פאַרנעמען קיין צו פיל פּלאַץ צו דערמאָנען וועגן זיינע אַרבעטער־רינג אַקטיוויטעטן. אַלע ווייסן דאָך זיין אינטערעס אין די פריערדיקע יאָרן אין די פאַרשיידענע קאַמפּן און איבערהויפּט אין דער צייט פון דער לינקער מגפה, ווען דער אַרבעטער־רינג איז געווען באַדראָט. צו זיין אומדערמידלעכער אַרבעט צו ראַטעווען דעם אַרבעטער־רינג איז קיין גרענעץ ניט געווען.

זיין אַרבעט אַלס קאַסירער אין „פאָרווערטס" האָט ער אָנגעפירט סיסטעמאַטיש און מיט גרויס פּינקטלעכקייט, טאַקע נאָר ווי ישורין קען.

יעדעס מאָל ווען ער האָט אונטערגעשריבן אַ טשעק פאַר שכירות, איז עס ביי אים געווען אַ יום־טוב. ער האָט עס געטאָן מיט ווירדע; זיין אונטערשריפט איז אָן אייגנאַרטיקער, דער „דזשעי" פון „דזשעשורין" איז אַ שם דבר צווישן די, וועלכע האָבן עס אַ מאָל געזען. ער האָט מיט דעם „דזשעי" מאַנעווורירט אויף זיין שטייגער — ווען ער האָט זיך גע־פילט גאָר גוט, האָט ער מיט דעם „דזשעי" פאַרנומען די גאַנצע לענג פונעם טשעק.

וואָס איך ברענג אַרויס איז, אַז דער מענטש ישורין איז איינער פון די אַרבעטסזאַמסטע אין אונדזער אַרבעטער און געזעלשאַפטלעכער באַ־וועגונג, און אַפילו איצט, ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיין אָפי־ציעלן אַמט, איז ער נאָך אַלץ פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער און קול־טור־אַרבעט און מיט ביבליאָגראַפיעס.

איך ווינטש אים צו זיין 75טן יובל געזונט, ער זאָל אויך אויף ווייטער זיין דער האָרעפּאַשניק, ווי ער איז ביז איצט געווען, ווייל זיין אַקטיווי־טעט ברענגט פיל נוצן.

**זרובבל** (תל-אביב)

# ער היט אָפּ די „גאָלדענע קייט" פון יידישע שרייבער

יעפים ישורין — 75 יאָר! פאַר מיר, ווי מסתמא פאַר אַ סך פריינד, איז עס געוועזן אַן איבערראַשונג: דעם אמת געזאָגט, אַן אָנגענעמע, פריידיקע איבערראַשונג: ערשט 75? געדאַכט האָט זיך, אַז ס'איז אַ נאָמען פון פאַרצייטן. אַזוי לאַנג הערן מיר אים, אַזוי אָפט קריגן מיר פון אים גרוסן.

אייגנטלעך, קריגן מיר גרוסן נישט פון אים, נאָר דורך אים. די גרוסן זיינען נישט פון אַ יחיד, אַ צופעליקן, אַ באַקאַנטן, אָדער אַ קרוב. יעפים ישורין האָט זיך אויסגעקליבן אַ מין „האָבי" — אונטערטראָגן גרוסן פון דער יידישער ליטעראַטור. ער איז געוואָרן אַ מין אַדרעס־טיש פאַר דעם יידישן שרייבער. ווייל עמעצער וויסן וועגן אַ שרייבער, וואָס און וואו און ווער האָט געשריבן וועגן אים, קאָן ער זיך איינשפּאָרן די טירחה פון נישטערן אַליין אין אַלטע צייטונגען און ביבליאָטעקן. געננוג זיך ווענדן מיט אַ ידידי־בריוועלע צו יעפים ישורין, און ער האָט עס אויף דער האַנט: געניי און אויספירלעך, מיט אַלע פרטים: וואו און ווען און ווער.

יעפים ישורין איז געוואָרן דער כראָניקער און פאַרצייכענער פון דער יידישער ליטעראַטור, איר אינפאָרמיר־ביוראָ. ער טוט עס ערלעך, אָביעקטיוו, טריי און איבערגעגעבן, שלא על מנת לקבל שכר.

ער איז פאַרליבט אין זיין אַרבעט און דערפאַר איז ער באַליבט ביי די, וועמען ער באַדינט. ער טוט עס אומבאַמערקטערהייט, אומגעבעטע־נערהייט, אומבאַצאָלטערהייט.

דערצו מוז מען פאַרמאָגן געהעריקע אייגנשאַפטן: איינגעבאָרענע מידות פון חברשאַפט, פון קאָלעגיאַלישקייט, באַטראַכטן און באַנעמען זיך, ווי אַ פאַרקנסטער, פאַרזיווגטער מיט אַ קאָלעקטיוו, טראָגן די אחריות פאַר אָט דעם כלל, אָפּהיטן זיינע רינגעלעך, כדי אויפצוהיטן די „גאָל־דענע קייט" פון דער יידישער שרייבער־משפחה, איר יחוס, איר המשכ־דיקייט און אָרגאַנישע גאַנצקייט.

אַזוינס פאַרמאָגט יעפים ישורין. האָט ער זיך אַליין אַריינגעפלאָכטן אין דער „קייט" און איז געוואָרן אויסגעקניפּט און געבונדן מיט דער משפּחה.

זיינע 75 יאָר זיינען אָנגעלאָדן מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט: אין „אַרבעטער־רינג", אין „פּאָרווערטס", אין אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שטחים.

איך האָב אים באַוואונדערט אויף אָט דעם שטח — פון ביבליאָגראַ־פישער זאַמל־אַרבעט. מיר שיינט, אַז אין דעם פרט האָט ער נישט קיין קאָנקורענט. ליידער. איז — זאָל ער מאריך ימים ושנים זיין! זאָל ער זוכה זיין צו נאָכפאָלגער, וואָס זאָלן אים מקנא זיין אין זיין אויפטו און ממשיך זיין דאָס וויכטיק און נויטיק ווערק.

**ב. טאַבאַטשינסקי**

# דער חשבון שטימט

עס וועט זיך געוויס אָפּשפּיגלען אין דעם אַלץ, וואָס וועט געזאָגט ווערן און געשריבן ווערן וועגן דעם בעל־היובל, אַ גאַנץ און ערלעך לעבן פון אַ מענטשן, ביי וועמען ווערטער און מעשים זיינען געווען האַר־מאָניש. עס האָט איינע דאָס אַנדערע נישט סותר געווען. עס וועט זיין, ווי איך זע דעם חבר און פריינד ישורין, אַ לעבן פון אַ מענטשן, ביי וועמען דער חשבון שטימט.

חבר ישורין איז די גאַנצע יאָרן געווען באַשעפטיקט מיט אַן אַרבעט, אין וועלכער עס האָט אַלץ געמוזט שטימען. ער איז געווען אַ קאַסירער פון אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע, פון דעם „פאָרווערטס". ער איז געווען



ב. טאַבאַטשינסקי און יעפים ישורין

באַשעפטיקט מיט אַן אַרבעט, וואו יעדער מענטש האָט געמוזט האָבן אַ חשבון. אַזוי איז אַלץ געווען ביי אים און אַרום אים אין זיין געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט. מיט דער זעלבער גראָדליניקייט און עקזאַקטקייט זיינען ביי אים אידעען און טרוימען איבערגעשטאַלטיקט געוואָרן אין לעבע־דיקע מעשים. מעשים, וואָס זיינען געווען און געבליבן זיין פאַרמעגן, ווי אַ טייל פון דעם „אייזערנעם קאַפּיטאַל" פון אַ דור, וואָס איז געקומען באַלד אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט, מיט וויזיע, אמונה אין מענטש און פאָלק, מיט גרויסע הומאַניסטישע אידעאַלן פון סאָציאַליזם, פון נאַציאָנאַלער ווירדע און נאַציאָנאַלער שעפערישקייט.

ווי אויף אַ וואונדערבאַרן שנור זיינען אָנגעצויגן געוואָרן די יאָרן פון בעל־היובל, די יאָרן פון אַ סאָציאַליסטישן מענטש פון „נוסח ווילנע" און פון „נוסח אַמעריקע". אַ רינג פון דאָרטן האָט זיך געקייטלט אַן אַ

אַ רינג דאָ, און זיך פֿאַרוואַנדלט אין איין גרויסער קאָנטינואיטעט פֿון נעכטן און היינט.

און האַרץ און מוח האָבן געאַרבעט צוזאַמען. חבר ישורין געהערט צו די וואָס האָבן פֿריער געוואָלט עפּעס טאָן, כדי זיך צו פֿילן באַרעכ־טיקט צו זיין אַ טרוימער, אַ בענקער נאָך אַ בעסערער וועלט, וואָס נאָר דורך זעלבסטדיסציפּלין, געטריישאַפֿט און אידעאַליסטישע מעשים קען זי באַשאַפֿן ווערן.

חבר ישורין געהערט צו די, וואָס ווייסן דעם טעם פֿון באַשאַפֿן, פֿון בויען. דערפֿאַר געהערט ער צו די מענטשן פֿון דער פּיאָנערן־עפּאָכע דאָ, וואָס האָבן דעם יום־טוב פֿון זייערע נשמות אַריינגעגאָסן אין וואָכעדיקע אַרבעט פֿאַר געמיינזאַמע אידעאַלן, צו צעמענטירן איין גאַנצקייט.

נישט אומזיסט איז ער פֿון די ראשונים פֿון אַרבעטער־רינג און די גאַנצע יאָרן איז ער פֿאַרבליבן דער שטילער קאַפּיטאַן, וואָס האָט געקענט פֿירן די שיף אויף כוואַליעס פֿון דער שטורעמדיקער צייט. זיין קאָמפּאַס — איז זיין גלויבן אין דער באַוועגונג, רעספּעקט פֿאַר דעם קאָלעקטיוו, פֿאַר יעדן יחיד אין אים.

חבר ישורין געהערט צו דעם טיפּ מאָנאָליטישע מענטשן, וועמענס פֿאַראַנטוואָרטלעכקייטן שטייגן אַריבער די גרענעצן פֿון פֿליכט. ער געדענקט שטענדיק פֿון וואַנעט ער קומט און וואוהין ער צילט, אַלץ מיט חשבון, מיט זעלבסטבאַשטימטקייט. אַפֿילו דער אָפּקלייב פֿון זיין אַרבעט, ביבליאָגראַפֿיע און דער „בונדישער אַרכיוו", וואו ער איז דער פֿאָר־זיצער, זאָגט עדות אויף דעם. ווערט און ווערטן זיינען אויך האַרמאָניש צונויפֿגעבונדן אין זיין טעטיקייט. ער האָט געציילט די „גאָלדענע רענד־לעך" פֿון אונדזער קולטור־שאַפֿונג — ביכער, אַרטיקלען, אויסגאַבן, ווי מען ציילט „גאָלדענע אימפּעריאַלן", מיט באַזאָרגטקייט, מיט פֿאַראַנט־וואָרטלעכקייט, מיט ענטוזיאַזם, און אַלץ אין איין אַקטיווער האַרמאָנישער גאַנצקייט.

ער האָט באַוויזן, ווי מען קען פֿאַרבינדן דאָס טעגלעכע מיט דער היסטאָרישקייט פֿון אונדזער זיין. דערפֿאַר איז ער אַזוי צוגעבונדן געווען אָפּצוהיטן יעדער בוך וואָס דערשיינט אין יידישן לעבן און האָט דאָס געהיט מיט טיפֿער אחריות און מיט גרויס רעספּעקט.

ער איז געווען און געהערט צו דעם מיליטאַנטישן דור, וואָס נישט פֿירנדיק קיין מלחמות, האָט ער געוואוסט ווי אַזוי זיך איינצושטעלן פֿאַר דעם, אַלץ וואָס איז וויכטיק, קערנדיק און פֿון וואָס מען קען נישט אָפּטרעטן.

איך פֿאַראייניק זיך צו אַלע ברכות און וואונטשן פֿון מיינע פֿריינד פֿאַר אריכת ימים, פֿאַר ווייטערדיקער שעפֿערישקייט, לויט דעם זעלבן נוסח, אויף דעם זעלבן אייגנאַרטיקן וועג. אויף דעם וועג, וואו עס גייען די גלויביקע, וואָס האָבן זייער אמונה פֿאַרבונדן מיט גייסט און טאַט, אַזוי, אַזביידע זאַכן זאָלן שטימען.

ער איז דער באַלאַנסירטער מענטש אין אונדזער סביבה. אַזוי זאָל עס נאָך אָנגיין ביז 120 יאָר.

**ש. טענענבוים**

# יעפים ישורין פאַרגעדענקט אַלעמען

(צו זיין 75 יאָריקן געבוירנטאָג)

עס ווייזט אויס, אַז מיר זיינען נאָך אַלץ נישט צוגעוואוינט צו ביב־ליאָגראַפיע. עפּעס איז עס פאַר אונדז אַ פרעמד געביט. וואָרים ווי דען אַנדערש קענען מיר עס דערקלערן, וואָס בשעת מיר שרייבן וועגן יידישע ביכער, פאַרגעסן מיר אָפט צו דערמאָנען יעפים ישורינס זאָרג־פעלטיק־צוגעגרייטע ביבליאָגראַפישע רשימה? מיטן שרייבער פון די שורות האָט עס שוין, צום באַדויערן, עטלעכע מאָל געטראָפן, אַז ער האָט פאַרגעסן צום סוף פון זיין אָפּהאַנדלונג וועגן אַ בוך פּאָעזיע אָדער נאָ־וועלע צו דערמאָנען מיט דאַנק און שבח ישורינס ביבליאָגראַפישע אַרבעט...

אָבער ישורין געדענקט אַלעמען... איך ווער תמיד איבערראַשט, ווען איך געפין מיין נאָמען אין ישורינס ביבליאָגראַפישע בראָשורן, צום ביישפּיל וועגן מענדעלע אָדער משה בראָדערזאָן. איך בין מער ווי זיכער, אַז איך האָב קיין מאָל נישט געשריבן וועגן קיין איינציקן פון זיי... אָבער, צופעליק קוק איך אַריין אין אַזאַ ביבליאָגראַפישע אַרבעט — און מיין נאָמען איז דאָרט יאָ פאַרצייכנט... ווי אַזוי? ווייל ישורין ווייסט בעסער פאַר מיר... ישורין האָט ערגעץ־וואו געלייענט מיינס אַן אַרבעט, לאָמיר זאָגן, וועגן יוליאַן טואווים, אָדער יוזעף וויטלין, אין וועלכן עס ווערט דערמאָנט צופעליק משה בראָדערזאָן... אָדער אין מיינס אַן עסעי וועגן פרצן האָב איך דערמאָנט מענדעלען...

דאָס מיינט, אַז יעפים ישורין פאַרצייכנט ביבליאָגראַפיש נישט בלויז דירעקט וואָס מען לייענט וועגן שרייבער און וואָס עס איז גרינג צו געפינען — לויט די טיטולן פון די אַרבעטן — נייערט ער לייענט גאָר די יידישע ליטעראַטור און ער ווייסט פון אַלץ וואָס עס ווערט גע־שריבן... ער ווייסט אַבסאָלוט בעסער וואו ש. ניגער אָדער יעקב גלאַט־שטיין, וואו דר. שאַצקי אָדער יעקב לעשצינסקי, צום ביישפּיל, האָבן געשריבן וועגן דעם אָדער יענעם קלאַסיקער — בלויז פאַרבייגייענדיק, אָדער אומדירעקט...

יעפים ישורין איז דער מענטש וואָס האַלט אַן אויג און פירט חשבון פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור...

איצט, ווען יעפים ישורין ווערט וואַרעם געפייערט צו זיין 75 יאָ־ריקן געבוירנטאָג, אַן עלטער, וואָס וועקט חשיבות און פּיעטעט ביי יעדן מענטש וואָס ווייסט וואויל, אַז דאָס צו דערגרייכן, בפרט נאָך אַ באַלאָ־דענער מיט היפשע מעשים טובים, איז אַ מייסטערווערק פאַר זיך אַליין. —

איצט דערלויב איך זיך אויסצובאָרגן אַ פּאָר שורות פון אַן אַר־טיקל, וואָס מיר האָבן געשריבן צו זיין זעכציק־יאָריקן יובילעי. די דאָ־

זיקע שורות שרייבן מיר איצט מיט נאָך מער זיכערקייט און מיט אַ געפיל פון דרך־ארץ צום יובילאַר:

מען האָט שוין אַ סך געשריבן וועגן יעפים ישורין, דער געוועזענער פּרעזידענט פונעם אַרבעטער־רינג; דער סאָציאַליסט, רעדנער, אָרגאַניזאַטאָר, אַרבעטער־טוער, רעדאַקטאָר פונעם גרויסן זאַמלבוך „ווילנע״; דער געוועזענער קאָסירער פון „פאָרווערטס״ און דער שטילער, געוויסנהאַפטער, וויניק־ריידנדיקער, אָבער פול מיט פאַרדינסט־באַלאָדענער יעפים ישורין...

אָבער, מיר דאַכט זיך, מער פון אַלץ וועט בלייבן שטיין אויף לאַנגע צייטן ישורינס ביבליאָגראַפיע פון גרויסע יידישע דיכטער און פּראָזאַיקער. זיין באַשיידענער נאָמען וועט בלייבן לעבן צווישן די סאָלידע ספרים און גאָלדענע בענדער פון דער יידישער ליטעראַטור. וואָרים ישורין האָרעוועט שווער אויפן דאָזיקן פאַרדינסטפולן נאָמען זיינעם... ביינאַכט, מיר קענען זיך דאָס וואויל פאָרשטעלן, גריבלט זיך ישורין אין שווערע בענדער מיט אַלטע שריפטן. ער נעמט אַריין אין זיך דעם שטויב פון בערג מיט זשורנאַלן; ער פאַרצייכנט אומדערמידלעך דאַטעס און טיטולן פון ליד, פון פּראָזע, פון קריטיק, פון סאָציאָלאָגיע און פון פּאַרטיי־געשיכטע. עמעץ האָלט אַן אָפּן און וואַכזאַם אויג אויף גאָר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער וועלט־ליטעראַטור. אַ מאַן מיט גרויס עקשנות פאַרצייכנט אין דער שפּעטערער שעה פון נאַכט די גייסטיקע פּראָדוקציע פון זיין דור און דעם באַרג מיט שאַפונגען פון די פאַרגאַנגענע דורות...

באַזונדערס איצט, ווען טונקעלע און טרויעריקע פליגלען פאָכן פינצטער אויפן האָריזאָנט איבער דער יידישער קולטור — איז נייטיק צו לאָזן שטיין פאַר די קינפטיקע דורות און פאַרן „היסטאָריקער פון דער צוקונפט״, אויף וועמעס פּלייצעס עס וועט ליגן אגב, אָפּט אַרויפגעלייגט אַזוי פיל האָפענונגען און שליחותן — חשבון, סך־הכל, סומירונג און אָפּשלוס. ווער ווייסט, אין דער אמתן, דעם גורל און די צוקונפט פון פעלקער און פון זייערע קולטורן... אַ גרויסע צאָל ווערק פון פאַרצייטישע דענקער, דיכטער און דראַמאַטורגן זיינען פאַרלוירן געגאַנגען אין גאַנג פון היסטאָרישע געשעענישן און שטורעמדיקע צייטן. מיר קענען זיי בלויז פון פאַרצייכענונגען אין אַנדערע ווערק, אָפט מאָל בלויז פון געבראַכטע טיטולן, צי פון קאַרג־און־קוים ציטירטע שורות. עס זיינען געזוכט און אַנטדעקט געוואָרן וויכטיקע ווערק אַדאַנק די אָנווייזונגען פון איינצלנע זאַכן אָדער שפּליטערס פון שורות, געבראַכטע פון קאָנטעמפּאָרערי קאָלעגן אָדער ביבליאָגראַפן...

יעפים ישורין טוט אַ גרויסע און אַ וויכטיקע אַרבעט. זיין ריזיקער ביבליאָגראַפישער אוצר נעמט אַרום באַדייטנדיקע נעמען פון יידישן שאַפן אין דרום־אַמעריקע, אין אייראָפּע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ גרעסערע צאָל פון זיינע אַרבעטן זיינען שוין דערשינען אין באַזונדערע בראָשורן. זיי באַגלייטן ס׳רוב שווערע בענדער מיט ליד און פּראָזע

און ווערן אויך אָפּגעדרוקט אין סעפּעראַטע אויסגאַבן. אָבער שוין דער־שיינע אַרבעטן זיינען בלויז אַ טראָפּן אין ים פון זיין רייכער, אין משך פון שיינע יאָרן געזאַמלטער, ביבליאָגראַפיע.

יעפים ישורין טוט זיין אַרבעט פאַר דער יידישער קולטור מיט ווירדע, מיט ערנסט, מיט אחריות און מיט געוויסנהאַפטיקייט. ער טוט די דאָזיקע אַרבעט אַבסאָלוט ערלעך. דער לייענער וואונדערט זיך אוודאי וואָס מען באַדאַרף אַקצענטירן די ערלעכקייט פון אַ געביט, וואָס איז דאָך ריין־וויסנשאַפטלעך... אָבער, מיר קענען ברענגען ביישפּילן ווי אַזוי אַפילו ביבליאָגראַפיע ווערט אַ מאָל געפעלשט צוליב פאַרשיידענע סיבות: אָפט מאָל פּערזענלעכע אָדער געזעלשאַפטלעכע (בכלל איז נישטאָ קיין שום געביט פון מענטשלעכן שאַפן וואו ערלעכקייט זאָל נישט זיין נייטיק צו אַקצענטירן...). דעריבער איז טאַקע יאָ נייטיק אונטער־צושטרייכן די ערלעכקייט און אומפּאַרטייאישקייט פון אַזאַ ביבליאָגראַף ווי ישורין איז, דורך וועמענס אומדערמידלעכע צען פינגער אַן אָלימפּ מיט יידיש שאַפן ווערט פאַרצייכנט לדורות.

זיין ביבליאָגראַפיע טראָגט נישט בלויז דעם היסטאָרישן ווערט פון דער צוקונפט, נייערט זי דינט די קעגנוואַרט פונעם יידישן שרייבער, סטודענט, פאָרשער און וואויל־געניסער פון דער יידישער ליטעראַטור. ביבליאָגראַפיע איז קודם כל אַ שליסל און אַ קאָמפּאַס פאַרן לעבעדיקן לייענער און געלערנטן פון אונדזער צייט.

צום 75 יאָריקן געבוירנטאָג פון יעפים ישורין ווילן מיר אים וואַרעם און האַרציק באַגריסן. מיר ווינטשן אים צו זיין געזונט און אויף לאַנגע יאָרן פאָרצוזעצן זיין געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט מיטן זעלבן ערנסט און פלייס ווי ער האָט דאָס ביז איצט געטאָן. מיר באַגריסן דעם ווילנער ייד, וואָס האָט דאָ, אין ניו־יאָרק, פאָרגעזעצט די אומשטערבלעכע טראַדיציע פון דער שטאָט ווילנע, די „ירושלים דליטע"... צו ישורינס יובילייִ וואָלט אוודאי פאַר אים געווען די שענ־סטע מתנה אַרויסצוגעבן כאָטש אַ קליינעם ברוכטייל פון זיין אָנגעזאַמלט עשירות פון צענדליקער און פון הונדערטער טויזנטער ביבליאָגראַפישע איינסן. ווייניקסטנס אַרויסצוגעבן אַזעלכע ביבליאָגראַפישע אוצרות ווי די, וועגן יצחק לייבוש פּרץ, דר. חיים זשיטלאָווסקי, אברהם רייזען און אַנדערע גייסטיקע גדולים פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע און אין גאָר דער וועלט.

דאָס וואָלט געווען אַ ווירדיקע באַלוינונג צו יעפים ישורינס ביז איצט אַזוי פיל אָפּגעטוענע אַרבעט און אַ הויכע דערמוטיקונג פאַר זיין וויטערדיקער עבודה אויפן פּיאָנערישן געביט פון אַלגעמיינע יידישע ליטעראַטור־ און־ קולטור־ביבליאָגראַפיע.

**אליהו טראָצקי**

# עטלעכע שטריכן צו אַ פּאָרטרעט פון אַ טאַלאַנטירטן פריינד

(צו יעפים ישורינס פינף־און־זיבעציקטן געבוירנטאָג)

ס'איז כמעט אַן אָנגענומענער כּלל, אַז אויטאָביאָגראַפיע און ביב־ליאָגראַפיע באַלאַנגען צו די צוויי שווערסטע זשאַנרען אין יעדער ליטע־ראַטור. שרייבן וועגן זיך גופא, אַנטפּלעקן דעם אייגענעם אינעווייניקסטן „איך", אָפּהיטנדיק מאָס און פּראָפּאָרץ, און צוגלייך ניט מגזם זיין — איז ניט קיין איינפאַכע זאַך. ניט לייכטער איז די ליטעראַרישע מיסיע פון אַ ביבליאָגראַף, וואָס האַלט כּסדר אַן אויג אויף אַ גאַנצער מחנה גייסטיקע געפאַרן, אין וועמענס הענט ס'ליגן די שליסלען צו פרעמדע אינטעלעקטועלע אוצרות. דערצו איז ניט גענוג אויסדויער, התמדה און אינטערעס... גאָר אַנדערע קוואַליפיקאַציעס באַדאַרף פאַרמאָגן אַ ביבליאָגראַף: טאַלאַנט, עסטעטישן געשמאַק און ליטעראַרישע מבינ־ערשאַפט... און מיט אָט די אַלע מעלות האָט די השגחה באַשאָנקען אונדזער פריינד יעפים ישורין... לעוו טאָלסטאָי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ווען עס גלוסט אים זיך צו איבּפאָרמירן וועגן דייטשלאַנדס אינער־לעכער סיטואַציע, לייענט ער ניט דיקע ווויסנשאַפטלעכע בענדער, אָנגע־געשריבענע פון גערמאַנישע פּראָפעסאָרן. פאַרקערט, ער בלעטערט דורך אַ צענדליק עקזעמפּליאַרן פונעם סאַטיריש־הומאָריסטישן זשורנאַל „סימפּליציסימוס", פון וועמענס קאַריקאַטורן ער שעפּט מער אמתע אינ־פאָרמאַציע, ווי פון די וויסנשאַפטלער... טאָלסטאָיס מעטאָד איז בפירוש געניאַל! איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, אַז ווען מען וויל זיך באַקענען מיט יעפים ישורינס גייסטיקן פּאָרטרעט, גענוגען פולקאָם די פּילע קאַריקאַ־טורן, מיט וועלכע געבענטשטע פינגער פון טאַלאַנטירטע קאַרטוניסטן האָבן אים פאַרצייכנט. צוויי פון זיי שפּיגלען בולט אָפּ ביידע פּאַליוסן פון זיין לעבנס־קאַריערע: די געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע און ליטעראַרישע. אויף איינער זעט מען דעם יונגען יעפים, אָנגעטאָן אין אַ „קאָסאָוואָראָט־קע" און הויכע שטיוול, שפּרייזנדיק איבער די ווילנער גאַסן, מיט קאַרל מאַרקסעס „קאַפּיטאַל" אין האַנט, און מיט אַזאַ פּנים־אויסדרוק ווי ווען ער וואָלט וועלן זאָגן, אַז פאַר אים עקזיסטירן ניט מער קיין „פאַרשאָל־טענע פּראָבלעמען" און אַז די גאַנצע וועלט געהערט אים, יעפימען.

אַ צווייטע קאַריקאַטור, וואו מען זעט בלויז דעם אויבערשטן טייל פון זיין קערפּער מיט אַ טיף פאַרטראַכטן געזיכט, פאַרטרונקען אין אַ ים פון ביכער, זשורנאַלן און מאַנוסקריפּטן, דערציילט וועגן יעפים ישורינען דעם אינטעלעקטואַל, דעם שרייבער, דעם ביבליאָגראַף, וועגן דעם פּאָליטישן און קולטור־טוער, וואָס האָט שוין דורכגעמאַרשירט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבנס־וועג.

צווישן אָט די ביידע קאַריקאַטורן, וואָס סימבאָליזירן דעם „פרילינג"

און „האַרבסט" פון אַ מענטשלעכן לעבנס־ווערק, ליגט אַ קימא לן פון יאָרן, אָנגעפּיקעוועט מיט קאַמף, אַרבעט, זוכענישן, פאָרשונגען, באַהויכט פון פלייס און מענטשלעכקייט, וואָס וואָלטן סטייען בכדי אויסצופילן אַ גייסטיק לעבן פון עטלעכע מענטשן.

מיר איז לײדער קיין מאָל ניט אויסגעקומען אַרייַנצוקוקן אין יעפים ישורינס מענטאַלער לאַבאָראַטאָריע! יעדעס מאָל, אָבער, ווען דער בריוו־טרעגער ברענגט איינע פון די באַוואוסטע ישורינשע ביכעלעך אָדער בראָשורן, וואָס גיבן אַ ריכטונגס־שנור צו דער שאַפונג פון דעם אָדער יענעם שרייבער, טויכט אויף אין מיין געדאַנק די פראַגע: „פון וואַנען נעמט זיך צייט ביים מיטלוואוקיסיקן, דאַרינקען און שווייגזאַמען יעפימען דורכצולייענען, קלאַסיפיצירן און סיסטעמאַטיזירן אַזאַ שלל פון ווערטפולן מאַטעריאַל" ?

נאָר איינער, וואָס, וועדליק זיין פּערזענלעכער פּראָפעסיע, איז גע־צוואונגען צו נישטערן אין ביבליאָטעקן אָדער אַרכיוון, קאָן געהעריק אָפּשאַצן די גייסטיקע וואָגיקייט פון אַ ביבליאָגראַף, בעיקר פון דער קאַטעגאָריע ביבליאָגראַפן, פון יעפים ישורינס פאַרנעם... ס׳וועט בפירוש ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז פאַר אַ ליטעראַטור־פאָרשער, קולטור־היסטאָריקער אָדער סתם קריטיקער און ביאָגראַף איז ישורינס ביבליאָגראַפישע פּראָדוקציע נישט נאָר אַ מקור פון סעלעקציאָנירטער אינפאָרמאַציע. ס׳איז פיל מער, בילדלעך גערעדט, ישורינס אַן אומזע־באַרע האַנט, וואָס פאַרהעלפט צו אָריענטירן זיך אינעם ליטעראַרישן דזשאַנגל פון פרעמדער גייסטיקער שפע... און אַלץ דאָס ווערט גע־מאַכט רואיק, שטיל, געלאַסן, אָן רעש און געפילדער, מיט קענטיקער ליבע.

בטבע אַ באַשיידענע נאַטור, הגם מיט אַ קאָכיקן און קעמפערישן טעמ־פעראַמענט, באַטרעט יעפים ישורין אומגערן באַלויכטענע פלאַטפאָרמען. ער האַלט זיך כסדר אין שאָטן, מאַניפעסטירנדיק די איידלסטע מענטש־לעכע מידה — צוצוהערן זיך אויך צו אַנדערע, היפּוכדיקע מיינונגען. ער שטופּט זיך ניט צום עמוד און רייסט זיך ניט צו דער מזרח־וואַנט. לחלוטין פעלן אים עלנבויגנס, און דעריבער אפשר קומט אים דער אויבן־אָן אַנטקעגן, צוטראַגנדיק אַ כשר פאַרדינטן און פּאַסיקן פּלאַץ. ס׳וואָלט געווען אָבער אַ טעות צו מיינען, אַז דער ביבליאָגראַף און פאָר־שער יעפים ישורין, ביי וועמען „אַ וואָרט איז אַ רענדל" — קאָן ניט עקספּלאָדירן ווי אַ ווולקאַן, בעיקר ווען עס האַנדלט זיך וועגן אידעאָ־לאָגיעס אָדער פּרינציפּן. ווער פון זיינע אידעאישע חברים געדענקט ניט יענעם קאַמף, וואָס ישורין האָט אין די צוואַנציקער יאָרן געפירט קעגן דער רויטער כוואַליע, וואָס האָט געדראָט דעמאָלט צו פאַרפלייצן די אַמע־ריקאַנער יידישע גאַס?!...

ניט די געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אַרענע ניירט די ליטעראַטור איז יעפים ישורינס סטיכיע. נאָר אין דער סביבה פונעם אַרבעטס־צימער און שטענדיקער באַגלייטונג פון ביכער, זשורנאַלן, צייטשריפטן און ציי־

טונגען לעבט ער זיך אויס גײסטיק. זײן שאַרף אויג און דינער חוש פון אַ באַרופענעם ביבליאָגראַף זעען װײַטער און שפּירן טיפער, װער איז װערט צו זײן דער נעקסטער קאַנדידאַט אויף אָנערקענונג מצד דער ביבליאָגראַפישער קונסט... הלמאי לײקענען, אין דער אויסװײלונג פון קאַנדידאַטן, װעמענס שאַפונגען פאַרדינען ברײט פּראָפּאַגאַנדירט צו װערן, איז יעפים ישורין דער אמתער גרויסמײסטער, — טשעמפּיאָן אויפן געביט פון ייִדישיסטישער ביבליאָגראַפיע.

אַצינד, װען דער גרויסמײסטער פון ביבליאָגראַפישער קונסט האָט דערגרײכט דעם עלטער פון פינף־און־זיבעציק יאָר, איז, אַ חוץ װאַרעמע װינטשעװאַניעס, קאָן מען נאָך פאָלגנדיקס זאָגן: װען אַ מאָלער אָדער אַ סקולפּטאָר װאָלט באַדאַרפט אַ לעבעדיקן מאָדעל פאַר אַ פּאָרטרעט אָדער פאַר אַ סקולפּטור, װאָס סימבאָליזירט אַ פאַרליבטן אין ליטעראַטור ענטוזיאַסט, טאָ קײן בעסערן מאָדעל װי יעפים ישורין װאָלט ער ניט געפונען...

---

**דניאל טשאַרני**

## עם קײקל׳ען זיך רײפן

(יעפים ישורינען)

עם קײקלען זיך רײפן, אַ רײף נאָך אַ רײף:
די נעכטנס, די הײנטס און די מאָרגנס —
צו װילנע, צום ייװאָ, צום שטײנערנעם סײף,
װאו ס׳װערט אונדזער פאָלקס גוט פאַרבאָרגן.

עם קײקלען זיך רײפן, אַ רײף נאָך אַ רײף
פון מזרח, פון צפון, פון דרום —
זײ קומען זיך אַלע אין ייװאָ צונויף,
צום אוצר פון ביכער און ספרים.

אַזוי אָט פאַרמערט זיך דאָ אונדזער פאַרמעג
פון צײטונגען, בריװ און כתב־ידן —
װי װאונדערלעך־שאַפנדיק ס׳װערט דאָ דער װעג
פון מאָטקע חב״ד ביז שאַבאַדן!

װי װאונדערלעך־שאַפנדיק ס׳װערט דאָ דער גאַנג
פון שרה בת טובים ביז קאָרן —
אפילו מײן אײגענער שטילער געזאַנג
װעט קײנמאָל ניט גײן דאָ פאַרלאָרן.

דניאל טשאַרני

# דער וואונדערלעכער רעגיסטראַטאָר פון אונדזער ליטעראַטור

(געדרוקט אין יעפים ישורינס יובל־בוך אין 1955)

אָפיציעל איז אונדזער שטילער, באַשיידענער יובילאַר יעפים ישורין דער בוכהאַלטער פון „פאָרווערטס".

אַז ער פירט שטילערהייט אויך נאָך די בוכהאַלטעריע פון אונדזער אַלוועלטלעך־יידישער ליטעראַטור איז פאַר אונדז אַנטפּלעקט געוואָרן ערשט אין די לעצטע עטלעכע יאָר.

אמת, נאָך מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק האָט אונדז יעפים ישורין איבערראַשט מיט זיין מאָנומענטאַלן זאַמלבוך „ווילנע".

אין דעם דאָזיקן זאַמלבוך האָט ישורין, ווי אַ געטרייער זון פון „ירושלים דליטע" אַריינגעקנאָטן זיין גאַנצע ליבשאַפט און בענקשאַפט נאָך דער מוטער־שטאָט ווילנע.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט ישורין אַרויסגעגעבן צוויי וולאַדעק־ביכער צום פופציקסטן געבוירנטאָג פון ב. וולאַדעק.

אויך אין די דאָזיקע צוויי ביכער האָט זיך ישורין אַנטפּלעקט פאַר אונדז, ווי אַ גוטער רעדאַקטאָר און זאַמלער פון דעם נייטיקן און וויכטיקן מאַטעריאַל, וואָס האָט אַ גרויסן ביאָ־ביבליאָגראַפישן ווערט.

אָבער אַז דער שטענדיק־פאַרנומענער און פאַרזאָרגטער יעפים ישורין זאָל אַרויסווייזן אַ ספּעציעלן אינטערעס צו כמעט אַלע יידישע שרייבער אָנהייבנדיק פון אונדזערע קלאַסיקער ביז צו די יינגסטע פון אונדזער דור — איז עס פאַר אונדז אַלעמען אַ גאָר גרויסער און אָנגענעמער סורפּריז.

ס׳איז כמעט נישטאָ קיין איין אָנגעזעענער שרייבער, וואָס יעפים ישורין זאָל נישט האָבן זיין פולע ביבליאָגראַפיע.

אַ ביבליאָגראַפיע פון אַ שרייבער איז דאָך זיין הייס־געגאַרטער פּאַסספּאָרט פאַר זיין „אייביקייט", פאַר זיין אומשטערבלעכקייט.

וועלכער יידישער שרייבער איז דאָס בכוח צו פירן די בוכהאַלטעריע פון אַלע זיינע אייגענע שאַפונגען און פון די אַלע אַרטיקלען אָדער רע־צענזיעס, וואָס אַנדערע האָבן וועגן אים געשריבן ?

אָט, למשל, האָב איך זיך דערוואוסט פון ישורינס ביבליאָגראַפיעס וועגן משה לייב האַלפּערינען, וועגן מאַני לייבן אָדער וועגן מלך ראַוויטשן, אים צו לאַנגע יאָר, אַז אויך איך האָב געהאַט אַמאָל געשריבן אַרטיקלען וועגן די דערמאָנטע דיכטער.

נאָך מערער, כ׳האָב זיך אַפילו דערוואוסט פון ישורינס ביבליאָגראַ־פיעס וועלכע צייטונגען אָדער זשורנאַלן ס׳האָבן איבערגעדרוקט מיינע אַרטיקלען.

קאָן איך בשום אופן נישט פאַרשטיין וואו נעמט אונדזער ליבער יעפים ישורין אַזופיל צייט, געדולד און עקשנות צו פירן אַזוי מייסטער־האַפט די ברייט־פאַרצווייגטע בוכהאַלטעריע פון אונדזער אַלוועלטלעך־יידישער ליטעראַטור.

מיט אַזאַ מין ביבליאָגראַפישער צענטראַלע פאַרנעמט זיך געוויינ־לעך אַן אינסטיטוציע מיט אַ סך מיטאַרבעטער, וועלכע לייענען סיסטע־מאַטיש די גאַנצע יידישע וועלט־פרעסע, נישט נאָר אין יידיש אַליין.

איז טאַקע יעפים ישורין אַ פענאָמען און אַ נס.

דער נס ווערט נאָך גרעסער, ווען מען ווייס אַז יעפים ישורינס ביבליאָגראַפישע טעטיקייט איז לחלוטין אַ פרייוויליקע און בחינמדיקע.

כ'האָב לעצטנס פּרובירט אָנפרעגן ישורינען צי ער האָט מיין ביב־ליאָגראַפיע?

כ'בין פראָסט־פשוט געווען נייגעריק צו וויסן, צי פריינד ישורין האַלט אויך מיך אויפן אויג, צי געהער איך, הייסט עס, אויך צו יענער קאַטעגאָריע יידישע שרייבער, וואָס ישורין פירט פאַר זיי זייער „אימ־מאָרטעל״־בוכהאַלטעריע?

ווי גרויס איז געוואָרן מיין פרייד און מיין שטאָלץ, ווען פריינד יעפים ישורין האָט מיר באַלד געענטפערט, אַז געוויס קאָן ער מיר צו־שטעלן מיין גאַנצע ביבליאָגראַפיע, אויב נאָר כ'האָב אַ פאַרלעגער...

ווען איך איצטער רואיקער שטאַרבן, וויסנדיק אַז אין יעפים ישורינס קאַרטאָטעק ליגט שוין פאַרשטעקט אויך מיין אייגענע „אומ־שטערבלעכקייט״ אין דער יידישער ליטעראַטור.

אָבער אויך אונדזער ליבער יובילאַר איז שוין געוואָרן אומשטערב־לעך דורך זיין גאָר גרויסן אויפטו און צושטייער וואָס ער טראָגט צו אַזוי שטיל און באַשיידן צו אונדזער ליטעראַטור.

וואָלט גוט געווען, ווען אין דעם געפּלאַנטן יובילײ־בוך לכבוד ישורינען זאָל אַריינקומען אַ ביבליאָגראַפיע פון זיינע שוין ביז איצט פאַרעפנטלעכטע און נאָך נישט פאַרעפנטלעכטע ביבליאָגראַפיעס פון אונ־דזערע שרייבער אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

אדרבא, זאָלן אַלע זען און וויסן, וואָס אַזוינס יעפים ישורין האָט שוין אויפגעטאָן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וואָס מען האַלט זי, נעבעך, אין איין באַוויינען און באַקלאָגן.

אדרבא, זאָלן טאַקע וויינען און קלאָגן די יעניקע, וועלכע האָבן נישט געהאַט די פרייד און די זכיה צו געניסן פון די אַלע יידישע שריי־בער, וועלכע פיגורירן אין יעפים ישורינס קאַרטאָטעק.

דעריבער מיין איך, אַז יעדער יידישער שרייבער און אויך יעדער לייענער איז שולדיק אַ גאָר גרויסן דאַנק צו יעפים ישורינען פאַר זיין פאַרשטעלן אונדז יעדן אָוועקגעגאַנגענעם און, דאַנקען גאָט, יעדן נאָך לעבעדיקן יידישן שרייבער אין זיין פולער געשטאַלט מיט זיין גאַנצן ליטעראַרישן פאַרמעגן.

ב. טשובינסקי

# אַ פּערזענלעכקייט אין אייביקן ווערן

ביי אַ פּאָר פריערדיקע געלעגנהייטן האָבן ישורינס צאָלרייכע פריינד, אינטימערע און ווייטערע, אָפּגעשאַצט זיין פּלאַץ אין אונדזער קולטור־וועלט און אין וואַרעמסטע ווערטער דערציילט וועגן זיינע ביז גאָר וויכ־טיקע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אויפטוען, וועגן זיינע אויסגע־מיקע מעלות און מידות. ווען איינער וואָס קען ישורינען בלויז מן הצד באַ־קענט זיך מיט אָט די אויפריכטיקע אָפּרופן און האַרציקע אויסדרוקן פון סימפּאַטיע, מוז אים אויפפאַלן אַן עקסטרע מעלה אין ישורינס כאַראַק־טער — זיין ניט איבערנעמען זיך מיט די פאַרדינטע שבחים, זיין פאַר־בלייבן, ווי קיינמאָל גאָר ניט, דער מענטש פון „אַנדערסטייטמענט״, זיין ניט אָפּקערן אויף אַ האָר פון זיין איין מאָל פאַר אַלעמאָל פאַר זיך אָנגע־מערקטן וועג.

ג. כאַנין, וואָס קען ישורינען פון דער באַנט ווי זעלטן ווער, דער־מאָנט אין זיין ישורין־אָפּשאַצונג („יעפים ישורין יובל־בוך, לכבוד זיין 70סטן געבוירנטאָג״) ישורינס דור (און זיינעם, כאַנינס) פון 60־70 יאָר צוריק, דעם דור וואָס דער געשיכטלעכער מאָמענט און די אומשטענדן האָבן באַשטימט צו זיין אַ דור פון אידעאַליסטן און קעמפּער. אָט דער אָן ספק העראָאישער דור וואַרט נאָך אַלץ אויף זיין ווערדיקן תיקון אין דער יידישער ליטעראַטור. עס בלייבט אָבער דער אמת, וואָס לאָזט זיך שווער אָפּפרעגן: כאַראַקטער־פעסטקייט ביי אָט דעם דור איז לרוב געווען אַ קאָלעקטיווע אייגנשאַפט און פשוטע מענטשלעכע וואַרעמקייט האָט מער־סטנס געהאַט אַ שייכות ניט אַזוי צום יחיד ווי צום כלל. מען איז, וואָס אַן אמת, ניט געגאַנגען אַזוי ווייט ווי יענע דאַמע ביי דאָסטאָיעווסקין, וואָס האָט ליב די מענטשהייט און האָט פיינט די מענטשן, אָבער טובת הכלל, די ליידן „פונעם אַרבעטער־קלאַס״, האָבן געלאָזט ווינציק־וואָס פּלאַץ פאַר אומקוקן זיך אויף די ליידן פונעם איינצלנעם „אַרבעטער״, פאַר די נויטן פונעם איינצלנעם מענטשן בכלל. יעפים ישורין, ווי אַלע זיינע אַלטע פריינד באַשטעטיקן עס, געהערט צו די יחידי סגולה פון יענעם דור, וואָס „באַזעלט מיטן גרויסן מענטשלעכן אידעאַל פון אַלגע־מיינער מענטשלעכער באַפרייאונג״ (ג. כאַנין), האָט ער קיינמאָל ניט פאַרזען דעם מענטשן אין אַ נויט. פון ערשטן אָנבליק זאַכלעך און פאָר־מאַליסטיש, שטראָמט פון אים אַ שטילע, ניט־אַפּישירטע און ניט־ דע־קלאַרירטע פשוטע ליבע און סימפּאַטיע צו יעדן וואָס קומט אים אין וועג.

יידישע שרייבער רעדן אַ סך וועגן ישורין — „דער ביבליאָגראַף״, „ישורין אונדזער ביבליאָגראַפישע צענטראַלע״, „די אינסטיטוציע — יעפים ישורין״. אין אָט די אַלע שבחים איז ניטאָ קיין שמץ פון איבער־טרייבונג. עס שטעקט אָבער אין אַלץ דעם — לאָמיר עס זאָגן אָפן — אַ שפּאָר ביסל עגאָאיזם. דאָס קאָן הייסן לפי ערך אַזוי: — זע, זע נאָר, זע, אַן אַרבעט, וואָס ס׳האָט פאַר איר זיך געפאָדערט אַ צענטראַלע (אַ

שרייבערישע), אַן אַרבעט, וואָס מ׳וואָלט זי געקענט טאָן, נאָר דורך שאַפן אַן אינסטיטוציע (אַ שרייבערישע), האָט זי, אָט די אַרבעט, געטאָן און טוט פאַר אונדז איין און איינציקער מענטש, און מיט וואָס פאַר אַ ברייט־האַרציקייט מיר ווערן עס באַדינט! — עס וועט אפשר קוים זיין אַ גוזמא אויב מ׳זאָל זאָגן, אַז נאָך אַלעמען איז ישורינס אויפטו ווי דער ביבליאָ־גראַף פון דער יידישער ליטעראַטור ווייט נאָך ניט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן. ערשט אַן אַרומנעמענדיקע אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון דער נייער יידישער ליטעראַטור וועט בולט אַרויסשטעלן דעם אומגעהייער גרויסן פאַרנעם פון יעפים ישורינס אויפטו, וואָס מ׳קען זעלטן געפינען זיין גלייכן אין אַן אַנדער ליטעראַטור. דאָס וואָס ישורין האָט געטאָן און טוט פאַר דער יידישער ליטעראַטור, האָט געקאָנט געטאָן ווערן בלויז ווען מ׳פאַרמאָגט ליבע אָן אַ גרענעץ צו דער זאַך און די פעאיקייט אויף מסירת נפש אויך.

אין טאָג, ווען אָנגעלאָדן מיט יוגנטלעכער ענערגיע און שטרעבונג, ווערט ישורין אַ פינף און זיבעציקער, ווילט זיך צוערשט טראַכטן וועגן יענעם ישורין, וואָס „האָט קיינמאָל ניט געמאַכט דעם איינדרוק און דעם אָנשטעל, אַז ער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס די לאַסטן פון אונדזער קול־טור־געזעלשאַפטלעכער וועלט.

„ישורין איז אַן עקשן ... איז ער אָבער טאָלעראַנט און אויפמערק־זאַם צו אייך ווען איר גיט אָן פּאַקטן, אורזאַכן ... און דאַן טרעט ער אָפּ פון זיין ׳עקשנות׳ און שטימט איין מיט אייך. אַזאַ שטריך פון אַן עקשן איז אַ לויבנסווערטיקער״ (ב. גאַבינער). מיר וואָלטן געקאָנט צו־געבן, אַז טאָלעראַנץ און אויפמערקזאַמקייט זיינען ניט אַן ערך מער ווי אַ „שטריך״ און גראָד אין ב. געבינערס אַרטיקל אין אויבן־דערמאָנטן „יובל־בוך״, געפינען מיר גאָר אַ סך ענלעכע „שטריכן״, וואָס זיינען אַ סך מער ווי סתם לויבנסווערט.

* * *

דער אַמעריקאַנער פילאָסאָף וויליאַם דזשיימס האָט איינגעטיילט די מענטשן אויף צוויי גרופּעס: אַזעלכע וואָס ווערן געבוירן איין מאָל און אַנדערע וואָס מאַכן איבער זייער נאַטור און ווערן געבוירן אַ צווייט מאָל.

כדי צו ווערן דאָס וואָס ישורין איז געוואָרן מוז מען, פאַרשטייט זיך, פאַרמאָגן געוויסע איינגעבוירענע אייגנשאַפטן, נאַטירלעכע דיספּאָזיציעס. באַקענט מען זיך אָבער, ווען אויך נאָר אויבנאויפיק, מיט ישורינס ביאָגראַפיע, מוז עס איינעם קלאָר ווערן, אַז ישורין געהערט צו דער קאַטעגאָריע מענטשן, וואָס אַרבעטן אומדערמידלעך איבער זיך אַליין. דער ווילנער ייד, וואָס ישורין טראָגט אין די פאַרהוילנסטע ווינקעלעך פון זיין נשמה, האָט קענטיק אויף אַ העכט יידישן שטייגער זיין לעבו־לאַנג געשטרעבט צו אַלץ העכערער און העכערער שלימות. יעפים ישורין פאַרקערפּערט דעם אידעאַל פון אַ פּערזענלעכקייט אין אייביקן ווערן. די וואָס ווינטשן אים צו זיין פינף און זיבעציקסטן געבוירנטאָג ער זאָל לאַנג, לאַנג נאָך אַזוי שטרעבן און ווערן — זיינען אַ לעגיאָן.

**מיכאל טשערניכאָוו־אַסטור,**
אַסיסט. פּראָפעסאָר פון יידישער קאַטעדרע
אין בראַנדייס אוניווערסיטעט

# די שרייבער־ און מאָלער־גרופּע יונג־ווילנע האָט געפונען אין אים אַן אויפריכטיקן פריינט

**ליבער און חשובער פריינד און לאַנדסמאַן יעפים ישורין!**

נעמט אָן מיין האַרציקע באַגריסונג צו אייער יובל, וואָס איז אַ שמחה פאַר דער גאַנצער יידישער קולטור־סביבה און באַזונדערס פאַר די ווילנער יידן, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט.

איך האָב ניט געהאַט דעם זכות זיך צו באַגעגענען מיט איין פאַר דער מלחמה — אין ווילנע פון צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן — איר האָט געהאַט פאַרלאָזן אונדזער היימשטאָט פריער — אָבער אַלע אין ווילנע האָבן געוואוסט, אַז אויך אין דעם גרויסן ניו יאָרק זייט איר געבליבן אַ געטרייער און איבערגעגעבענער ווילנער. להיפוך צו אַ סך עמיגראַנטן, וואָס זייער היימשטאָט פאַרבלייבט אין זייער פאָרשטעלונג אומפאַרענדערט אַזאַ איז ווי זי געווען בעת זיי האָבן זי פאַרלאָזט, זייט איר געבליבן פאַרבונדן מיט דער לעבעדיקער און וואַקסנדיקער קולטור־



די גרופּע „יונג-ווילנע"

סביבה פון דער יידישער ווילנע במשך פון אַלע יאָרן, וואָס זי האָט נאָך באַוויזן צו עקסיסטירן ביז איר אונטערגאַנג אין תהום פון דעם גרויסן יידישן חורבן פון אייראָפּע.

די יונגע נאָוואָטאָרישע שרייבער- און מאָלער-גרופּע „יונג-ווילנע", וואָס אירע מיטגלידער פאַרנעמען איצט אַזאַ אָנגעזעענעם אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט געפונען אין אייך אַן אויפריכטיקן פריינד פון יענער זייט אָקעאַן. איר האָט אַרויסגעוויזן אַ לעבעדיקן אינטערעס צו זייער אַרבעט און שאַפונג, איר האָט זיי דערמונטערט צו נייע אויפטוען און איר האָט געהאָלפן פּאָפּולער צו מאַכן זייערע נעמען און דערגרייכונגען אין דער יידישער אַמעריקע. ניט אומזיסט האָבן זיי אייך אַ נאָמען געגעבן „דער אַמבאַסאַדאָר פון יונג-ווילנע אין אַמעריקע" און אויסגעדריקט אייך זייער אָנערקענונג און דאַנק אין אַ פּרעכטיקן האַנטגעשריבענעם און אילומינירטן אַדרעס, וואָס איז ביים היינטיקן טאָג אַליין פאַר זיך אַ רירנדיקער דענקמאָל פון יענער פאַרשוואונדערער צייט און פון יענע יונגע מענטשן, פון וועלכע אַזוי פיל זיינען אומגעקומען.

איצט, ווען די יידישע ווילנע איז אַראָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד, איז באַזונדערס וויכטיק און טייער איטלעך ווערק וועגן ירושלים דליטע, וואָס האָט באַוויזן אַרויסצוגיין נאָך אין דער צייט פון איר קיום און בליאונג. דאָס גרויסע זאַמלבוך „ווילנע", וואָס איז אַרויס אין ניו-יאָרק אין 1935 לויט אייער איניציאַטיוו און אונטער אייער רעדאַקציע, איז פאַרבליבן אַ וויכטיקער היסטאָרישער מקור וועגן דער שטאָט, וואָס האָט אָפּגעשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דער נייער נאַציאָנאַלער, סאָציאַלער און קולטורעלער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

יעדער היסטאָריקער ווייסט, ווי ערשטראַנגיק וויכטיק עס זיינען פולע און בפרטיותדיקע ביבליאָגראַפישע רשימות אויף יעדער קאָנקרעטער טעמע פון פאָרשונג. פאַר די לאַנגע יאָרן פון אייער אָפּגעבן זיך מיט ליבשאַפט און אויסדויער דער ביבליאָגראַפישער טעטיקייט האָט איר אויפגעטאָן אַ געוואַלדיקע פּראָדוקטיווע אַרבעט אויפן געביט פון יידישער ביבליאָגראַפיע.. עס איז כמעט ניטאָ קיין איין יידישער שרייבער, קינסטלער, וויסנשאַפטלער אָדער כלל-טוער, וואָס איר זאָלט ניט האָבן צונויפגעשטעלט אַ פולע און גענויע ביבליאָגראַפישע רשימה ניט נאָר פון אַלע זיינע ווערק (אַריינגערעכנט די קלענסטע אַרטיקלען, צעוואָרפענע איבער לאָקאַלע צייטונגען), נאָר אויך אַלע אָפּרופן פון קריטיק און פאַרצייכענונגען אין דער פּרעסע. פאַרן קומענדיקן ביאָגראַף, ליטעראַטור-היסטאָריקער אָדער פאָרשער פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען אויף דער יידישער גאַס וועלן אייערע ביבליאָגראַפישע סך-הכלען דינען פאַרן תחילתדיקן מכשיר פון זיין אַרבעט. די דאָזיקע באַשיידענע, אָבער פונדאַמענטאַלע אַרבעט האָט געהאָלפן באַקאַנט און נאָענט צו מאַכן אייער נאָמען פאַר אַלע פריינד פון יידישן וואָרט.

איך ווינטש אייך געזונט, כוח און אריכת-ימים און אַ סך גייסטיקע באַפרידיקונג פון אייער אַרבעט לטובת הכלל.

**נחום יוד**

# י ע פ י ם   י ש ו ר י ן

(געשריבן צום 65סטן געבוירנטאָג פון י. ישורין)

דער שיינער וועג
פון דיינע טעג,
דיין האַרציקייט און גלויבן, —
זאָל שטענדיק, פריינד,
ווי ביזן היינט,
אויך ווייטער דיך דערהויבן.

דער ווילנער ייד,
וואָס בויגט זיך ניט
און טראָגט דעם יאָך דעם שווערן,
דאָך שטענדיק גרייט
אין יעדנס רייד
דאָס מענטשלעכע צו הערן...

דיך האָט פאָרוים
צו וועלטן גרוים
דיין שטאָלצער טרוים געטריבן,
נאָר אומעטום
באַשיידן, פרום,
דער ווילנער ייד געבליבן.

גיי־אָן, מיין פריינד,
ווי ביזן היינט,
מיט האַרציקייט און גלויבן!
דער שיינער וועג
פון דיינע טעג
זאָל שטענדיק דיך דערהויבן.

# דאָס געזאַנג פון אַ דור

מיין טייערן פריינד, דעם ליבן מענטשן י. ישורין

מיר האָבן יונגע און געטרייע
אין קאַמף מיט רשעות זיך געשטעלט,
געטרוימט דעם מענטשן צו באַפרייען,
און אויפבויען אַ נייע וועלט.

און ס'האָט דער חלום אונדז דערהויבן,
געמונטערט אונדז אין שווערן וועג!
און ס'האָט דער פייערדיקער גלויבן
געשטאַרקט אונדז אין די טריבע טעג.

און איצט האָט זיך די וועלט געענדערט:
ניט עלנט זיינען מיר אין שטרייט!
נאָר טייערער פאַרבלייבט אונדז שטענדיק,
דער הויכער טרוים פון יענער צייט!

און וואויל איז דעם וואָס קען דערהויבן
די מי פון וואָכעדיקע טעג,
און טראָגן טיף אין זיך דעם גלויבן
דורך אַלע שטרויכלונגען אין וועג.

**זלמן יעפּרויקין,**
בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג

# ווילנע — ניו־יאָרק

(עטלעכע באַמערקונגען צו ישורינס 75סטן געבוירנטאָג)

יעפים ישורין איז אַן אַקטיווער און אַלזייטיקער געזעלשאַפטלעכער טוער. ס'איז ניטאָ איין געביט פון דער געזעלשאַפטלעכקייט פון יידיש־וועלטלעכן סעקטאָר, וואו ישורין זאָל זיך ניט אָנזען און זיין טעטיק.

דאָס וואָס ער שטאַמט פון דער שטאָט ווילנע, וועלכע איז ביז היטלערן ימח שמו געווען אַ יידישע שטאָט פון תורה און לערנען, האָט אַרויפגעלייגט אַ חותם אויף זיין פּערזענלעכקייט. ווילנע — די יידישע ווילנע



זלמן יעפּרויקין און יעפים ישורין

— איז אין אַ געוויסן זין געווען אַ שטאָט פון קעגנזאַצן. פון איין זייט איז עס געווען אַ שטאָט פון יידישע לומדים, פון יידישער פאָלקסטימלעכקייט, רייך מיט אַ יידיש פאָלקס־לעבן. פון דער צווייטער זייט, האָט אין איר זיך אַריינגעכאַפּט אויך דער גייסט פון רוסיפיקאַציע, וואָס האָט גענומען אָנשטעקן געוויסע באַלעבאַטישע שיכטן.

מיט אָט די צוויי קעגנזאַצן האָט אַ צייט געלעבט יעפים ישורין. זיי

שפּיגלען זיך פּאַקטיש אָפּ אין זיין נאָמען. פון איין זייט, דער יחוסדיקער יידישער נאָמען ישורין, צו וועלכן עס איז שפּעטער צוגעקומען דער פרעמדער „יעפים“ אויפן אָרט פון חיים, און אונדז דוכט זיך, אַז אַ צייט איז ביי אים געווען אַ ויתרוצצו צווישן „חיים“ און „ישורין“, און אַ שלום האָט זיך איינגעשטעלט ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין אַמעריקע.

אין ווילנע איז אויך געשטאַנען „דאָס וויגעלע פון בונד“. ישורין ווערט אַ בונדיסט — אַ יידישער סאָציאַליסט. פון בונד האָט אים דער וועג געפירט, ווען ער איז געקומען אין אַמעריקע אין 1907, צום „פאָר־ווערטס“ און דעם אַרבעטער־רינג. פון דעמאָלט אָן ווערט זיין גורל פאַר־בונדן מיטן יידישן פאָלקס־לעבן און מיט דער יידישער קולטור. אין אָנהייב קווינקלט ער זיך, אָבער ביסלעכווייז מאַכט ער דורך די עוואָ־לוציע פון אַ סך בונדיסטן און פון דעם גאַנצן בונד, פון דעם לעבלעכן נייטראַליזם צו אַ טיפן אינטערעס אין דעם קיום פון דער יידישער קול־טור, צו אַקטיווער מיטאַרבעטערשאַפט אין דער בויאונג פון יידישע קולטור־אינסטיטוציעס און פון דער יידישער ליטעראַטור. ער הערט אויף צו זיין אַ זייטיקער צוקוקער וואָס לאָזט אַלץ איבער צום גאַנג פון לעבן, פון דער „געשיכטע“, און ווערט אַן אַקטיווער מיטבויער און מיט־קעמפער, כדי אויפצוהאַלטן אַלטע יידישע קולטור־ווערטן און שאַפן נייע.

צוויי וויכטיקע פאַקטאָרן האָבן דאָ געשפּילט אַ גרויסע ראָלע: ערשטנס, זיין טיפע ליבע צו דער היים־שטאָט ווילנע; צווייטנס, זיין ליבע און געטריישאַפט צום אַרבעטער־רינג.

ווילנע איז אים פאַרבליבן איינגעבאַקן אין האַרצן. ער איז איר געבליבן געטריי זיין גאַנץ לעבן. ער האָט דער שטאָט געווידמעט זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן. ער איז דער רעדאַקטאָר פון אַ ריי זאַמלביכער וועגן ווילנע, וואָס דאָס וויכטיקסטע איז געווען דאָס בוך „ווילנע“, פון 1,012 זייטן, אַרויסגעגעבן פון ווילנער אַרבעטער־רינג ברענטש 367, אין יאָר 1935. ער שטעלט זיך אין די רייען פון יעדער הילף־אַקציע פאַר די „ווילנער“, פאַר דער שטאָט ווילנע און פאַר אירע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. וואָס האָט אים געצויגן צו ווילנע? דאָך ניט אירע קלויס־טערס און קאָשציאָלן, דאָך ניט דאָס קלינגען פון די קירכן־גלאָקן, וואָס פלעגט אָנפילן מיט מורא און שרעק יידישע הערצער. אַוודאי אויך ניט דער אָסטראָ בראַם טויער, דורך וועלכן דער ייד פלעגט דורכגיין קוים אַ לעבעדיקער, ווען ער פלעגט ניט וועלן אַראָפּנעמען דאָס היטל.

ליב און טייער זיינען אים געווען די ווילנער יידישע געסלעך; ליב און טייער זיינען אים געווען די ווילנער יידן, די יידן וואָס האָבן פון ווילנע געמאַכט אַ ירושלים ד׳ליטע. עס איז אים געווען ליב און טייער ווילנע די שטאָט פון תורה און לערנען, די שטאָט פון יידישער חכמה, יידישע מידות און טראַדיציעס. עס איז געווען ליב און טייער ווילנע, די שטאָט פון דער ברויזנדיקער אידעאַליסטישער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, די שטאָט וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם פאָלקס־העלד, הירש לעקערט.

זיינע פיר יאָר אין דער יידישער קרוין־שול, אין דער רוסיפיציר־טער „יעוורעיסקאָיע נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע", זיינען געווען ניט מער ווי אַ פּאַראיבערגייענדיקער עפּיזאָד אין זיין לעבן, כאָטש דאָרטן האָט מסתמא אים זיך צוגעקלעפּט דער נאָמען „יעפים". געוואָרצלט האָט ער אין דער היים פון זיינע עלטערן, וואָס איז געווען אַ טיף־יידישע, און דורות און דורות פון יידישער פאָלקסטימלעכקייט, פון יידישע מנהגים און פירונגען, פון יידישע האָפענונגען.

באַגייסטערט האָט אים די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, איר אידעאַליסטישער און העראָאישער קאַמף פאַר פרייהייט פון אַלע מענטשן און — וואָס איז געווען ניט ווייניקער וויכטיק — פאַר דעם כבוד פון דעם יידישן מענטשן. אין איר, אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט ער זיך פאַרוואָרצלט. זי איז דאָך אייגנטלעך געווען אַ המשך פון דעם אייביקן יידישן בטחון אין אַ בעסערן מאָרגן און פון דעם אייביקן יידישן דראַנג צו העכערע מאָראַלע ווערטן.

ווילנע האָט ביי אים געשאַפן די צוגעבונדנקייט צו יידישע קולטור־אוצרות, דעם דרך־ארץ פאַר קולטור־ווערטן און אויך פאַר דעם שאַפער און טרעגער פון די קולטור־ווערטן — דעם יידישן שרייבער.

אָט די אַלע געפילן זיינען ביי אים צייטוויייליק געווען דערשטיקט אפשר דורך דער קאַזיאָנער רוסישער שול (ווער ווייס?), אָדער אפשר גאָר ווייל ער איז צייטוויייליק פאַרבלענדט געוואָרן פון דער אידיי פון פעלקער־ברודערשאַפט — אַ גוטע אידיי אין וועלכער מיר גייטיקן זיך נאָך היינט און וועלכע איז נאָך אַלץ ניט מקוים געוואָרן — און אַז אָט־אָט וועט דער סאָציאַליזם לייזן אַלע פּראָבלעמען.

די געפילן האָבן אָבער ביסלעכוויז צוריק אויפגעלעבט ווען ער איז אין אַמעריקע געוואָרן מיט לייב און לעבן צוגעבונדן צום אַרבעטער־רינג. ער, ווי אַ סך אַנדערע, האָט דאָך אין אַמעריקע דערזען דעם דראַנג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן צו יידישער קולטור, זייער נויט זיך אויסצולעבן אין אַ יידישער קולטור־סביבה און דורך דער יידישער שפּראַך.

איז פאַר אים דער אַרבעטער־רינג געוואָרן קודם כל די אָרגאַניזאַציע פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטור־אויסלעבן זיך פון דעם מיטגליד. ער האָט ניט געהערט צו די וואָס האָבן זיך אויף גיך באַגייסטערט. אין דעם פּרט איז ער געווען אַ קאַלטער, רואיקער ליטוואַק. זיינען ביי אים, ווען עס איז אויפגעקומען די שול־באַוועגונג אין אַרבעטער־רינג, לכתחילה געווען איבערלייגענישן, באַטראַכטענישן. האָט ער זיך אָבער אָנגעוואָרעמט, איז ער געוואָרן איינער פון די נאָענטסטע פריינד פון דער יידישער שול.

ער האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז קולטור דאַרף האָבן אַרום זיך אַ ברייטע פּעריפעריע; אַז די קולטור־אַרבעט פון אַרבעטער־רינג וועט פאַרמאָגן מער ווערט און זיך קענען בעסער אַנטוויקלען, ווען די יידיש־וועלטלעכע גאַס וועט זיין רייך מיט קולטור־אינסטיטוציעס, וואָס יעדע איינע פון די אינסטיטוציעס וועט בייטראָגן אויף איר געביט. ער דער־

מוטיקט דעם אויפקום פון אַזעלכע אינסטיטוציעס און איז אין זיי טעטיק. באַזונדער איז אים נאָענט דער ייוואָ (דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט). האָט דאָך דער ייוואָ אויך געהאַט אַ גרויסע שייכות מיט ווילנע: דאָרטן איז ער דאָך אויפגעקומען; דאָרטן איז דאָך געווען זיין בלי־צייט.

ליבע צו קולטור, צו וויסן, פירט צו ליבע צום געדרוקטן וואָרט, צום בוך. אַזוי איז ישורין געוואָרן דער אָפּהיטער פון דער יידישער ליטעראַטור, איר ביבליאָגראַף. ער פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָגראַפישע קאַרטאָטעקע פון אָן אַ צאָל יידישע שרייבערס, וואָס זיי האָבן געשריבן און וואָס מען האָט וועגן זיי געשריבן אין ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן. ער טוט דאָס וואָס ביי די אומות העולם טוט אַ וויסנשאַפטלעכע אַקאַדע־מיע. אַזוי אַרום האַלט ער דעם שליסל צו דער יידישער ליטעראַטור, דעם שליסל פאַר אירע פאָרשערס און היסטאָריקערס פון היינט און וואָס וועלן קומען אין די שפּעטערדיקע דורות.

ס׳איז ניטאָ קיין אַנדערער אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס זאָל גרייט זיין אָפּגעבן דער ביבליאָגראַפיע אַזוי פיל צייט, מי און כוחות. כדי דאָס צו טאָן פאָדערט זיך קודם כל אַן אידעאַליסטישע ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צום יידישן שעפערישן וואָרט. אַחוץ דעם, דאַרף מען פאַר דער אַרבעט פאַרמאָגן געוויסע מעלות: עקשנות, אויסדויער, סיסטעמאַטישקייט און אויסערגעוויינלעכע פּינקטלעכקייט און זאַכלעכקייט. אייגנטלעך זיינען די מעלות כאַראַקטעריסטיש פאַר ישורינס פּערזענ־לעכקייט.

אין ישורינס האַרץ האָט תמיד געקלאַפּט אַ וואַרעמער אָדער צו ווילנע, צום אַרבעטער־רינג און צו דער יידישער ליטעראַטור. ווילנע ליגט אין חורבות. ניטאָ מער אונדזער ירושלים ד׳ליטע. עס לעבט און וועט לעבן דער אַרבעטער־רינג; עס לעבט און וועט לעבן די יידישע ליטעראַטור. גיט ער זיי ווייטער אָפּ זיינע כוחות, זיין טיפן אינטערעס. ער איז זייער איבערגעגעבענער פריינד און שומר.

ווילן מיר ווינטשן ישורינען, צו זיין 75סטן געבוירנטאָג, אַז עס זאָל זיין „חיים״ — אַ געזונט און ניצלעך לעבן ביז הונדערט־און־צוואַנציק.

מ. ירדני,
רעדאַקטאָר פון ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט

# יעפים ישורין — מענטש און שרייבער

מענטש און שרייבער, מענטש און קינסטלער זיינען פון די איידעלע זאַכן וואָס גייען זעלטן צוזאַמען, אָבער עס זיינען פאַראַן אויסנאַמען — און צו זיי געהערט אויך דער חשובער בעל־היובל יעפים ישורין.

און דעריבער איז אַ גרויס נחת צו שרייבן פון אַזאַ איינעם!

איך ווייס נישט וואָס אַן אַקאַדעמישער און מעטאָדישער ביבליאָגראַף דאַרף זיין, איך ווייס אָבער וואָס ער איז: ער איז אין מייסטע פאַלן אָנשטעלעריש, טרוקן און ענגהאַרציק...

מיך אַרט נישט אויב אימיצער וועט קומען און זאָגן אויף יעפים ישורינען, אַז ער איז נישט קיין אַקאַדעמישער און מעטאָדישער ביבליאָגראַף; ער איז אָבער — ער!

אויך מוסאָרגסקי איז נישט געווען קיין אַקאַדעמישער און מעטאָדישער קאָמפּאָזיטאָר, ער איז אָבער געווען אַ קרעאַטיווער קאָמפּאָזיטאָר.

און וואַן־גאָג איז אויך נישט געווען קיין אַקאַדעמישער און מעטאָדישער מאַלער, אָבער זיין טאַלאַנט און זיינע שאַפונגען אויף אַ סך מאַלער געזאָגט געוואָרן.

קורץ: איר קאָנט ביי מיר גאָרנישט אַראָפּדינגען פון יעפים ישורינס איינגעבאָרענעם ביבליאָגראַפישן טאַלאַנט און דער עיקר פון זיין גרויסער איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט צו אָט דער אומדאַנקבאַרער שאַפערישער אַרבעט, וואָס איז ביי אונדז דער סאַמע פאַרשווייגנדיקסטער ליטעראַרישער־צווייג אין דער יידישער שרייבערישער אימפּעריע.

יעפים ישורין האָט באַוויזן אַז מ׳קאָן אין אַזאַ זאַכלעכער ליטעראַרישער אַרבעט ווי ביבליאָגראַפיע אַפילו, זיין וואַרעם, שאַפעריש און מענטשלעך.

עס ליגן דאָ פאַר מיר אַ ריי פיין־געדרוקטע ביבליאָגראַפיעס פון ישורינס וואַרעמער פען — צווישן זיי: ש. ניגער, חיים גרינבערג, נפתלי גראָס, מאַני לייב, ב. ריווקין, משה־לייב האַלפּערן, מלך ראַוויטש. די איידעלע באַציאונג צו יעדן פון אָט די דערמאָנטע שריפטשטעלער זינגט אַרויס ממש פון יעדער שורה. איר פילט ניט אין די דאָזיקע ביבליאָגראַפיעס קיין שום פּוסטע אָנשטעלערישקייט, אויגן־פאַרגלאָצטקייט און שטערן־פאַרקנייטשטקייט, נאָר אַן ערלעכער, ריינער צוגאַנג פון איינעם, וואָס טוט זיין אַרבעט אויף אַ בנעימותדיקן און בשלימותדיקן אופן.

נאָך מער: ווען איר לייענט דורך די נעמען פון די שרייבער וועמעס אַרטיקלען עס ווערן פאַרצייכנט אין די דערמאָנטע ביבליאָגראַפיעס, זעט איר אויך ווי פריי יעפים ישורין איז פון פאַרטייאישקייט, ענגהאַרציקייט און וואָלוועלער פּאָליטיקאַנטסטוואָ... דער ערנסט און די אויפריכטיקייט שיינען אַרויס, גיבן צו וויסן; איר פילט אַז דער מחבר איז אַריינגעטאָן אין דער גאַנצקייט פון דער יידישער ליטעראַטור מיט אַלע אירע מאַני־

פעסטאַציעס, קניטשן און פאַלדן, נישט דער יחיד, נאָר דער גאַנצער קאָלעקטיוו יידישע שרייבער איז דער אַקס, אַרום וועלכן עס דרייט זיך יעפּים ישורינס טיפער אינטערעס.

אַ באַזונדערן מאָנומענטאַל־ווערק האָט דער חשובער בעל־היובל פאַר זיך אויפגעשטעלט מיטן זאַמלבוך „ווילנע", פון אַריבער טויזנט זייטן געווידמעט דער שטאָט ווילנע. אמת, יעפּים ישורין האָט אָט דעם דאָזיקן דיקן בוך „בלויז" רעדאַקטירט, אָבער וויפיל כוחות, אַרבעט, געדולד, ליבע און שאַפערישקייט ער האָט אין אים אַריינגעלייגט!

איך האָב זיך גענומען די מי נאָכאַמאָל דורכצובלעטערן אָט דעם דאָזיקן ווערטיקן בוך פון יידישע ווערטן און טאַקע אויפסניי איבערגע־לייענט אויך יעפּים ישורינס אייגענע אַרבעטן — די קאַפּיטלען: „די יידישע און אַלגעמיינע פּרעסע אין ווילנע"; „ווילנער פרייהייט קעמ־פער"; „ווילנער טוער אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג"; „די געשיכטע פון ווילנער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע", און די קורצע „הקדמה", וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט קלאָרע משנה־זאַצן. יעדער קאַפּיטל איז אַ שטיק האַרץ און נשמה מיט אַ צולאָג פון שרייבערישער שאַפערישקייט, מענטשלעכער וואַרעמקייט און אחריות.

מ'דאַרף נישט זיין גראָד אַ ווילנער כדי צו ווערן מיטגעריסן פון די אַלע נעמען, וועלכע גייען אַריין אינעם קאַפּיטל „ווילנער פרייהייט קעמפער", אָדער פונעם קאַפּיטל „די יידישע און אַלגעמיינע פּרעסע אין ווילנע". די ליכטיקע נעמען פון די פרייהייט־קעמפער דערציילן דעם יידישן לייענער פון אַן אידעאַליזם, וועלכער איז געווען אַרומגעזוימט מיט אַזוי פיל גלויבן און מסירת־נפש, וואָס איז זעלטן צו געפינען!

היינט די „אַרמיי" פון אָנגעזעענע שריפטשטעלערס, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט צונויפגעשטעלט פאַר זיין בוך! איך וועל דאָ דערמאָנען בלויז אַ קליינע צאָל פון זיי, וועלכע האָבן געענטפערט אויף דעם רוף פון זיין מאַיעסטעט, דעם רעדאַקטאָר פון בוך „ווילנע" — צווישן אַנ־דערע: ר. אַבראַמאָוויטש, מ. אָשעראָוויטש, זלמן שניאור, שלום אַש, דוד איינהאָרן, אברהם רייזען, מאַני לייב, יעקב לעשטשינסקי, שאול גינזבורג, ש. דובנאָוו, ש. ניגער, ב. וולאַדעק, א. ליעסין, ש. ראָזענפעלד, ב. צביון, וויליאַם עדלין, אַב. קאַהאַן, הלל ראָגאָף, ה. לאַנג, דר. ל. פאָגעלמאַן, יוסף רומשינסקי. און ווייסט איר פאַרוואָס אָט די אַלע און אויך אַנדערע האָבן זיך געגרן אָפּגערופן אויף יעפּים ישורינס קול־קורא?

אָט פאַרוואָס! לייענט דורך אָט די עטלעכע שורות פון זיין קורצער און קלאָרער „הקדמה":

„די רעדאַקציע האָט זיך געדאַרפט שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אַ ריי קאָמפּעטענטע שרייבער, וועלכע זיינען באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון ווילנע, ספּעציעל מיט דעם קולטורעלן, עקאָנאָמישן לעבן און הויפּט־זעכלעך דעם רעוואָלוציאָנערן לעבן, מיט וועלכן די שטאָט איז געווען אָנגעזאַפּט זינט די 70ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. די אויפגאַבע איז געווען ניט קיין גרינגע" און ער גיט אָן פאַרוואָס... „אָבער —

שרייבט ווייטער יעפים ישורין — די רעדאַקציע האָט ניט געוואָלט וויסן פון וועלכער ס׳איז אומנאָרמאַליטעט. בריוו און דעפּעשן זיינען געגאַנגען אין אַלע טיילן פון דער וועלט און גערופן די בעסטע פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור און פּובליציסטיק אין דינסט פון דער יחוס־דיקער שטאָט ווילנע״.

און אַלע האָבן זיך וואַרעם און גערן אָפּגערופן, „ווייל ווער פילט דאָס ניט אַ חוב צו ווילנע? ווער האָט דאָס ווילנע ניט צוגעטוליעט צו זיך? ווער האָט דאָס ניט גענאַשט פון ווילנער תורה, חכמה און ווילנער קולטור־אוצרות?״.

ריכטיק ווי גאָלד! אָבער צוזאַמען מיט דעם, האָבן די אַלע וואָס האָבן זיך אָפּגערופן דערפילט אויך דעם הייסן אָטעם פונעם רופער, זיין איבערגעגעבנקייט און אַחריות! פון די שורות פונעם בעל־הקורא האָבן די „פּראָמינענטע יידישע שריפטשטעלער״, צו וועמען די „בריוו און דעפּעשן זיינען געגאַנגען אין אַלע טיילן פון דער וועלט״ דערזען — און נאָך מער דערפילט — די זעלטענע קאָמבינאַציע פון מענטש און שרייבער, ווי אויך דעם ייד מיטן וואַרעמען האַרץ, וועמעס נשמה איז ענג צונויפגעבונדן מיט דער יידישער ווילנע — די ירושלים ד׳ליטע!

און דאָ ליגט דער גאָלדענער שליסל צום ליבן יעפים ישורין, וואָס האָט זוכה געווען צו פּראַווען זיין 75 יאָריקן יובל און וועמען איך ווינטש פון גאַנצן האַרצן, נאָך אַ סך פּרוכטיקע, שאַפערישע יאָרן!



ב. דזשייקאָב און י. ישורין

נ. כאַנין,
גענעראַל סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג

# נו, איז וואָס אַז ער איז געוואָרן 75 ?

אונדז קומט אויס זייער אָפט אונטערפירן אַ סך־הכל פון אַ דור, וועל־כער איז דער מערקווירדיקסטער אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. מיר זיינען צופרידן ווען מיר דאַרפן דעם חשבון מאַכן אין די טעג פון פרייד. דאָס מיינט, אין אַ צייט פון אַ יובילײ. מיר זיינען אַ דור וועלכן דאָס לעבן האָט געגעבן זיסע פרייד און אויך ביטערן צער; אַ דור, אַ מערקווירדיקער. אונדזער דור האָט געדאַרפט האָבן גייסטיקן כוח דורכ־



נחום כאַנין, גענעראַל סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג, באַגריסט יעפים ישורינען צו זיין 70סטן געבוירנטאָג אין 1955

צוטראָגן אַלץ וואָס עס האָט פּאַסירט אין אונדזער לעבן פאַר די לעצטע, אַמווייניקסטנס, 60 יאָר.

אָנגעפאַנגען האָט זיך אונדזער לעבן מיט אַ באַרג אַרויף, מיט טראָגן הויך דעם קאָפּ אין טרוים וועגן אַ וועלט פון באַפרייאונג, פון אַ וועלט פון אייביקער זונשיין. אַך, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע צייט דאָס איז געווען! ווען איך דערמאָן זיך אָן יענער צייט ווער איך אַליין פרישער, געזינטער און גייסטיק דערהויבן.

מיר יידן האָבן געלעבט אין רוסלאַנד אין אַ געטאָ פון 10 גובערניעס, דערשראָקן און דערשלאָגן. יידן האָבן אפשר אין יענער צייט שטילערהייט געטראַכט אין בענקשאַפט און אין צער ווען און פון וואַנען וועט קומען אונדזער הילף. און די הילף איז קיינמאָל ניט געקומען. פון טאָג צו טאָג איז דאָס לעבן געוואָרן ערגער, שווערער און פינצטערער. יידן האָבן ביי זיך דאַן אויסגעאַרבעט אַ לעבנס פילאָסאָפיע: „מיר דאַרפן זיין בידערי־

קער ווי גראָז און שטילער ווי וואַסער". הילפלאָזיקייט, הילפלאָזיקייט, הילפלאָזיקייט אָן אַן עק. אַ סך האָבן אין פאַרצווייפלטע מאָמענטן געטראַכט, אַז נאָר דער טויט וועט זיי פון שווערן און ביטערן לעבן באַפרייען. און אָט זיינען געקומען די לעצטע יאָרן פון ניינצנטן יאָרהונדערט, און אין גאַנץ רוסלאַנד האָבן זיך גענומען באַווייזן גרופן, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן צו צעשטירצן דעם צאַרישן רעזשים, וועלכער האָט רוסלאַנד געהאַלטן פאַרשקלאַפּט. אָט אין דער צייט האָבן זיך אויך גענומען צייגן אין מינסק, ווילנע, ביאַליסטאָק, וואַרשע, לאָדז און אין אַנדערע שטעט אונטערערדישע יידישע אַרבעטער־גרופן. דאָס זיינען געווען גרופן פון יידישע וועבער, בערשטער און פון אַנדערע פאַכן, וועלכע האָבן זיך אויך פאַרמאָסטן צו אָרגאַניזירן יידישע מאַסן אין קאַמף פאַר אַ פרייער רוסלאַנד, אין קאַמף פאַר אַ פרייער און סאָציאַל־גערעכטער וועלט.

אָ! איך געדענק זיי. יידישע שניידערינס, זאָקנמאַכערינס, די וועבער און שניידער וועמענס אויסערלעכער אויסזען איז געווען אַ פאַרמאַטערטער פון אָרעמקייט און פון שווערער אַרבעט. איך זע זייערע אויגן, אין וועלכע עס האָט געברענט אַ הייליקער פייער און זייערע הערצער האָבן געקלאַפּט מיט פרייד פאַר דעם נייעם לעבן און די נייע וועגן אויף וועלכע זיי האָבן אָנגעפאַנגען צו גיין. אַך! וואָס פאַר אַ הייליקע צייט דאָס איז געווען! מיר האָבן זיך אַלע אַנטזאָגט פון פערזענלעכן גליק. מיר האָבן אָן שרעק געקוקט דעם טויט אין די אויגן. מיר האָבן גאָרניט געזען דעם טויטס געפאַרן. אונדז האָט באַהערשט איין גליק — צו באַפרייען רוסלאַנד און באַפרייען דאָס יידישע פאָלק פון זיין פאַרצווייפלטן לעבן, ברענגען אים פרייהייט און שאַפן אַן אָרדענונג וואו אַלע מענטשןקינדער, יידן אַרייַנגערעכנט, זאָלן לעבן גליקלעך ווי ברידער. פאַר אונדזער צייט, אָדער בעסער געזאָגט, אין יענער צייט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַנטוויקלען די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור. פרץ, שלום עליכם, אברהם רייזען, שלום אַש און די גאַנצע יידישע ליטעראַטור איז געוואָרן אונדזער גייסטיקער לעבן. מיר האָבן זיי געלייענט אין די וועלדער, אין פאַרבאַהאַלטענע צימערן אין די אָרעמע יידישע קוואַרטאַלן. איך געדענק וויפיל טרערן עס פלעגט זיך גיסן פון די אויגן ווען איך האָב געלייענט „יאָסעלע", פון יעקב דינעזאָן. איך געדענק דעם פרייכלעכן געלעכטער ווען מיר האָבן געלייענט שלום עליכם. איך געדענק ווי מיר האָבן געלייענט פרצן, ניט נאָר זיינע ווערטער, אויך זיינע פינטעלעך. איך געדענק וויפיל נחת מיר האָבן געהאַט פון לייענען שלום אַשן, לייענען זיין „שטעטעל". אַך! וואָס פאַר אַ הייליקע צייט דאָס איז געווען! אָט אין דער הייליקער צייט האָט זיך געפונען ישורין אָנגעשלאָסן אָן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז געקומען צו אונדז ניט דורך יידיש, נאָר דורך רוסיש, ווייל ער איז געווען אַ סטודענט פון אַ העכערער רוסישער שול. שווער איז אים געווען איינצולעבן זיך אין יידיש, אָבער אָט איז ער געקומען אין אַמעריקע, געוואָרן אַ טייל פון דער יידישער אימיגראַציע וועמעס שפּראַך עס איז נאָר יידיש געווען און ער האָט

זיך געגומען איינוואָרצלען אין דעם יידישן קולטורעלן לעבן. ער האָט גענומען זיך איינלעבן אין דער יונגער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און ספּעציעל אין דעם אַרבעטער־רינג. ער איז אַלע מאָל געווען און אויך איצט דער בויער פון אַרבעטער־רינג. ער לעבט מיט אַלץ און אַלעמען וואָס אין דעם אַרבעטער־רינג איז פאָרגעקומען פאַר די לעצטע 50־60 יאָר. און עס איז מערקווירדיק, אַז דער רוסיפיצירטער יידישער בחור איז געוואָרן דער טרייעסטער לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור און דער ביבליאָגראַף פון גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיט וואָס פאַר אַ פּינקטלעכקייט, ליבע און איבערגעבנקייט ער האָט געשאַפן די מאָנאָ־גראַפיעס פון ש. ניגער, פון אַב. קאַהאַן, פון לייוויקן און מאַני לייב און פון צענדליקער און צענדליקער אַנדערע. ער איז היינט דער איין און איינציקער אויף דעם געביט און ער האָט דאָס ניט געטאָן ווי עס טוט אַ מענטש אָן אַרבעט, פאַר וועלכער ער איז געדונגען געוואָרן. נאָר אַליין, אויף זיין אייגענער צייט, פון קיינעם ניט באַצאָלט, איז ער געוואָרן דער שאַפער פון ביבליאָגראַפיעס.

איצט ווערט געפייערט זיין 75־יאָריקער יובילעאום און וועגן אים קען מען ניט פרעגן די פראַגע, נו, איז וואָס אַז ער איז געוואָרן 75 יאָר? וועגן אים קען מען זאָגן, אַז זיינע 75 יאָר זיינען געווען ביצלעכע, אַז זיינע יאָרן האָבן אַ סך בייגעטראָגן צום יידישן לעבן אין אונדזער נייעם לאַנד.

איך ווינטש אים און זיין משפּחה לאַנגע און ווייטערדיקע יאָרן פון פרייד און שעפערישקייט.

---

**מאַרק כינאָי**

## אַ פאַרנומענער מענטש מיט גרויסע דערגרייכונגען

גרויס איז היינט אויף דער יידישער גאַס די צאָל מענטשן פון אונ־דזער דור, וועמעס געבוירנטאָג מען פייערט. צווישן זיי, צום באַדויערן, זיינען דאָ זייער ווייניק, וועלכע האָבן באמת פאַרדינט דעם יובל אַזוי ווי איר, פריינד ישורין. נאָך קלענער איז די צאָל אַזעלכע „יובילאַרן”, וועלכע זיינען געווען אַזוי אַקטיוו און אויך אויף אַזוי פיל געביטן — אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע, קולטורעלע און וויסנשאַפטלעכע — און האָבן אַזוי פיל אויפ־געטאָן ווי איר, און זיינען אין דער זעלבער צייט דער אָביעקט פון גרויס אַכטונג און אויפריכטיקער פריינדשאַפט.

דערלויבט מיר אָבער אַרויסצוברענגען מיין איבערצייגונג דאָס אויב אַזאַ פאַרנומענער מענטש ווי איר האָט דאָך באַוויזן אויפצוטאָן אויף אַזוי פיל פאַרשיידענע געביטן אַזוי פיל אַרבעט, קומט אַ גרויסע מאָס אָנער־קענונג אויך צו אייער ליבער לעבנסבאַגלייטערין און פרוי, וועמעס 40 יאָר פאַרהייראַט לעבן ווערט היינט אויך געפייערט.

ה. לאַנג (לאָס אַנדזשעלעס)

# נ ג י ד  א ו ן  ו ו ע כ ט ע ר

יעפים ישורין מיט די שליסלען ביי די אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור

די שיף גופא האָט ניט געבלאָנדזשעט. מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז מאָרגן גאַנץ פרי וועט זי אונדז האָבן פּינקטלעך צוגעבראַכט צום געצילטן ברעג. מ׳איז דעמאָלט נאָך פיל געפאָרן פון ניו־יאָרק קיין באָסטאָן מיט די קליינע איבערנאַכטיקע שיפן, איידער מיט דער עטלעכע שעהדיקער באַן. עס האָט געקאָסט ביליקער, און קהלשע מענטשן האָבן נאָך אויפגע־



הערי לאַנג און יעפים ישורין

פּאַסט אויף זייערע בודזשעטן. מיר זיינען געווען אַ פולע שיף מיט ניו־יאָרקער דעלעגאַטן צו דער ערשטער נאַציאָנאַלער פּיפלס רעליף קאָנווענ־שאָן צו ווערן אָפּגעהאַלטן אין באָסטאָן. און אויף יענער שיף־רייזע, סוף זומער, 1916, איז מיר נאָענט געוואָרן, אידעאיש און פערזענלעך, דער היינטיקער יובילאַר ביי וועלטלעכער יידישקייט, יעפים ישורין, דער גע־בענטשטער ביבליאָגראַף ביי דער יידישער ליטעראַטור.

און טאַקע דעמאָלט, דוכט מיר, האָט יעפּים ישורין געקענט אַריינ־נעמען אין זיך די אַמביציע אויפצושטיינען ווי אַ ביבליאָגראַף ביי דער יידישער ליטעראַטור, הגם די ערשטע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן זיינע האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן צוואַנציק יאָר שפּעטער.

ניט קיין בלאָנדזשענדיקע שיף, אָבער די הערצער און מוחות פון אירע פּאַסאַזשירן האָבן דווקא יאָ אַרומגעבלאָנדזשעט אין דעם לאַבירינט פון דער יידישער אידעען־וועלט פון יענער צייט, אָנגעפירט פון דעם צווי־בערלעכן ניגון, וואָס האָט אַרויסגעשפּילט פון דער רייך־צעוואַקסענער יידישער ליטעראַטור. ממילא איז דאָס געוואָרן דער תוך פון אונדזערע שיף־שמועסן.

אונדז איז געווען אָנגעשטאַנען אַ גרויס יאָר. צערייצטקייט און שפּאַנונג אין יידישן פאָלקס־לעבן, ביי דער אינטעליגענץ און אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

פירנדע מענטשן ביים אַמעריקאַנער יידנטום האָבן זיך פאַרמאָסטן דורכצוררייסן דעם מלחמה־האָגל אויף די ימים און אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט צו קענען גרייכן די געפלאָגטע טיילן פון אונדזער פאָלק, האָט זיך צעפלאַקערט די גרויסע דעבאַטע וואָס עס זאָל זיין די יידישע פּאָזיציע נאָך דעם קריג.

אַ פּלוגתא מיט גייסטיקן פייער.

זיינען מיר אַ פאָלק, אָדער בלויז אַן אמונה? זאָלן מיר צילן בלויז צו גלייכע בירגער־רעכט, אָדער צו העכערס, צו נאַציאָנאַל־גאַראַנטירטע רעכט פאַר אונדזער קולטור דורך אויטאָנאָמיע, און אפשר גאָר דורך ספּעציעלע יידישע סיימען. און וואָס זאָל זיין מיט ארץ ישראל, אינטער־נאַציאָנאַל און ביים יידישן פאָלק גופא? זאָל מען פאָדערן דעם ענדציל פון ציוניזם, שיבת־ציון און מלוכה, אָדער נאָר אַ וועג דערצו, פרייע קאָלאָניזאַציע?

מ'האָט דערמיט געפיבערט און געפּרואווט אַריינברענגען אָרגאַני־זאַציע אין דער יידישער דעמאָקראַטיע דורך איינשטעלן אַן אַמעריקאַ־ניש־יידישן קאָנגרעס. עס איז צוגעקומען אַ פּלוגתא וואָס שייך אַמערי־קאַניש־יידישער אָנפירערשאַפט דורך דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, און וואָס שייך פּאָליטישער אַמביציע ביי דער יידישער אַרבעטער־באַ־וועגונג צו האַלטן זיך זעלבסטשטענדיק אַרום אַלע יידישע פאָלקס־נויטן און שטרעבונגען דורך אַן אייגענעם נאַציאָנאַל־יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

דער ציוניזם האָט אויפגעגליט און גערייצט דורך דער דערהויבונג פון לואיס ד. בראַנדייס צום יונייטעד סטייטס סופּרים קאָורט. און עס האָט גלייכצייטיק אַ שטראַל־געטאָן אַ ניי ליכט, ניט דווקא ביים ציוניזם, נאָר אויך ביים יידישן סאָציאַליזם, דורך די צוויי פאַרטריבענע פון ארץ ישראל, בן־צבי און בן־גוריון, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען צו אָרגאַני־זירן דורך אַמעריקע די חלוצים־באַוועגונג. און נייע ווערטער זיינען אונדז

צוגעקומען פון פנחס רוטענבערג פון דער רוסיש־רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג וועגן אַ יידישן לעגיאָן אינעם קריג.

איז די גרויסע דעבאַטע אַרום דעם אַלעמען געפּאַכטן געוואָרן פון דרייערליי אידעאָלאָגישע כוחות פון אינטעלעקטועלע מלחמה־געסט אין אַמעריקע: די בונדישע, די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע און די ליבעראַל־פּאָליטישע. און עס איז געווען אַ פּערטער צד מיט אַן אַמעריקאַנישן איינ־שטעל ביי יעדער פון די דריי כיתות. און כולל־געווען אַלעמען האָט די יידישע ליטעראַטור, די וואונדערלעך־שעפערישע, ממש אָטעם־פאַר־כאַפּנדע יידישע ליטעראַטור, מיט אירע אוצרות פון דיכטונג און נאָוועלע, דראַמע און היסטאָריאָגראַפיע, פילאָזאָפישער עסעי און סאָציאַלע אָפּ־האַנדלונג, פּובליציסטיק און זשורנאַליזם.

צעאַקערטע פּעלדער דאָס אַלץ אויפצונעמען זיינען געווען אונדזערע ביידנס לאַגערן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — יעפּים ישו־רינס ביים אַרבעטער־רינג און מיין ביים טרייד־יוניאָניזם. ביידע האָבן שוין געהאַט איבערגעקומען יענע היסטאָרישע אָרגאַניזאַציע־קאַמפן, וואָס דער אויסלאָז זייערער האָט איינגעפּעסטיקט די סאַמע יסודות פון יידישן לעבן אין אַמעריקע. דער אַרבעטער־רינג מיט זיין קאַפּיטל „יונגע און אַלטע" און דער טרייד־יוניאָניזם מיט זיין וועג צו דער „בראַנדייס פּראָ־טאָקאָל־אָרדענונג". געלייטערטע אַריינצונעמען אין זיך אַלע יידישע פּאָלקס־פּראָבלעמען, איז אונדזער שיף־שמועס אַריבער צו דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז ניט קיין גייסטיקע באַהעלטעניש, וואו זיך אָפּצו־רוען, נאָר פאַרקערט, איז אַן אייביקער קוואַל פון דערפרישטער ענערגיע פאַר אידעען־מלחמות. האָט יעפּים ישורין דעמאָלט אַ זאָג־געטאָן, אַז עס איז ביי אים אַ טרוים צו קענען פאַרהאַלטן אין זיין געמיט יעטוועדע שאַפונג פון דער שעפערישער יידישער ליטעראַטור.

אפשר איז דאָס טאַקע געווען דער מאָמענט ווען דער טרוים זיינער האָט אים געוויזן ווי אַזוי ער וועט טאַקע שטיין מיט די שליסלען ביי די אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור.

ישורינס ביבליאָגראַפיעס זיינען ניט קיין צופעליקע פאַרצייכענונ־גען. ער קומט נאָך אַלע געזעצן פאַר אַ ביבליאָגראַף, און שפּאַנט זיי אַריבער. ער איז נגיד אין ווערטער. אַן איינזאַמלער פון גייסטיקן רייכ־טום און אַן אָפּהיטער. ער איז מתמיד און בקי, און אַ פאַרליבטער דערין. מ'וועט אים בענטשן אין אַלע ווייטערע דורות..

**א. לוצקי**

# יעפים ישורין

(לכבוד זיבעציק יאָר לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק)

(געדרוקט אין יעפים ישורינס יובל־בוך אין 1955)

יעפים ישורין.

אַ לענגלעך פּול געזיכט,

מראה — ערלעך,

וואָגיק גוף,

מלבושים ענג,

פאַרקנעפּלט שווערלעך.

אַ זעלטענער נאָמען ישורין,
ווי זעלטן זיין טו.

ישורינס שאַף — ביבליאָגראַף.

אָן אַ באַשטעל,
בלויז זיך אַליין — צופרידנצושטעל.

ער שטעלט צו אַ זשמעניע צום מויל,
אַ רגע פאַרטראַכט.

די האַנט צוריק אויפן טיש —
דערמאָנט ער:

געבוירן אין ווילנע.
געגאַן אין גימנאַזיע.

געקומען אַהער אין 1907.
אויסגעלערנט יידיש דאָ אין ניו־יאָרק.

באַמערקט בחשיבות פלינק:
דריי מאָל פרעזידענט „אַרבעטער־רינג״.

יעפים ישורין.

מיט ווירדע געהיט דעם הויכן אידעאַל —
„בונד״ סאָציאַל.

געוועזן דירעקטאָר ליג אימיגראַנט.
געהיט — דעם גאַסט זאָל באַקוועמען אין לאַנד.

געוועזן אַפּטייקער.
סכנה-געוואויגן...
אַ דראַכמע געהיט,
מיט פאַרזיכט אויגן...

יעפּים ישורין — אַן אייביקער היטער.

ער היט זיין קאָפּ פאַרקאַמט,
ער היט זיין פּנים אָן קנייטש,
ער היט דעם „פאַרווערטס״ געלט,
ער היט זיין ווענד צום מענטש,
ער היט דאָס יידישע וואָרט,
ער היט זיין כּתב ווי געדרוקט,
ער היט דאָס געשריפטס פון אַמאָל,
ער היט פון אַמאָל אַ בראָשור.
פאַר אים איז דאָס אַלץ —
מאָדערנע יידישע ליטעראַטור.

מיט ערנסט געפיל,
שטיל אין פאַרהיל,
צילט ער צום ציל,
אַזוי ווי נישטאָ...

מיטאַמאָל איז ער דאָ!

צומאָל אָפט אַמאָל,
דערשיינט מיטאַמאָל,
מיט פאַקלען אַ צאָל,
יעפּים ישורין.

דער און דער,
האָט דאַן און דאַן,
דאָ און דאָ,
דאָס און דאָס געשריבן.
פאַרשרייבט דאָס אַלץ ישורין.

יענער און יענער
האָט דאַן און דאַן,
דאָרט און דאָרט,
דעם און דאַן באַשריבן.
פאַרשרייבט דאָס אַלץ ישורין.

איבער אַלע זיבן ימען,
איבער אַלע אָקעאַנען,
פון אַלערליי פון וואַנען,
פון עקן־וועלט ביז דאַנען,
קלייבט ער זיי צוזאַמען.

אַ שרייבער יובליי,
אַ פאָלקס דערפריי,
חלילה אוי וויי —
אַ שרייבער פאַרגיי...

באַווייזט זיך דעם שרייבערס
נשמה רשימה...
מיט ציכטיקער, וויכטיקער,
ריכטיקער חתימה:

יעפים ישורין.

---

**חיים לאַזדייסקי** (מעקסיקע)

## די יידישע ליטעראַטור נייטיקט זיך אין אַזאַ געטרייען און איבערגעגעבענעם ביבליאָגראַף

יעפים ישורין יובליי־קאָמיטעט
175, איסט בראָדוויי,
ניו יאָרק, נ. י.

זייער חשובע פריינד:

עס איז באמת פאַר מיר אַ גרויסער כבוד און אַ ספּעציעלע פּריווי־לעגיע צו קענען אָנשליסן זיך צו אַלע אויפריכטיקע און גוטע וואונטשן, וואָס אונדזער חשובער פריינד, דער אומדערמידלעכער קולטור־טוער און ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור, יעפים ישורין, וועט קריגן צו זיין 75טן יובליי. איך האָב געהאַט דעם כבוד עטלעכע מאָל צו קאָ־רעספּאָנדירן מיט דעם טייערן יובילאַר און געניסן פון זיין פריינטשאַפט־לעכער באַציאונג צו יידישע שרייבער און קולטור־טוער פון דער ברייטער יידישער וועלט.

איך ווינטש אונדזער חשובן יובילאַר נאָך לאַנגע און געזונטע יאָרן פון שעפערישער קולטור־אַקטיוויטעט. די יידישע ליטעראַטור נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק אין אַזאַ געטרייען און איבערגעגעבענעם ביליאָגראַף.

**יצחק ליבמאַן**

# יעפּים ישורין

געדרוקט אין ניויאָרקער וואָכנבלאַט, נומ׳ 499־ס״י, אויגוסט 31, 1956

## א

איבער ישורינען האָט זיך מיין באַשיידענע פעדער שוין ניט איינמאָל פאַרשטאַמלט, אין גערענגל צו געשטאַלטן זיין פּאָרטרעט, צוליב זיין פּנים — וועלכער איז אין שאַרפן ווידערשפּרוך פון זיין עלטער.

יאָ, אין די עטלעכע און דרייסיק יאָר וואָס מיר קומט אויס צו אָב־סערווירן מיין איצטיקן העלד סיי אין זיין ציכטיק־וואָכעדיקן גאַרניטורישן אויסזען און סיי אין זיין אויסגעצירטער יום־טובדיקער הלבשה אויף עפּנטלעכע פייערונגען און שמחות — שמחות, וואו ער האָט אָפט פיגו־רירט אַלס „גלאַוונער״ מחותן — פלעג איך ניט־זעלטן אַ טראַכט־טאָן פון דער אויגנשיינלעכער רעטעניש פאַרוואָס, מיט וואָס צי ווי־אַזוי דעם ישורינען איז געלונגען צו פאַרפיקסירן זיין יוגנטלעכן פּנים אויף זיין גאַנצן לעבנסשפּאַן כמעט. איבערהויפּט פלעגט די רעטעניש פּאַר מיר „דערשיינען״ ביים אָנקום פון זיינער אַ פאַררונדיקטער קאַלענדאַרישער דאַטע, ווי זיין 50־יאָריקען יובל, זיין 60־יאָריקער, 65־יאָריקער און — נאָך מער — זיין לעצטער גראַנדמעסיקער 70־סטער יום־טוב, וועלכער איז געפייערט געוואָרן אין ניו יאָרק אַרום סוף דעצעמבער, 1955.

אָט קוק איך אויף זיין בילד -- אַדרבא, כאַפּט אויך אַ בליק — און כהרף־עין אויף אים אַליין, „אין לעבן״, און מיין־זיין בוכהאַלטעריע שטימט ניט: אַן אונטערשייד פון זיין יוגנט־געזיכט ביז דעם קאַלענדאַ־רישן ציפערבלאַט פון פול־געלאָדענע צוואַנציק יאָר. און גלייך בליצט אויף די פּאַראַפראַזירטע ביאַליקשע פראַגע: פון וואַנען האָט ער גע־ירשנט זיין „נעורים״, זיין יוגנטלעכקייט? דאָס האָט ניט אויפגעהערט מיך שרייבעריש צו עגבערן ביז די רעטעניש האָט פאַר מיר ערשט גאָר לעצטנס געקראָגן איר באַשייד.

## ב

אויסגעלענגערטע יוגנטלעכקייט — וואָס איז אַ רעזולטאַט — דער־שרעקט זיך ניט פאַר דער אַנטדעקונג — פון געזונטן קערפּערלעכן צו־שטאַנד און וואו ביידע שפּאַנען אין האַרמאָנישן טראָט מיט אַריכת ימים — איז מערסטנטייל אַ ברכה פון די אָבות, פון די זיידעס, פון די באָבעס. האָט דאָך זיין עלטער־זיידע וואָיטינסקי זוכה געווען צו אַ הונדערט־און־דריי־יאָריקן עלטער! אָבער אין פאַל פון מיין איצטיקן העלד, שיינט מיר, אַז איך האָב געפונען דעם שליסל צו זיין „אייביקער יוגנט״ אין זכות עצמו, וואָס ס׳איז אים באַשערט געווען צו געפינען דאָ, אין נייעם לאַנד שלוות הנפש, יענע זעלישע באַרואיקונג, צו וועלכן טרוימערישן אינדזל יעדער שפּערישער און בויערישער מענטש שטרעבט, נאָר ווייט ניט יעדער איינציקער דערלבט.

און זיין געבורטשטאָט ווילנע, האָט אים — ווי יעטוועדן יידן כמעט — דאָס צאַרישע רוסלאַנד געפּענטעט זיין טראָט אינעם דורכפיר פון זיין צווייענדיקער שליחות: א) טאָט און ב) וואָרט, לויט זיין אייגנאַרטיקער אויפפאַסונג פון אָט־די צוויי באַגריפן.

טאָט האָט געמיינט פאַר דעם יונגן ליטווישן משכיל בן משכיל רעוואָ־לוציאָנערע טאָט, אָבער ניט אין דער פאַרשטאַנענער הורא־שרייערישער פאָרעם. דער רייפער אינטעליגענט האָט זיך ניט געקענט זעטיקן מיט שום פון דער פראַזע. רעוואָלוציע לשם רעוואָלוציע האָט אים ניט אָנגעהויבן לאָקן. ער האָט גאָר פרי געגומען זען אין פולער קלאָרקייט, אַז דער מענטש איז ניט באַשאַפן געוואָרן כדי אַ גליק־געזעליקטער אומ־צוקומען אויפן מזבח פון דער רעוואָלוציע, נאָר פאַרקערט, אַז די רעוואָ־לוציע דאַרף ברענגען די ישועה דעם מענטשן, דעם איינצלנעם און ניט לעתיד, נאָר היינט, און שוין! און אין דעם האָט ער אין צאַרישן רוסלאַנד ניט געקענט זיך רירן, שוין ניט ריידן פון צעגעמען די הענט.

און אויך אַזוי אין זיין צווייטער שליחות: וואָרט! וואָס מיינט וואָרט? לערע? תורה? ביי אים האָט זיך דאָס אַנדערש געטייטשט: זיך דערדיבען צום קערן, צו דער יאָדרע פון דעם וואָרט הקדוש און גלייכצייטיק נעמען אויף זיך די ניט־לייכטע עובדא פון ווערן דער באַשיצער איבער פאַר־וואָרלאָזטן וואָרט פון גייסט, פון שאַף, פון טרוים. האָט פאַר אים די ווילנער 4־יאָריקע „נאַטשאַלנאַיע אוטשילישטשע" געקענט זיין יענע פרייע לאַבאָראַטאָריע, וואו ער זאָל זיך קענען דערגרונטעווען צו דער טיף פונעם וואָרט און זיך גלייכצייטיק קענען לייטערן אינעם בלענד פון זיין שיינען!

עס האָט אים, דעריבער, שטראָמיש געשטויסן צום לאַנד פון אַלמעג־לעכקייט, און צו 22 יאָר קומט ער אָן צום פּאַנאַנדערגעפּראַלטן טויער פון טרוימערישן אינדזל.

## ג

ווי אַן עכטער רעוואָלוציאָנער, האָט ער געוואָגט צו ברעכן מנהגים, איינשטעלונגען. ס'איז אים זיכער באַקאַנט געווען דער אויסדרוק פון „אין נביא בעירו", אַז לאַנדסלייט האַלטן, געוויינלעך, ניט איינער פון אַנדערן, אַפילו ניט פון זייערע שטעטלשע גדולים. אָבער ער, דער וואַגער, דער צוים־ברעכער, האָט געזאָגט: אַדרבא! און עס האָט אים געגומען לאָקן צו זיין עלטערן לאַנדסמאַן־גדול, צו אב. קאַהאַן, און איז, אַזוי אַרום — אַלס אינטעליגענט נאָך דערצו, מיטן רוסישן לשון אין מויל, וואָס פאַר אַב. קאַהאַנען האָט געהאַט דאָס אַ באַזונדערע, כמעט מאַגנעטישע באַווירקונג — צוגעצויגן געוואָרן צו דער בוכהאַלטער און־קאַסירער־שטעלע פון „פאָרווערטס", די גרויסע יידישע וועלט־צייטונג, וואָס איז פאַר ישורינען געוואָרן די זיווג־מעסיקע היים, די הויכשול, די קאַמף־אַרענע, די פיל־געביטיקע לאַבאָראַטאָריע, דער אינטער־טעריטאָריאַלער אם הדרך פון געזעלשאַפטלעכן אויסטויש פון קולטורעלער אויסלעבונג. פּונקט דער געהעריקער קלימאַט, וואו זיינע צוויי הויפּט־שליחותן האָבן

געקענט אָננעמען פאָרמען פון פלייש־און־ביין געשטאַלטעריי.

זיין ערשטע שליחות פון דורכפירן די רעוואָלוציע שוין! היינט! — דורך ענטפערן דעם רוף פון דעם ליידנדיקן יחיד — האָט ער גאָר גלענצענד געקענט אויפשפּילן אין „פאָרווערטס", וואו ס'האָט תמיד געשוויבלט מיט מענטשן, אין זוך פון אַן עצה, אין אויסשטרעק פון אַ ברידערלעכער האַנט. און נאָך מער האָט זיך פאַר ישורינען צעשטאַלטיקט די רעוואָלוציע דורך דער סאָציאַליסטישער מאַסן־אָרגאַניזאַציע, — דער אַרבעטער־רינג. דאָ איז ער ווי באַרופן געוואָרן צו זיין דער געניטער און העכסט־צוטרויליכער קאַפּיטאַן. אויב דער אַרבעטער־רינג האָט איצט פינף און זיבעציק טויזנט אָרגאַניזירטע מיטגלידער, נאָך דעם ווי די היגע יידישע קאָמוניסטן האָבן אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן, בוכ־שטעבלעך שיר־ניט צעשמעטערט די אָרגאַניזאַציע — קומט דער דאַנק־הגדול צו ישורינען. פון זיין ווינקל־שטול אין „פאָרווערטס", האָט ער, אַ שטענדיק־גרייטע, זיין פּסיכישע עקס־רעי מאַשין, דורך וועלכער ער זעט העל־געבנוג דאָס איינגעווייד פון יעטוועדן איינציקן ברענטש. דאָרטן, וואו דער קאָמוניסטישער קענסער איז אַריינגעדרונגען, האָט ער, מיט שניידיקער שאַרפקייט, געלאָזן אויסשניידן די קללה, און האָט אַזוי אַרום געראַטעוועט וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזן. אַ גוט דריטל פון דעם אַרבעטער־רינג איז אין יענע יאָרן פאַרקענסערט געוואָרן, און עס האָט זיך געפאָדערט מוט, ווייטזעעוודיקייט און ישוב־הדעת ביי דער דעמאָל־טיקער פירערשאַפט צו קענען דערהאַלטן אָט די גרעסטע יידיש־סאָ־ציאַליסטישע מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון טאָטאַלער פאַנאַנדערפאַל. יעפים ישורין האָט די אייגנשאַפטן באַזעסן, און האָט, אַזוי אַרום, מיט דער הילף, פאַרשטייט זיך, פון די לאָיאַלע „זקן"־אַרטיקע, אויסגעפּרובירטע מיטגלידער געראַטעוועט דעם אַרבעטער־רינג.

ווי דער פּאַקטישער און געאַכטעטער פירער, האָט ער, גלייכצייטיק, זיך ניט געלאָזן פאַרבלענדן פון זעלבסט־גלאָריפיקאַציע, — ווי עס איז, ליידער, דער פאַל מיט אַנדערע פירער פון די מערסטע יידישע אַרבעטער און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, — און האָט געהאַלטן אין איין אַרבעטן אויף זיך, אין איין לערנען, פאָרשן, זוכן און אונטערזוכן — אויך זיך אַליין. ער האָט טאַקע אָנגעפאַנגען זיין גאַנג אין לעבן ווי אַ בונדיסט, נאָר ווען עס קומט־אויף מדינת ישראל, און ער פאָרט אַהין, אין 1948, קומט ער צוריק אַ געאַנדערשטער, אַ באַגייסטערטער פאַר דעם פאַקט פון דער יידישער מדינה, און נאָך מער, פאַר דעם פאַקט פון דעם טיילוויז שוין־פאַרווירקלעכטן סאָציאַליזם פון דעם יונגן יידישן שטאַט. ער איז דעמאָלט גראָד געווען דער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע — צום צווייטן מאָל — און ווי דער אָפיציעלער ראש, נוצט ער זיין פולע אויטאָ־ריטעט פון באַאיינפלוסן די מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע לטובת ארץ ישראל, לאָזט זיך אַרויס אויף אַ לענגערן טור איבערן לאַנד, צו קענען ברענגען צו דער מאַסאָווער מיטגלידערשאַפט דעם וואַ־רעמען פּערזענלעכן גרוס פון דער יידישער אַרבעטער מדינה, און ער

פאַרוואַנדלט, אַזוי אַרום, אַ טראַדיציאָנעל פיינטלעכע גרויסע קערפּער־שאַפט אין אַ הייס־געוואָרענער אָנהענגעריין פון דער יידישער מדינה.

ד

די דורכפירונג דאָ אין לאַנד פון זיין צווייטער שליחות האָט זיך אָנגעהויבן היפּשע יאָרן שפּעטער, ווי ער האָט זיך שוין געהאַט איינגע־זאַטלט אין דער טאָג־אין־טאָג טעטיקייט פון זיין „רעוואָלוציאָנערער טאַט". און אָנגעהויבן האָט זי זיך, קודם, פון זיין אַלט־לאַנדסמאַנשאַפט־לעכן אחריות־געפיל און צוגעבונדנקייט, און, שפּעטער־צו, פון זיין ניי־לאַנדסמאַנשאַפטלעכער אָנגעזעריקייט. ווי אַ פּראָמינענטער ווילנער לאַנדסמאַן, איז ער גאָר פרי אָנפאַרטרויט געוואָרן מיט רעדאַקטאָרישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ד. ה., ער איז דערשינען פריער אַלס רעדאַק־טאָר, ווי אַלס שרייבער. און אַזוי אַרום, פאַרנויגט זיך ישורין אין 1929 אַלס רעדאַקטאָר פון אַ זאַמלבוך „דער ווילנער", אַרויסגעגעבן פונעם ווילנער ברענטש 367 אַרבעטער־רינג. אָבער אַ פוראָר אַלס רעדאַקטאָר מאַכט ער זעקס יאָר שפּעטער מיט אַן איבער טויזנט־זייטיקן זאַמלבוך „ווילנע", אַרויסגעגעבן פונעם זעלביקן ברענטש 367 אַרבעטער־רינג. אָט די פּיאָנערישע רעדאַקטאָרישע עבודת פּרך איז אויפגענומען געוואָרן מיט וואַרעמקייט פון דער פּרעסע און פון דער געזעלשאַפטלעכקייט. אי־בערהויפּט איז ער שטאָלץ געווען אויף דעם אָפּרוף פון דעם גרויסן יידישן היסטאָריקער, שמעון דובנאָוו, וועלכער האָט אים געשריבן, אַז שוין לאַנג ווי ער האָט „ניט געלייענט אַזאַ אינהאַלטסרייכן בוך, צונויפגע־שטעלט מיט אַזאַ פּיעטעט, ווי אייער בוך. ער וועט דערגאַנצן, אַלס קוואַל פון רייכן מאַטעריאַל, די גרויסע „פּנקסים", וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ווילנע נאָך דער מלחמה־צייט".

אַ יאָר שפּעטער דערשיינען אונטער זיין רעדאַקציע צוויי זאַמלביכער אין אָפּשאַץ פון ב. וולאַדעק, און אין 1941 — „דער ווילנער", צו דעם 80־סטן געבוירנטאָג פון אַב. קאַהאַן.

אַרבעטנדיק איבער היסטאָרישע דאַטעס פון ווילנער פּערזענלעכקייטן, — ווילנער גדולים, וועלכע זיינען שוין געווען צעשפּרייט בכל תפוצות ישראל — האָט ער שוין מיט דעם אַליין אָנגעהויפּט אַן אוצר תוך ביאָ־גראַפישן און ביבליאָגראַפישן מאַטעריאַל. אויסברייטערנדיק זיין אינטע־רעס איבער זיינע נייע־לאַנדסמאַנשאַפטלעכע פיגורן — איבער ניו־יאָרקער און אויסער ניו־יאָרקער שרייבער פון „פאָרווערטס", קודם כל, האָט ער, אפשר, אַליין ניט באַמערקט, ווי ער האָט בהדרגה, אונטערן שוץ פון זיינע יוגנטלעכע שולטערן אַרונטערגענומען פאַקטיש דאָס גאַנצע יידיש־לשונדיקע שרייבערטום. אויף אַזאַ מין אויפריכט האָט קיין קולטור־ריסטישער אָפּטימיסט ניט געוואַגט צו חלומען. ווייל וואָס מיר האָבן — ווי־געשריגן! — דערשטוינטע דערלעבט צו זען אין אונדזער אייגענעם לעבנסשפּאַן איז געווען גראָבע פעלשונג פון ליטעראַטור־געשיכטע, צע־קרימונג פון שרייבערישע פּנימער, אויסלעש פון צאַרטע, קינסטלערישע נשמות מאחינו בית ישראל דאָ אין אַמעריקע, אַ צעכוואַליעניש פון

הפקרות, אַקטן פון סדום און עמורה, אויפן כלומרשטן, אַזויגערופענעם קולטור־פּראָנט אונדזערן ביז אפשר דאָס סאַמע, סאַמע גרויליקסטע: לית דין ולית דיין!

און דאָ האָט שטילערהייט געאַרבעט מיט אומבאַגרייפלעכער התמדה, און איינער אַליין, — אָן שום איזמען, אָן שום געפּשטלטע טעאָריעס, חקירות און משיחישע פּרעטענזיעס און אָן דער דערוואַרטונג פון דער מינדסטער מאַטעריעלער באַלוינונג, און האָט געמוזט אויפטורעמען בנינים פון יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, הערלעכע געביידעס, מיט אויסגעצירטע חדרים פאַר יעטוועדן איינציקן יידישן שרייבער כמעט, און האָט נאָך, מעשה־צויבערער דערצו, באַוויזן צו פאַרהילן די אַלע טעמפּלען אין אַזאַ שלייערישן שוואַרץ, אַז קיינער פון אונדז האָט ניט געהאַט וועלכע־עס־איז סיבה צו פאַרדעכטיקן וועמען אין אַזאַ גראַנדיעזער צעבויעריי.

אָט דער סוד איז צום ערשטן מאָל אויפגעדעקט געוואָרן אין 1936, מיט יעפים ישורינס ערשט־פאַרעפנטלעכטע צעטיכטיקע ביאָגראַפיע פון ב. וולאַדעק, נאָכפאָלגנדיק מיט ריזיקע ביבליאָגראַפישע ווערק, פאַרעפנטלעכט אין צייטשריפטן און אויך אין סעפּעראַטע אָפּדרוקן און ביכער פון: אַב. קאַהאַן, 50 יאָר „צוקונפט"־ביבליאָגראַפיע, דר. חיים זשיטלאָווסקי, ש. ניגער, מאַני לייב, י. ל. פרץ, אָסיפּ דימאָוו, שלמה מענדעלסאָן, מנחם באָריישאָ, ש. אַנסקי, אברהם רייזען, יעקב גאָרדין, דוד עדעלשטאַט, ב. ריווקין, משה־לייב האַלפּערן, חיים גרינבערג, חיים קרול, מלך ראַוויטש און נאָך און נאָך.

נעמען מיר טאַקע, אַלסביישפּיל, איינע פון די סאַמע לעצטע ישורין־ווערק, זיין אַרבעט איבער מלך ראַוויטשן. און כאָטש דער לעצטער איז ניט פון די אַזויגערופענע מיינע שרייבער, איז מיר וואַרעם געוואָרן ווען איך האָב דערהאַלטן ישורינס נייעסטע שאַפונג, און כ׳האָב דעמאָלט, אונטער איינע פון מיינע ניט־וויניקע פּסעוודאָנימען אַזוי באַגריסט מיין איצטיקן העלד: „יעפים ישורינס נייעסטע ביכל — די מלך ראַוויטש ביבליאָגראַפיע" — שטעלט ווידער אַוועק דעם מחבר אין אַ מוסטערפּאָזיציע, צו וועלכן ווינקל ביאָ־ביבליאָגראַפן זאָלן זיך ציען און פון דאָרטן שעפּן תורה, לערע, מיט וואָס פאַר אַ אַלזייטיקער זויבערקייט מען דאַרף צוגיין צו שרייבער, — כדי זיי, אויף אָן אמת, מאָנומענטירן. און — די ראַוויטש־ביבליאָגראַפיע איז, אפשר, דער שענסטער וואָרט־קראַנץ וואָס אַ יידיש־שעפער קען זיך ווינטשן צו זען ביים לעבן".

און אַזוי אַרום האָט פּאַסירט אַז אַפילו אין אונדזער דיסאילוזיאָנירטן דור, פאַראַלעליש מיט אונדזער אַזויפיל־אַרטיק־צעוואונדעטער עפּאָכע זאָל אין דעם אַזוי־געראָטן־אויפגייענדיקן גאָרטן פון צעבליטן רשעות וואָס אין אונדזער אייגענעם רשות, זיך באַוויזן אַ לאַמעד־וואָוו־מעסיקער מליץ־יושר, וועלכער זאָל פון זיין פאַרהוילענעם ווינקל וועגן אַלע שרייבערישע מעשים אויפן גאָלד־וואָג פון אמת און נאָך פאַרצייכענען זיי לדורות — למען ידעון — מיט דער פען פון גינגאָלדענעם צדק.

חיים ליבערמאַן

# דער שטילער בויער

יעדער איינער וואָס אַרבעט היינטיקע צייטן אין אַן אינטעליגענטן פעלד, צי ס'איז אַ קינדערגאָרטן אָדער אַן אוניווערסיטעט, די צוגרייטונג פון אַ לערנביכל אָדער די רעדאַקציע פון אַן אוניווערסאַלער ענציקלאָפּעדיע, ווייס, אַז ער שווימט אין אַ ים וואָס קען ניט אויסגעשעפּט ווערן. יעדער מינדסטער צווייג פון וויסן איז היינט אַזוי רייך, אַז קיינער קען ניט באַהערשן אַ גאַנצן געביט. ס'איז ניטאָ היינט, ווי עס איז געווען אַמאָל, קיין אוניווערסאַלער געלערנטער, אַ געלערנטער היינט איז באַשרענקט נאָר צו אַ טייל פון אַ געביט. דער באַרימטער אַטאָמישער געלערנטער, ראָבערט אָפּענהיימער, באַקלאָגט זיך, אַז דער היינטיקער געלערנטער איז אַן איינזאַמער מענטש. ער איז פאַרשלאָסן אין זיין געביט אַזוי ווי אין אַן איינזאַמער צעל: ס'איז אים ניט גרינג צו געפינען נאָך אַ געלערנטן אין זיין אייגענעם פעלד, מיט וועלכן ער זאָל קענען שמועסן וועגן די זאַכן וואָס אינטערעסירן אים צום שטאַרקסטן.

צום קלאָרסטן טרעט עס אַרויס אין דער מעדיצין, וואו דער ברייטער עולם שטויסט זיך אויך אָן אין דער פּראָבלעם. די מעדיצין איז געוואָרן אַזוי פאַרצווייגט און פאַרטיפט, אַז זי האָט געמוזט ווערן ספּעציאַליזירט. אויף יעדער קראַנקהייט איז דאָ אַן אַנדער ספּעציאַליסט: אויפן מאָגן איינער, אויפן האַרצן אַן אַנדערער, אויף די אויגן אַ דריטער און אויף דער נאָז אַ פערטער. און עס האַלט שוין דערביי, זאָגט מען, אַז עס וועט זיין איין ספּעציאַליסט אויף איין נאָזלאָך, און אַן אַנדער ספּעציאַליסט אויף דעם אַנדערן. אויך וועט אַ דענטיסט קענען באַהאַנדלען בלויז איין צאָן; פאַרן צווייטן צאָן וועט זיך שוין פאָדערן אַן אַנדער דענטיסט.

דער סך הכל איז, אַז איר וועט היינט זייער אָפט הערן פון גרויסע דערציאונגס־עקספּערטן, אַז דער צוועק פון דערציאונג היינט איז ניט אַזוי אָנצולאָדן דעם לערנער מיט זיין נויטיקן וויסן, ווי צו לערנען אים ווי אַזוי צו געפינען די אינפאָרמאַציע וואָס ער וועט דאַרפן ווען ער וועט עס דאַרפן.

אָבער כדי דער זוכער זאָל קענען געפינען די אינפאָרמאַציע וואָס ער דאַרף, איז נויטיק צו סיסטעמאַטיזירן דאָס וויסן וואָס דער מענטש פאַרמאָגט, אויסשטעלן אין אַ סדר און מיט אַן אָרדענונג דעם קולטור־פאַרמעגן פון דער מענטשהייט, אַז דער זוכער זאָל קענען קומען און נעמען. די דאָזיקע באַדערפעניש האָט זיך געפילט שטענדיק, פון די עלטסטע צייטן אָן. די ווערק פון אַריסטאָטעלעס זיינען אין אַ געוויסן זין די זאַמלונג און סיסטעמאַטיזירונג פון גאָר דעם וויסן וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביז אים און דורך אים. דעם רמב"מס „יד החזקה" איז אַזאַ סיסטעם־איינ־

שטעלונג אין דעם ריזיקן געביט פון תלמוד. טהאָמאַס אַקווינאַס מיט זיין „סומאַ טעאָלאָגיקאַ" האָט ענלעכס געטאָן פאַרן קאַטאָליציזים.

אָבער ערשט אין אונדזערע צייטן זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן וויסנשאַפטלעכע סיסטעמען ווי אַזוי צו סיסטעמאַטיזירן און קלאַסיפיצירן דאָס מענטשלעכע וויסן. די גרויסע ביבליאָטעקן פון דער וועלט, וועלכע פאַרמאָגן ביכער אין די מיליאָנען, זיינען אָרגאַניזירט לויט דידאַזיקע סיסטעמען. די „לייברערי אָוו קאָנגרעס" אין וואַשינגטאָן פאַרמאָגט אַליין ביז זיבן און דרייסיק מיליאָן נומערן. אָבער אַלץ איז אַזוי טיכטיק אָרגאַניזירט און קאַטאַלאָגירט, אַז יעדערער קען גאָר גרינג געפינען דאָס וויסן וואָס ער דאַרף, וועו דאָס זאָל אפילו זיין גאָר אַזוי גרויס ווי אַ שפּילקע־קעפּל. אַזוי ווייט, אַז די דאָזיקע זאַך איז אַליין געוואָרן אַ ברייטע וויסנשאַפט, מיט צווייגן און צווייגעלעך, מיט ספּעציאַליטעטן און ספּעציאַליסטן, מיט טויזנטער אויף טויזנטער ביכער וועגן דער חכמה פון זאַמלען און אָרדענען.

דאָס אַלץ ווערט דאָ דערציילט לכבוד יעפים ישורין, וועמעס פינף און זיבעציק־יעריקער יובילײ ווערט געפייערט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט פון אַזעלכע ברייטע קרייזן.

יעפים ישורין קען מיט רעכט אָנגערופן ווערן דער טייערסטער פריינד וואָס די יידישע שרייבער פאַרמאָגן. זיי זיינען טייער ביי אים און ער איז טייער ביי זיי, כאָטש די יידישע שרייבער קענען קיינמאָל ניט האָפן צו קענען אים באַלוינען מיטן שכר וואָס ער האָט פאַרדינט ביי זיי.

יעפים ישורין האָט געווידמעט זיין לעבן צו ברענגען אָרדענונג און סיסטעם אין דעם שאַפן פון יידישע שרייבער, אָרדענונג און סיסטעם אויפן שטייגער וואָס איז דאָ אויבן אָנגעצייכנט געוואָרן פון דער ברייטער וועלט. מיט דער פלייסיקייט פון אַ מוראַשקע, און מיט דער שטילקייט פון אַ מוראַשקע, האָט ער געקליבן און פאַרצייכנט וואו נאָר ער האָט געפונען אַ ברעקל וועגן דעם שאַפן פון יידישע שרייבער. און קיין מאָל איז ניט געווען אַ מענטש וואָס האָט געטאָן אַן אַרבעט מיט מער ליבשאַפט ווי ישורין האָט געטאָן די דאָזיקע שווערע און אין פלוג אומדאַנקבאַרע אַרבעט.

די יידישע ליטעראַטור האָט ניט דעם מזל פון אַנדערע ליטעראַטורן. פאַרמאָגנדיק אַן אָרעמע לעזערשאַפט, איז זי נאָך אַרומגערינגלט מיט גלייכגילטיקייט, מיט קעגנערשאַפטן, און אָפט מיט אָפענער שנאה און שווערע רדיפות. זי האָט ניט די מאַטעריעלע שטיצע וואָס די ליטעראַטור האָט ביי אַנדערע פעלקער, זי האָט ניט קיין פאַרלאַגן, זי האָט ניט קיין אַקאַדעמיעס, קיין סטודענטנשאַפטן: זי איז אַ קיילעכדיקע יתומה.

אין אָט דער פאַרלאָזנקייט האָט זיך באַוויזן אַ גואל אין דער פּערזאָן פון יעפים ישורין, וועלכער האָט איר אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ האַרץ. פון אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט, וואו די יידישע ליטעראַטור האָט נאָר אַן אָנשפּאַר, האָט ער געזאַמלט אירע צעשאָטענע פּירות און צוזאַמענגעבראַכט אירע צעריסענע גלידער. ער האָט אַריינגעבראַכט גאַנצקייט

צווישן אירע באַזונדערע טיילן און סדר אין איר צעוואָרפנקייט. מיט דער הילף פון ישורינס מיזאַמער אַרבעט קען זיך אַ מענטש היינט פילן אין דער יידישער ליטעראַטור ווי אין אַ שטיקל הײם, וויסנדיק וואו אײן און וואו אויס. דער גוטער לייענער, דער קריטיקער און פאָרשער וואָס ווילן עפּעס טאָן אין דער יידישער ליטעראַטור, קענען היינט גרינג צו־טרעטן צו זייער אַרבעט, ווייל יעפים ישורין האָט צעאַקערט פאַר זיי דאָס פעלד און צוגעגרייט די כלים.

און ער האָט געטאָן זיין אַרבעט אין דער שטיל, אין צניעות, ווען קיינער האָט ניט געהערט און קיינער האָט ניט געזען: ווען אַלע זיינען געשלאָפן...

ווען אַלע זיינען געשלאָפן האָט זיך יעפים ישורין פאַרדינט אומ־שטערבלעכקייט אין דער יידישער ליטעראַטור.

---

**ה. לייוויק**

## ישורינען אַ לויב

דעם שטילן זאַמלער, דעם געטרייען היטער,
דעם גינציקן פאַרצייכענער פון יידיש־גיטער —
צי קען באַלוינונג אים זיין דערפאַר,
אויב ניט אונדזער דאַנק זאָל אים זיין דער שכר?

ווי ס׳געפינט אין וואַלד פון אַלטע ביימער
אַ בוים מיט פרוכט — דער גוטער שומר,
אַזוי ישורין אין אונדזער וואַלד פון וואָרט
געפינט פון יעדן שפּע־ווערק דאָס אָרט.

אַרום אונדזער מחנה דער שטאָלצער־קליינער
אַזוי פיל פאַרלייקענער, אַזוי פיל פאַרניינער, —
אַז איינעם איז ווייניק צו זאָגן: ניין
פאַרמעסט ער זיך נאָך און וואַרפט מיט אַ שטיין.

דעריבער איז טאָפּל אונדז טייער דער היטער,
דער היימישדיקער, דער באַשיידן־געניטער,
וואָס קלייבט און פאַרשרייבט מיט אַ פרומער האַנט
די אוצרות אונדזערע פון יידישלאַנד.

**ליפּע לעהרער,**
רעדאַקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל" און פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג „מתנות"

# דער באַשיידענער היטער און דערמאָנער יעפים ישורין

אין אונדזער לעבן און אין אונדזער ליטעראַטור איז גוט באַקאַנט דער ייד וואָס וועקט צו סליחות, און דער ייד וואָס רופט פרייטיק פאַרנאַכט, צו פאַרמאַכן די קראָמען, אַראָפּגיין פון מאַרק און זיך גרייטן אויפצונעמען דעם הייליקן שבת. יידן זיינען אַליין אויפגעשטאַנען צו סליחות, יידן האָבן אַליין פאַרמאַכט די קראָמען פרייטיק פאַרנאַכט, און זיך געגרייט אויפצונעמען די שבת מלכה. דאָס פאָלק האָט זיך אָבער בישט פאַרלאָזן בלויז אויפן זכרון און אויפן גוטן ווילן. מען האָט דערמאָנט. אַזאַ דער־מאָנער און אַזאַ רופער פאַרמאָגט אויך אונדזער ליטעראַטור. ער טרויט נישט אונדזער זכרון, און אונדזער מידה צו געדענקען און אָפּצושאַצן. האָט ער גענומען אויף זיך די מיסיע, וואָס ער טוט זי אַזוי שטיל און באַשיידן שוין צענדליקער און צענדליקער יאָרן, דער דאָזיקער ליבער פאַרצייכענער, וואָס רופט אונדז צו געדענקען אונדזערע שרייבער אויף אַלע געביטן פון דער יידישער ליטעראַטור, און ווייזט אונדז וואָס מען זאָגט וועגן זיי, איז יעפים ישורין.

אָבער יעפים ישורין טוט עס נישט ווי אַ פּראָפעסיע. דעם טאָג האָט ער אָפּגעגעבן זיין אַרבעט אין „פאַרווערטס". די אַרבעט האָט ער געטאָן און טוט זי, אין זיין פרייער צייט, אין די אָוונטן.

מען דאַרף פאַרמאָגן אַ סך גוטע אייגנשאַפטן און אויך טאַלאַנט צו טאָן די דאָזיקע אַרבעט. עס איז באַקאַנט דער טיפּ „ביכער וואָרעם". דאָס איז איינער וואָס האָט ליב זיך צו ראַיען און צו נישטערן אין אַלטע ביכער. אָבער צו טאָן די זייער שווערע אַרבעט וואָס יעפים ישורין טוט שוין עטלעכע צענדליק יאָרן דאַרף מען זיין אַ צייטונגס וואָרעם, און דאָס איז פאַרבונדן מיט זייער גרויסע און מיזאַמע שוועריקייטן. האָבן מיר מזל, פאַרמאָגט יעפים ישורין, צוזאַמען מיט זיין גרויסער ליבשאַפט צו אונדזער ליטעראַטור און אירע שאַפער, אויך די גרויסע התמדה, די דיסציפּלינירטע פּינקטלעכקייט, גרויסן, געדולדיקן אויסדויער און די גוטע פאַרשטענדעניש פאַר קלייניקייטן, וואָס זיינען זייער און זייער וויכטיק פאַר דער אַרבעט פון ביבליאָגראַפיע.

ביי אונדז איז אויך גוט באַקאַנט דער טיפּ פון אַ „בעל דיקדוק", וואָס היט אָפּ מיט פּעדאַנטישער עקשנות יעדער פּינטעלע פון געדרוקטן וואָרט. פאַראַן אַ סך וויצן און שפּאַסן פון דעם סאָרט מענטשן. אין דער אמתן פאַרדינען זיי אַ סך לויב, זיי פאַרהיטן פון אַ סך גרייזן און פון שלעכט פאַרשטיין. נעמען מיר אַוועק די סתם עקשנים אַרום דעם ענין, זיינען אָבער די מענטשן אַ גרויסער פּליוס אין יעדער ליטעראַרישער ווירטשאַפט.

מען דאַרף זען ווי אַזוי יעפּים ישורין גרייט צו די קאַרטלעך, און ווי אַזוי ער שטעלט צונויף זיינע ביבליאָגראַפיעס פון יידישע שרייבער, וואָס האָבן מיט זייער טאַלאַנט, מיט זייער וויסן באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור, און אָנגעפילט אויף אַ בריליאַנטענעם אופן אונדזער גרויסן גייסטיקן אוצר.

איך אַליין האָב געהאַט די גרויסע הנאה זיך צו באַניצן מיט זיינע ביבליאָגראַפיעס פון מנחם באָרײשאַ ע״ה, און פון משה־לייב האַלפּערן ע״ה, וואָס זיינען אַריין אין זייערע ווערק, ווען זיי זיינען פון אונדז אַוועק. עס איז אַ באַזונדער נחת רוח צו זען מיט וויפיל ליבשאַפט ער טוט די אַרבעט, און ווי אַזוי ער טראָגט זי אונטער די, וואָס ווענדן זיך צו אים. און צו אים ווענדן זיך כמעט אַלע יידישע שרייבער.

באַוואונדערן טאַקע אַלע ישורינס גרויסע מי און אַרבעטס־פעאיקייט, און אַלע שטוינען און פרעגן: וואו נעמט ער אַזוי פיל צייט? עס איז דאָך פשוטע האַרעוואַניע דורכצונישטערן אַזוי פיל צייטונגען, זשורנאַלן, ליטעראַרישע זאַמלונגען און ביכער אויף יידיש און אויך אויף אַנדערע שפּראַכן, פון די אַלע לענדער וואו די דאָזיקע מאַטעריאַלן ווערן געדרוקט.

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז יידיש געדרוקט געוואָרן כמעט אין דריי צענדליק לענדער. נאָך דער מלחמה, ווען מזרח־אייראָפּע האָט ווייניק געדרוקט אויף יידיש, זיינען צוגעקומען די לענדער פון דרום און צענטראַל אַמעריקע, אויסטראַליע, אַפריקע און נאָך לענדער. און וואו נאָר עס איז דערשינען עפּעס אויף יידיש, איז עס אָנגעקומען צו ישורינען און ער האָט אַריינגעקוקט, געגנישטערט, געזוכט, געפונען און באַלד פאַרצייכנט. אַזוי אַרום האָט ער אונדז געגעבן זייער אַ גרויסע צאָל ביבליאָגראַפיעס פון יידישע פובליציסטן, וויסנשאַפטלער, דיכטער, פּראָזאַאיקער, עסייאיסטן, זשורנאַליסטן און בכלל אַלע די וואָס האָבן באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור אויף די אַלע געביטן. בלייבט נאָך אַלץ די קשיה: איז ווען האָט ער עס פאַרט געטאָן? און געטאָן מיט אַזאַ וואַרעמער געטריישאַפט. דאָס אַליין שאַפט אַ שיין־געשניצטע ראַם פאַר דער פערזענלעכקייט, יעפּים ישורין. אָבער דאָס וואָס ישורין האָט גענומען אויף זיך, אין זיין באַשרענקטער צייט, צו זיין דער געטרייער רעגיסטראַר פון אונדזער ליטעראַטור און אירע שאַפער, האָט געשאַפן און שאַפט פאַר אים אַ באַזונדער אָרט אין אונדזער „ליטעראַרישן הויז".

יעפּים ישורין געהערט צו די ניכטער־פאַרגלייבטע אין זיין מיסיע וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן. אָן דער דאָזיקער פאַרגלייבטער ליבשאַפט קאָן מען אַזאַ שווערע און אַ סך מאָל, היפּשלעך נודנע, אַרבעט נישט טאָן. איז גוט וואָס אַזאַ איינער לעבט צווישן אונדז, און איז עוסק אין זיין שווערער מיסיע, שלא על מנת, נאָר, לחלוטין, לשמה. ער האָט פאַרשניטן אַ בונד מיט דער גרויסער יידישער שרייבער־משפחה, קיין עין הרע, און ער האָט יעדן געשטעלט אַ לעבעדיקן מאָנומענט לדורות. דערמיט וועקט ער און רופט אונדז אַלעמען צו געדענקען און אָפּצושאַצן, וואָס די שרייבער האָבן געשאַפן און וואָס מען האָט וועגן זיי געשריבן און געזאָגט.

**לייבוש לעהרער,**
פּאַרזיצער פון וויסנשאַפטלעכער קאָלעגיע פון ייוואָ

# יעפים ישורין איז אַנדערש

אויב קריעת ים־סוף איז געווען אַזאַ גרויסער נס, וואָס דער חומש דערמאָנט אַזוי אָפט, וואָלטן די מחברים פון מאָדערנעם טעגלעכן חומש געדאַרפט דערמאָנען ניט זעלטענער די וואונדער וואָס געשעען איצט פאַר אונדזערע אויגן.

באַרעכנט, אין יידישער קולטור, אויף וויפיל זי שטעלט זיך ריין יידישע צילן, זיינען די עקזאַקטע וויסנשאַפטן ניט קיין עיקר. אמת, אויך ריין יידישע ענינים נייטיקן זיך אָפט, למשל, אין מאַטעמאַטישע אָפּע־ראַציעס, אָבער קיין עיקר איז דאָס ניט.

נאָר ווער קען זיך דאָס פאָרשטעלן מען זאָל ווי געהעריק פאַרשטיין איצטיק יידיש לעבן אָן דעם צושטייער פונעם יידישן היסטאָריקער? אַ



לייבוש לעהרער און יעפים ישורין

קולטור אָן דער אויפקלערונג פון אַן אַנאַליזירטער געשיכטע איז פונקט ווי אַ בלינדער וואָס ווערט געפירט פון די אָפּקלאַנגען פון אַ גלייכגיל־טיקן שטעקן.

נאָך קריטישער איז די נויט ווען עס קומט צו ביבליאָגראַפיע און דעם ביבליאָגראַף. עס לייגט זיך אויפן שכל אַז דער ביבליאָגראַף זאָל בלויז געבוירן ווערן אין דער ספערע פון ריין אַקאַדעמישער אַרבעט. אין אַזאַ אַרבעט דערפילט מען אַז אָן געהעריקער ביבליאָגראַפישע פאַרצייי־כענונגען פונעם געדרוקטן וואָרט, פעלן אויס די וויכטיקסטע כלים וואָס פאַרלייכטערן די אַרבעט פונעם יוצר בעת ער נעמט זיך צו באַלעבן דעם חומר.

אָבער דאָ, וואונדער איבער וואונדער, אָט איז אַ מענטש, יעפים ישורין, וואָס זיין אידעאַלע אַרבעט איז געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, גיט זיך איבער מיט אומאויפהערלעכער מי דער ריזיקער אונטערנעמונג ביבליאָגראַפיש צו פאַרצייכענען די גאַנצע ליטעראַטור וואָס ווערט ביי אונדז געשאַפן אין יידיש. פון קיינעם ניט געטריבן און ניט געבעטן, בלויז פון פערזענלעכער ליבשאַפט, האָט ער זיך צוגעטוליעט צו אַן אַרבעט וואָס איז אַזוי ווייט פונעם דורכשניט און אַזוי דערווייטערט פון דער

נאַטירלעכער אָנרעגונג וואָס זיין שטענדיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט קען אַרויסרופן.

די טעכניק פון סיסטעמאַטישער ביבליאָגראַפיע פאָדערט זיך אָנצו־געבן מיט קוים־באַמערקלעכע פּרטים וואָס בלויז דאָס געשולטע אויג קען אויפכאַפּן. צוליב דעם מיינען טייל אַז אַזאַ אַרבעט שמעקט מיט נוד־נעקייט. אָבער אַפילו דער זייטיקער אינטעליגענטער מענטש קען פאַר־שטיין דעם אויפטו פון געהעריקער קלאַסיפיקאַציע פון די ווערק פון אַ שאַפנדיקן שרייבער. די אמתע אויפגאַבע פונעם ביבליאָגראַף — אַליין אַ שאַפנדיקע פּערזענלעכקייט — איז אַרויסצוברענגען שאַרפער דאָס גע־שטאַלט פונעם שרייבער דורך אַרויסברענגען די אינטעלעקטועלע און קינסטלערישע היעראַרכיע פון זיינע ווערק אין דער ראַם פון דער גאַנ־צער ליטעראַטור. ווען מען באַנעמט דעם זינען פון אָט דער אויפגאַבע דערזעט מען ערשט דעם אויפטו און דאָס פאַרדינסט פונעם ביבליאָגראַף.

יעפים ישורין האָט אַ סך אַנדערע פאַרדינסטן וואָס איך פיל זיך ניט קאָמפּעטענט גענוג צו פּסקענען וועגן זייער פאַרנעם אין אָרגאַניזירטן יידישן לעבן אין אַמעריקע. אָבער גראָד דאָס וואָס ער האָט זיך מיט באַ־גייסטערונג אָנגעצונדן פאַר אַזאַ ווינקלדיק־אַקאַדעמישער אַרבעט ווי ביבליאָגראַפיע שטרייכט אונטער דעם אַלטן געדאַנק אַז מען קען גאָר ניט אָפּשאַצן און ניט אויסמעסטן די טיפענישן פון אַ מענטשלעכער נשמה.

הונדערט און צוואַנציק יאָר איז ניט קיין איבערגעטריבענע ברכה פאַר אַזעלכע ווי יעפים ישורין.

---

**י. לעווין־שאַצקעס,**
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד
און רעדאַקטאָר פון „וועקער“

# אויף דער וואַך

(צום 75־יאָריקן יובילײ פון גענאָסע יעפים ישורין)

דער נאָמען פון דעם יחיד, וואָס הייסט יעפים ישורין, איז אומאָפּ־טיילבאַר פון דעם נאָמען פון דעם קאָלעקטיוו, וואָס הייסט אַרבעטער־רינג. אַלץ וואָס עס גייט אויפן קרעדיט פון אַרבעטער־רינג דאַרף אויך גיין אויפן קרעדיט פון יעפים ישורין. טאָמער וועט אימיצער וועלן מאַכן דעם לאָגישן אויספיר, אַז אַזוי אַרום דאַרף יעפים ישורין אויך טיילן מיטן אַרבעטער־רינג דאָס וואָס עס קומט אויפן דעביט פון אַרבעטער־רינג, — וועט דער דאָזיקער עמעצער זיין פולשטענדיק באַרעכטיקט דאָס צו טאָן. אַזוי, אָבער, ווי מיר זיינען אַלע מסכים אַז די גרויסע מעלות און אויפ־טואונגען פון דעם גרעסטן פראַטערנאַלן אָרדן פון די יידישע אַרבעטנדיקע

און פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין אַמעריקע שטייגן ווייט אַריבער די אָדער יענע חסרונות פון אַרבעטער־רינג (און ווער און וואָס און ווען און וואו איז פאַראַן אַ יחיד אָדער אַ קאָלעקטיוו אָן חסרונות?) איז קלאָר, אַז צו זיין 75־יאָריקן יובילײ איז יעפים ישורין באַרעכטיקט צו אַ ספּעציעלער אָנערקענונג פאַר זיין בלב־ונפשדיקער דינסט און טריי־שאַפט צום אַרבעטער־רינג.

דאַן ווען אויף דער יידישער גאַס אין אַמעריקע האָט זיך געטראָגן דער בייזער קאָמוניסטישער שטורעם, וואָס האָט געדראָט צו פאַרוואַנדלען אין חורבות אַלע אָרגאַניזאַציעס וואָס דער יידישער אַרבעטנדיקער מענטש האָט מיט אַזוי פיל שוועריקייטן געשאַפן אויפן באָדן פון דער נייער היים, האָט דער יובילאַר פּרייוויליק גענומען אויף זיך די ראָלע פון דעם אַפּהיטער, פון דעם שומר פון דעם אַרבעטער־רינג. דער אַרבע־טער־רינג — די גרויסע יידישע מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַליס־טישן כאַראַקטער — איז אָפּגעהיט געוואָרן און במילא איז אָפּגעהיט גע־וואָרן דער אידעאישער קוואַל פון דעם אַרבעטער־רינג — די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויך געקעמפט קעגן די קאָ־מוניסטישע אָנגריפן, אָבער אָן דעם אַרבעטער־רינג וואָלט דער קאַמף זיך נישט איינגעגעבן.

צום 75־יאָריקן יובילײ פון גענאָסע יעפים ישורין דאַרף אויך באַ־טאָנט ווערן זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור און במילא פאַר דער יידישער קולטור. אויך אויף דעם געביט האָט ער דערפילט די פונקציע פון דעם אָפּהיטער, פון זיין אויף דער וואַך. מיט זיין אַרבעטסזאַמקייט און מעטאָדישקייט אַלס יידישער ביבליאָגראַף, האָט ער אויפגעטאָן אַזוי פיל, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס אַן אויפטו פון אַזאַ פאַרנעם, וואָס וואָלט אַפילו געווען אַ גרויסע דערגרייכונג, ווען דאָס וואָלט געטאָן געוואָרן פון אַ קאָלעקטיוו. די יידישע ליטעראַ־טור, די יידישע שפּראַך האָבן אין פערזאָן פון גענאָסע יעפים ישורין אַ גרויסן שאַפנדיקן פריינד, און דאָס איז באַזונדערס ווערטפול אין דער היינטיקער צייט, ווען אַזוי פיל אומפריינד לויערן סיי אויף דער יידישער שפּראַך און סיי אויף דער יידישער ליטעראַטור.

קומט גענאָסע יעפים ישורינען די האַרציקסטע באַגריסונג פון יעדן יידישן סאָציאַליסט און פון יעדן יידישן קולטור־מענטש צו זיין 75־יאָריקן יובילײ. און די דאָזיקע באַגריסונג ווערט אויפריכטיק פאַרבונדן מיט דעם וואונטש, אַז נאָך אַ סך יאָרן זאָל ער זיין פיזיש געזונט און גייסטיק שטאַרק ווייטער צו דינען די געהעריקע צווייגן פון דער יידישער אַרבעטער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי אויך דער יידישער ליטע־ראַטור און דער יידישער קולטור.

**א. לעיעלעס**

# יידיש־חלום אין אַמעריקע

אַ מתנה דעם ליבן יעפּים ישורין צו זיינע פינף און זיבעציק יאָר

אין די הויכע און געקעסטלטע געביידעס
פון דער אויסטערלישער, טומלדיקער שטאָט ניו־יאָרק
זיצט געענגט אַ יונגוואַרג, אי מיט זאָרג, אי אָן שום זאָרג,
און די וואָלקן־קראַצערס זענען קלאָרע עדות,
ווי מיט דער ירושה פון די טאַטעס, זיידעס,
ווערט געשטעלט אַ נייער בנין — דאָ, אין מיטן טאָרג.
ס'איז אַ חלום־בנין, ס'בויען יונגע בויער
ווי להכעיס און צום גראַדן זין קאַפּויער.

ס'גייט אַ סך אויף באָרג. אַז יעדער איז אַ צוציק.
קיינער וויים נאָך נישט גענוי וואָס אייגן און וואָס פרעמד.
באָרגט מען, בייט מען אויך אידייען, ווי מען בייט אַ העמד.
אין די שטיבלעך איז גאַנץ דושנע, נישט צו־פּוציק,
נאָר פאַרריסן, מיט עקשנות און חלוציק
יוגנטלעך און וואוילעריש, און אָפטמאָל אויך פאַרשעמט,
שלענגלט זיך דאָרט יענער ווילן מיט הצלחה,
וואָס צעעפנט טירן ברייט פאַר אַן עפּאָכע.

ס'ווערט געבאָרגט אויך ממש. ס'רינען נישט קיין שפעס.
ס'שעפל פון דער שפע איז פאַר אַנדערע געגרייט.
דאָ גילט אַנדערשדיקער טרויער, נייע מאָדע פרייד.
וועט איר פרעגן: נו, און עסן? און דאָס נפש?
עט, אַ דאָלאַר אייגנס הייסט שוין לעבן גרעפּיש.
אַז עס גייט אין יידיש, אין דעם יידיש־חלום גייט.
אויפּטו, נייקייט טרייבן שאַרף מיט הייסן אָטעם,
ווער האָט צייט גאָר פאַר חשבונות, זלידנע פּרטים?

תכליתדיק האָט נאָר דער גורל דאָ געהויערט,
דער געהיימער, קלוגער גורל מיט באַשערטן רוף.
אין דעם שטענדיקן געראַנגל צווישן גייסט און גוף
האָט אַוודאי דער נסיון אָפּט געלויערט.
נאָר באַשערטקייט האָט געפּעסטיקט זיך אויף רוי־ערד,
און צו זיך געבויגן יעדע שוואַכקייט, יעדן חשבון־רוף.
„בויט מיר ניי־געבוי אויף ניי־ערד, ס'וועט געראָטן!"
וויסיק אָדער נישט — מען פאָלגט די מוז־געבאָטן.

ס'וואָלטן די חלומות פון דעם דור געסטאַיעט
אויפצובויען פּתום, רעמסס און אַ זייל פון גאָלד.
רונד אַרום האָט רייכקייט זיך געקוילערט און געראָלט.

נאָר דאָס אומרואיקע יונגוואַרג האָט פּאַרטאַיעט
אויסגעשמידט אַ נייעם עול, אַ נייע פרייהייט,
און געבויט, און פון דעם הימל ס'טעלערל געוואָלט,
און געלייגט אַ ציגל אויף אַ חלום-ציגל
און געשפּיגלט זיך אין כשופדיקסטן שפּיגל.

אין די צימערלעך, פון וואַנען ס'זענען שפּעטער
אויפגעגאַנגען גייסט-גערעטענישן, שניט נאָך שניט,
שרייבערס, טוערס, בריהס אויך אויף „פּראַקטישן געביט",
איז געשטאַנען שטענדיק אַ ראָמאַנטיש וועטער
און באַרוישט, פאַרשיכורט — מיט און אָן אַ היתר;
שפּרינגען איבער תהומען, שווימען קעגן שטראָמען —
אַלץ, וואָס וויל פאַרשווענקען אונזער יידיש-נאָמען.

---

**יעקב לעשצינסקי** (תל-אביב)

# יעפים ישורין איז געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון די קעמפער פאַר אָרגאַנישן המשך אין דער קולטור־אַרבעט

יעפים ישורין איז איינער פון יענער געבענטשטער גרופּע אַרבעטער־טוער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען, אַז שפּעריש און רעזולטאַטרייך וועט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אויפן נייעם אַמעריקאַנער באָדן זיין נאָר אויב זי וועט זיין אָרגאַנישער המשך פון דער זעלבער באַוועגונג אין מזרח־אייראָפּע, און דער עיקר אין צאַרישן רוסלאַנד. אָרגאַנישער המשך פריער פון אַלץ און מער פון אַלץ אין שפּראַך און קולטור. מעג מען מסכים זיין, אַז אַ געוויסער ריס מיט דער אַלטער און פאַרעלטערטער יידישער קולטור־וועלט האָט געמוזט קומען און דערביי האָט מען גע־מוזט ברענגען פיל קרבנות, דאָך איז ניט וויניקער דרינגענד נייטיק געווען איינצוהיטן יענע פאָרמען פון דער יידישער קולטור און ביז אַ געוויסן גראַד אויך יענע תוכנס פון דער זעלבער, אָן וועלכער ס'איז קיין המשך ניט מעגלעך געווען.

יעפים ישורין איז געשטאַנען אין די ערשטע רייען פון די קעמפער פאַר אָרגאַנישן המשך אין דער קולטור־אַרבעט, און שוין דערפאַר קומען אים פילע ברכות, צו וועלכע איך באַהעפט מיך מיטן גאַנצן האַרצן.

אָבער גאָר באַזונדערע און ממש היסטאָרישע ברכות קומט דעם דאָ־זיקן באַשיידענעם חבר פאַר זיין גרויסן אויפטו אויפן געביט פון ביב־ליאָגראַפיע און דערביי בנוגע יידיש־שאַפער. בנוגע דער „שפּחה" — אָט אויף דעם דאָזיקן געביט איז דאָך אונדזער פריינד ישורין אַ יחיד במינו! בפירוש אַ יחיד במינו! מיר איז ניט באַקאַנט אַזאַ געוויסנהאַפ־טער, אַזאַ פלייסיקער זאַמלער פון ביבליאָגראַפישן מאַטעריאַל פון יידיש־שרייבער.

**מאַני לייב**

# אַ פאָלקס־ליד וועגן ווילנער יידן

(אַ מתנה יעפּים ישורינען)

איבער ניעזשין הענגט אַ כמאַרע
און אַ גרויסע שליאָטע;
פאָרט אין שטאָט אַ באַלעגאָלע,
זינקט די בויד אין בלאָטע.

זיצט אין בויד אַ ייד אַ פרעמדער,
קומט פון אַלדי וויטן;
— וואָס־זשע פירט אַ ייד קיין ניעזשין?
— סחורה, וואָס פאַר לייטן.

אַזש פון ליטע ביז אוקראַינע
פירט דער ייד זיין סחורה;
תורה איז די בעסטע סחורה, —
פירט דער ייד זיין תורה.

און זיין זיידענע קאַפּאָטע
איז אים אָפּגעריבן;
און דער ווילנער גרויסער דלות
אין דער פרעמד פאַרטריבן.

תורה איז די בעסטע סחורה —
ניט מיט גאָלד צו וועגן,
יידן, ניעזשינער פּראָסטאַקעס,
האָבן אַ פאַרמעגן;

זאָטן ברויט און פולע שפּייכלער,
פעטע שאָף און רינדער;
נאָר זיי האָבן ניט קיין תורה,
ניט פאַר זיך און קינדער.

בלייבט דער ווילנער ייד אין ניעזשין —
ניעזשין דאַרף זיין סחורה.
זיצט דער ווילנער ייד מיט קינדער
און ער לערנט תורה.

קלינגט זיין לערנען איבער ניעזשין,
איבער אַלע שטיבער;
יידן, ניעזשינער פּראָסטאַקעס,
נעמען זיך אַזש איבער:

— אַ געזונט זיי אין די ביינער
אַלע די ליטוואַקעס,
וואָס זיי לערנען זייער תורה
ניעזשינער פּראָסטאַקעס.

---

**איציק מאַנגער**

## זעצט פאַר אייער שטילע אָבער וויכטיקע אַרבעט אַלס ביבליאָגראַף

טייערער פריינט ישורין,

איך וואָלט זיך געפילט זייער און זייער „נישט פויגלדיק" ווען איך וואָלט זיך נישט באַטייליקט אין אייער שמחה.

וואָס קען איך צוגעבן צו דעם וואָס אַלע די וואָס קענען אייך באָענט האָבן שוין געזאָגט און געשריבן? אייער לאַנגיאָריקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, אייערע אַרבעטן ווי אַ ביבליאָגראַף פון אונדזער ליטעראַטור זיינען וואוילבאַקאַנט און ווערן אָפּגעשאַצט פון יעדן וואָס האָט אַ געפיל און פאַרשטענדעניש אין די ענינים.

איך וויל דערפאַר דערמאָנען אייער ליבן שמייכל מיט וועלכן איר באַגעגענט יעדן איינעם און וואָס מאַכט אַ רגע ליכטיק דעם אומעטיקן בנין פון „פאָרווערטס"".

שמייכלט נאָך לאַנגע יאָרן און טוט אייער שטילע אָבער שיינע אַרבעט ווי דער ביבליאָגראַף פון אונדזער גרויסער און טראַגישער ליטעראַטור.

# ישורין — דער ווילנער — דער „קאַלטער"

(צו זײַן 75טן געבוירנטאָג)

מען האָט וועגן אייך אַ סך שוין געשריבן,
אָבער צום שרייבן איז גענוג נאָך געבליבן.
אַלס „ביבליאָגראַף" קען זיך גלייכן ניט קיינער,
און אַלס אַ פירער כמעט זענט איר איינער!

עס מאַכן אויך מענטשן אַ טעות, אַ גרייז,
זאָגן: ישורין איז ווילפּול, אַ שטיק קאַלטע אייז,
ער האָט אַ דיקטאַטאָרישן, אייזערנעם ווילן,
אַ טרוקענער מענטש, אָן נשמה, געפילן,

אָבער זאָל עס אויף קיינעם ניט מאַכן קיין רושם.
ישורין אין הארצן טראָגט פון ווילנע דעם חותם.
דעם חותם פון מיטלייד, פון צדק און דין,
און נוצט עס מיט שכל, מיט טאַקט און מיט זין!

ישורין איז איינפאַך, טוט זיך ניט בלאָזן,
ער איז שטרענג, אָבער אויך צוגעלאָזן;
האָט אימער אַן אויער פאַר יעדן צום הערן,
ווען אימיצן טוט וויי, פאַרגיסט ער אויך טרערן.

ישורין דער מענטש האָט אַ האַרץ פון רחמנות,
העלפט אויך אַ קעגנער אין נויט מיט מתנות...
דאָס ווייסן געציילטע, ווייניקע, ניט פיל —
ווייל די אַלע זאַכן טוט ער איידל און שטיל.

אָט דאָס איז ער ישורין דער ווילנער, אייז-קאַלטער.
וואָס אונטער אַ מאַסקע זיינע מעלות באַהאַלט ער!
ווינטש איך דעם ווילנער, דעם „בייזן און קאַלטן",
ער זאָל זיך אויף יאָרן לאַנג, פרוכטבאַרע האַלטן.

**אַלעקסאַנדער מאַץ**

# ישורין דער בויער און קולטור־טוער

(געשריבן צום 70סטן געבוירנטאָג פון יעפים ישורין)

עס פליען די טעג, עס לויפן די יאָרן,
אַקאָרשט אַ יינגל, שוין שבעים געוואָרן, —
אַקאָרשט אין ווילנער גימנאַזיע געגאַנגען
און שוין ווי אַ זקן מיט יאָרן באַהאַנגען!

עס לויפט שנעל דער גאַנג פון מענטשלעכן לעבן,
אין ווירבל פון לויפן, פון האָווען און שטרעבן.
עס פאַרלירן זיך כוחות, פאַרשווינדן באַגערן —
עס העלפט ניט קיין טענות, עס העלפט ניט קיין טרערן!

נאָר גליקלעך איז דער וועלכער האָט זעלבסט זיך דערצויגן
צו גייסט און צום כלל זיך קענען אויסטויגן,
דער האָט ווירקלעך פאַרשטאַנען פון לעבן די תורה,
דער האָט פאַרן לויף פון דער צייט ניט קיין מורא!

און איר, ישורין, האָט פאַרשטאַנען דאָס ריכטיק
און פאַרן גייסטיקן לעבן געאַרבעט גאַנץ טיכטיק,
פאַרנומען איבעראַל האָט איר אַ וויכטיקן אָרט
ווי אין „אַרבעטער־רינג" און געזעלשאַפט פון „אָרט".

וואו „ליכט און קולטור" — זייט איר דאָרטן דאָ:
ווי אין „האיאַס" און „קאָנגרעס" און אויך אין „ייוואָ".
האָט פאַראייניקט די שטאָט וועלכע איר ליבט ווי דאָס לעבן:
פאַר ווילנע אַ „ווילנע" — אַ מאָנומענט איר געגעבן.

אויך אַרבעט איר שטענדיק ווי אַ מיזאַמע בין
צו פאַרשרייבן די זאַכן פון שרייבער — מיט אַ זין!
באַוואוסט אַלס ביבליאָגראַף אין דער יידישער וועלט,
אַלס דער ערנסטסטער און בעסטער אויפן דאָזיקן פעלד!

* * *

דערמיט וועל איך היינט מיין אָפּשאַצונג שליסן,
און איצט דעם בעל יובל מיט ליבשאַפט באַגריסן
און ווינטשן: נחת פון לעבן לאַנג נאָך צו געניסן!

**אַלעקסאַנדער מאַץ**

# ווילנע

(געווידמעט דעם יובילאַר יעפּים ישורין, דעם „אַמבאַסאַדאָר פון ווילנע״)

ווילנע, אָ, ווילנע, מיין שטאָט, אָ, דו שיינע,
וואו גאונים געלעבט האָבן, ערלעכע, ריינע;
אַ שטאָט וואָס געברויזט האָט מיט בילדונג און וויסן,
מיט מענטשן פון האַרץ, פון ליבע, געוויסן.

אַ שטאָט, וואו געדרוישט האָט דאָס לעבן פון שאַפן,
פאַר ליכט און פאַר פרייהייט די נויטיקע וואָפן,
צעברעכן און רייסן די צאַרישע קייטן,
צו העלפן די מאַסן אין זייערע נויטן!

אַ שטאָט, וואָס געהייסן האָט „ירושלים ד׳ליטע״,
ווייל יעדע אידייע האָט געהאַט דאָרט איר שיטה,
ווייל פירער, פון אַלערליי שיכטן און קלאַסן,
געלערנט האָבן „יושר״ און „פרייהייט״ די מאַסן!

ווילנע פון צדקה, פון רחמים און ליבע,
געבויט האָט אינסטיטוציעס פאַר יעטווידער סיבה:
אַ „גיכע קאַרעטקע״ 1) מיט דאָקטוירים באַשטימטע,
צו העלפן פריי אָרעמע מיט דאָקטוירים באַרימטע!

אַ „ביליקע קיך״ פאַר אַלערליי מענטשן,
פאַר „שבת״ אַ קיך 2) פאַר פרומע מיט בענטשן;
פאַר אָרעמע קראַנקע אַ „געזעלשאַפט צו וואַכן״, 3)
אַ חברה פאַר קרעמער „הלוואות״ צו מאַכן! 4)

אַ שטאָט, וואו עס האָט יידישע אותיות געגאָסן
דער באַרימטער מחוקק ר׳ ליפּמאַן ב״ר נתן; 5)
אותיות גאָר נייע, פון אַ גאָר נייעם שניט,
באַרימט אַלם די בעסטע אויף דעם דאָזיקן געביט!

ווילנע, וואָס פרומע און פרייע צוזאַמען,
געליבט און געאַכט האָבן ווי אַ האַרציקער מאַמען;
ווילנע, אונדזער שטאָלץ, וואו מיר זיינען געבאָרן —
ווי איז אונדז, וואָס פון דיר איז איצטער געוואָרן!

---

1) סקאָראַיאַ פּאָמאָשטש. 2) עונג שבת. 3) משמרת חולים. 4) גמילות חסדים.
5) ר׳ אליעזר ליפּמאַן מ״ץ איז געווען דער דערפינדער פון די נייע יידישע אותיות, אויף וועלכע עס ווערן איצט געדרוקט אַלע יידישע ביכער און צייטונגען. ער איז געווען מיין זיידע.

**ב. מאַרק** (וואַרשע)

# צוויי נייע ביבליאָגראַפיעס וועגן יעקב דינעזאָן און משה בראָדערזאָן*)

(געדרוקט אין „יידישע שריפטן", נומער 2־3 (153־154), וואַרשע, מערץ 1960)

ביי די אומות העולם איז ביבליאָגראַפיע אַ גרונט־זאַך. עס עקזיס־טירן ביי זיי ספּעציעלע ביבליאָגראַפישע אינסטיטוטן, וועלכע זאַמלען, באַאַרבעטן און גיבן אַרויס ביבליאָגראַפישע ווערק פון ליטעראַטור און היסטאָריאָגראַפיע. ביי יידן איז פאַקטיש היינט פאַראַן איין גרויסע סטאַ־בילע ביבליאָגראַפישע צייטשריפט — דאָס איז „קרית ספר" אין ירושלים.

דעריבער איז צו באַוואונדערן די ענערגיע פון דעם כמעט איינציק אַקטיוון ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור יעפים ישורין. ער טוט די דאָזיקע אַרבעט זינט יאָרן אָן שום אינסטיטוטן, אַליין, אָן רע־קלאַמע און רעש. ער גיט אַרויס צענדליקער ביבליאָגראַפישע העפטן און סעפּאַראַט־אָפּדרוקן, יעדע אויסגאַבע איז געווידמעט איין שרייבער. מיט דעם פלייס פון אַ בענעדיקטינער אָדער פון אַן אַלטן יידישן סופר זאַמלט ער צונויף די ידיעות וועגן באַשטימטן שרייבער אין אַלע ווערק און אויסגאַבעס, וואָס זיינען אים צוטריטלעך, און שטעלט צונויף אַ גאַנצן בנין, וואָס בלייבט נישט בלויז אַ מצבה נאָכן שרייבער, נאָר אויך אַ הילף פאַרן קינפטיקן פאָרשער.

די טעג האָט די פּאָסט געבראַכט פון ניו־יאָרק צוויי נייע פּובלי־קאַציעס פון יעפים ישורין. זיין יעקב דינעזאָן ביבליאָגראַפיע פאַרמאָגט 18 זייטלעך און כאַפּט אַרום אַ פּעריאָד פון איבער 50 יאָר, וואו, וואָס און ווער עס האָט אין משך פון איבער אַ האַלבן אָרהונדערט געשריבן אָדער דערמאָנט יעקב דינעזאָנען. דאָס ביכעלע, וואָס איז זייער ציכטיק אַרויסגעגעבן איז צעטיילט אין די פאָלגנדיקע אָפּטיילו:

1. וועגן יעקב דינעזאָן אין יידישע און העברעאישע ביכער. דאָ האָט איר אויסגאַבעס און מחברים פון דער גאַנצער וועלט: פון אַמעריקע, אַרגענטינע, פּוילן, ארץ ישראל, ראַטן־פאַרבאַנד א. אַ. אין יאָר 1902 האָט מען וועגן דינעזאָנען געשריבן אין אַ יידישער אויסגאַבע אין קראָקע. און מען שרייבט וועגן אים ביזן היינטיקן טאָג. האָט איר ווידער אַ בולטן סימן פון דער וויטאַלקייט און אַקטועלקייט פון דער יידישער ליטעראַ־טור און בפרט פון איר פרץ־דור. יעפים ישורין גיט אָן גענוי די זייטן

---

*) „יעקב דינעזאָן ביבליאָגראַפיע", צוזאַמענגעשטעלט פון יעפים ישורין, ניו־יאָרק, 1959.

„משה בראָדערזאָן ביבליאָגראַפיע", צוזאַמענגעשטעלט פון יעפים ישורין, ניו־יאָרק, 1959.

פון די ביכער, אַזוי אַז דער ליטעראַטור־פאָרשער און אויך ליבהאָבער וועט זיך לייכט אָריענטירן און געפינען וואָס ער זוכט.

2. אין לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס. דאָ האָט איר דינעזאָנען, ווי ער ווערט פאָרגעשטעלט אין כלערליי יידישע און ענגלישע ענציקלאָפּעדיעס. ישורין פאַרגעסט אויך נישט די אַלטע, אָבער אויסגעצייכנטע „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" (באַנד 7).

3. אין אַלמאַנאַכן, כרעסטאָמאַטיעס און לערנביכער. דאָ דאָמינירן די יידיש־סאָוועטישע אויסגאַבעס פון די דרייסיקער יאָרן.

4. אין ייוואָ־בלעטער און היסטאָרישע שריפטן. דער מחבר מערקט דאָ אויך אָפּ די דינעזאָן־פּאָזיציעס אין די „יידישע שריפטן".

5. אין זאַמלביכער און פנקסים. און

6. אין פרעמדע שפּראַכן — אין ענגליש, שפּאַניש, רוסיש און פּויליש (די פּוילישע אויסגאַבעס פון פּרצן און וועגן שלום־עליכמען).

יעפים ישורין האַלט זיך נישט דאָגמאַטיש ביי דער דאָזיקער סטרוקטור. ער פּאַסט צו צו יעדן שרייבער אַ באַזונדערע ביבליאָגראַפישע סטרוקטור לויטן כאַראַקטער פון די אָפּרופן וועגן דעם דאָזיקן מחבר. איך שטרייך אונטער דעם דאָזיקן מאָמענט, ווייל די גאַראַנטיע פאַר אַ גוטער ביבליאָגראַפישער אַרבעט איז נישט בלויז די מאַקסימאַלע אָנזאַמלונג פון ידיעות, נאָר אויך אַ געהעריקע סטרוקטור. ביי אַ מאַנגל פון אַ גוט־פאַרטראַכטער סטרוקטור קאָן זיך אײַנפאַלן דער גאַנצער בנין, וואָרם אַ ביבליאָגראַפיע דאַרף קודם כל זיין דורכזיכטיק, אַ נישט — וועט זיך דער לייענער פאַרפּלאָנטערן אין דעם לאַבירינט פון אינפאָרמאַציעס. דעריבער האָט יעפים ישורין ריכטיק געהאַנדלט, ווען ער האָט די משה בראָדערזאָן ביבליאָגראַפיע איינגעסדרט אין די פאָלגנדיקע אָפּטיילן:

1. וועגן משה בראָדערזאָן אין יידישע ביכער,

2. אין העברעאישע ביכער און צייטונגען (אַ נישט גרויסע גאַנצקייט לויטן שפּראַך־סימן),

3. יידישע אַרטיקלען וועגן משה בראָדערזאָן — און דאָס איז דער גרעסטער אָפּטייל, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, פּונקט ווי עס איז פאַרשטענדלעך דער ווייטערדיקער אָפּטייל:

4. לייטאַרטיקלען און נאָטיצן אין צייטונגען און זשורנאַלן (צוליב משה בראָדערזאָנס פריצייטיקן טויט).

5. אין פרעמדע שפּראַכן — ס'רוב אין ענגליש, ווייניקער אין שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש (אַרגענטינע און בראַזיל).

פאַרן קינפטיקן מאָנאָגראַפיסט פון משה בראָדערזאָן אין יעפים ישורינס ביבליאָגראַפיע, וועלכע האָט 21 זייטן, אַן ערשטקלאַסיקע הילף.

דעם פלייסיקן יידישן ביבליאָגראַף פון ניו־יאָרק קומט אַ האַרציקער יישר כוח.

עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז מיר וואַרטן מיט אומגעדולד אויף זיינע ווייטערדיקע אַרבעטן.

ד"ר א. מוקדוני

# י. ישורין, דער למד־וואָווניק־ביבליאָגראַף

(געדרוקט אין יעפים ישורינס יובל־בוך אין 1955, צו זיין 70יאָריקן יובילײ)

מיר, יידן, זיינען גוטע קדיש־זאָגערס.

איך קען יידן אינגאַנצן אָפּגעפּרעמדטע, אינגאַנצן דערווייטערטע פון יידישן לעבן, זיי זיינען שוין כמעט קיין יידן נישט.

אָבער ווען עס קומט דער יאָרצייט פון אַ טאַטן און אַ מאַמען זיינען זיי דאָ און זאָגן קדיש.

טויטע ווערן ביי זיי גאָר גוט באַהאַנדלט.

און דאָס איז זיכער אויפן חשבון פון די לעבעדיקע...

און נישט נאָר אין טאָג־טעגלעכן לעבן זעט איר עס אויף טריט און שריט, נאָר אַפילו אין אונדזער ליטעראַטור און וויסנשאַפט.

אָט איז געקומען יאָסיף סטאַלין, דער האַרציקער פאָטער פון אַלע געדריקטע פעלקער, און דערמאָרדעט די יידישע קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד.

האָט די „ייוואָ" אונדזערע באַלד געקראָגן געלט און אַוועקגעזעצט מענטשן צוזאַמענצושטעלן אַ ביבליאָגראַפיע פון דער דערמאָרדערטער יידישער ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד.

אָבער עס איז דעם זעלביקן „ייוואָ", אָדער אַן אַנדער קולטור־אָרגאַניזאַציע, נישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו געבן וועגן אַ ביבליאָגראַפיע פון דער נאָך לעבעדיקער יידישער ליטעראַטור דאָ, אין אַמעריקע.

היטלער האָט דערמאָרדעט די פויליש־יידישע קולטור, אָבער ער האָט נישט דערמאָרדעט אינגאַנצן, שטיקלעך און ברעקלעך זיינען געבליבן לעבן.

און עס איז נאָך קיינעם נישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם דאָזיקן האַלבן מת.

אַ האַלבער מת איז הפּנים קיין מת נישט...

אָבער כסדר געפינט זיך ביי אונדז אַ לאַמעדוואָווניק, וואָס טוט שטיל, כמעט בסודי־סדות דאָס וואָס דער כלל — פאַרפעלט צו טאָן.

י. ישורין איז אַזאַ לאַמעדוואָווניק.

שטיל, אָן טרומייטעריי, אָן אַ וויסנשאַפטלעכן שטריימל, איז ער געווען דער געטרייער בוכהאַלטער פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

און י. ישורין איז נישט קיין ליידיקגייער, ער איז אַ שטאַרק פאַרנומענער מענטש.

אָבער עס איז אַ כלל — אַלע פאַרנומענע מענטשן האָבן כסדר צייט.

און וואָס מער פאַרנומען זיי זיינען אַלץ מער צייט האָבן זיי.

קיין פרייע צייט אויף אַ רפואה האָבן נישט די ליידיקגייערס, פאַר זיי איז דער מעת־לעת כסדר קורץ געוואַקסן.

און גראַד אָט דער דאָזיקער פאַרנומענער מענטש האָט זיך גענומען פאַר ביבליאָגראַפיע, וואָס דאַרף האָבן אַ סך צייט.

זי דאַרף טאָן און בלעטערן יידישע צייטונגען, זשורנאַלן, זאַמלביכער און צו אַנדערע צופעליקע אויסגאַבעס, וואָס דערשיינען אין אַ היפּש ביסל לענדער.

ביבליאָגראַפיע פאָדערט אַ סך געדולד, אַ סך ליבע און אַ סך צייט.

ביבליאָגראַפיע איז נישט קיין לוקסוס־ליטעראַטור, עס איז דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט פאַר אַ ליטעראַטור און סתם פאַר אַ קולטור.

האָט יעדער, וואָס האָט באַדאַרפט שרייבן אַ וועלכע עס איז אַרבעט וועגן דער יידישער ליטעראַטור, געמוזט זיין זיין אייגענער ביבליאָגראַף.

ער האָט אַליין באַדאַרפט זוכן און איבערזיפּן בערג מיט צייטונגען, זשורנאַלן און אַנדערע מאַטעריאַלן, כדי צו געפינען די נויטיקע אינ־פאָרמאַציע.

און נישט יעדער איז אַ ביבליאָגראַף, נישט יעדער האָט די נויטיקע געדולד.

פילט זיך טאַקע אין אונדזערע אַרבעטן וועגן ליטעראַטור דאָס פעלן פון אַ סיסטעמאַטישער ביבליאָגראַפיע.

מען פאַרלאָזט זיך על פּי הדחק אויפן זכרון.

און דער זכרון פאַרפירט און פאַרפלאָנטערט אָפט.

* * *

האָב איך זיך ממש דערפרייט ווען איך האָב געבלעטערט דאָס בוך „ב. ריבקין לעבן און שאַפן" און געפונען דאָרט אַן אויספירלעכע ביב־ליאָגראַפיע פון אַלץ, וואָס ב. ריבקין ע"ה האָט אַליין געשריבן און וואָס צענדליקער און צענדליקער אַנדערע האָבן געשריבן וועגן אים, ביי זיין לעבן און נאָך זיין טויט.

עס איז אַ ביבליאָגראַפיע, וואָס פאַרנעמט גענוי גאַנצע 30 זייטן מיט דראָבנער שריפט.

און גענוי איך אַ יאָר אַרום באַקום איך פון פאַרלאַג „מתנות" אַ נייע אויסגאַבע פון משה לייב האַלפּערנס לידער אין צוויי בענד מיט אַ רייכער ביבליאָגראַפיע.

און אַזוי איז אויסגעוואַקסן נישט פאַרזייטערהייט דער ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

אין דער ביבליאָגראַפיע פון משה לייב האַלפּערן זיינען דאָ אַרטיק־לען פון פאַרשיידענע לענדער פון פויליש־יידישע שרייבערס. פון אַר־גענטינישע און אַפילו פון סאָוועטיש־יידישע שרייבערס.

און איצט האָב איך פאַר זיך צוויי בענד פון מאַני לייבס לידער, פּרעכטיק אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס מיט זיין שותף, דעם „ציקאָ".

און ווידער איז ישורין דאָ מיט אַן אויספירלעכע ביבליאָגראַפיע פון אַלץ וואָס מאַני לייב האָט געשריבן און פון די וואָס האָבן געשריבן וועגן מאַני לייבן.

מיר האָבן איצט אַ גוטן אַדרעס צו ווענדן זיך צו ווענדן נאָך ביב־ליאָגראַפיע.

י. ישורין לאָזט נישט דורך קיין נאָטיץ און קיין אגב־אורחאדיקע מיינונג פון אַ שרייבער.

אין משה לייבס ביבליאָגראַפיע קומען אַריין אויך ענגלישע און רוסישע אָפּהאַנדלונגען, נאָטיצן און קורצע ענציקלאָפּעדישע אינפאָר־מאַטיווע אַרבעטן.

און עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ ביבליאָגראַפיש בילד פון אַ שרייבער.

איר זעט דעם שרייבער דורך דער ביבליאָגראַפיע.

פאַרשטייט זיך, אַז אין דער ביבליאָגראַפיע, ווי אין דעם גאַנצן גייסטיקן לעבן אונדזערס, זיינען דאָ אויך פאַלשע בילדער, אָדער צו פאַרגרעסערטע און צו פאַרקלענערטע.

שרייבער מיט פאַלשע פּרעטענזיעס גיבן שוין אַכטונג, אַז זייער ביבליאָגראַפיע זאָל זיין אַן אימפּאָנירנדיקע.

און עס זיינען דאָ שרייבער־צנועים. דאָס וואָס אַ שרייבער דאַרף זיין, און זיי ווערן געקריוודעט, אָפּט שטאַרק געקריוודעט.

אומעטום, אין אַלע געביטן פון אונדזער לעבן, זיינען דאָ אַריינ־דרינגערס, אַריינרייסערס און אַפילו אַריינברעכערס.

אָבער דאָס לעבן קעמפט קעגן זיי ווי דער לעבעדיקער קערפּער, קעגן יעדער צרעת.

און עס באַקומט זיך סוף כל סוף אַ בילד, אַן אמתדיק בילד, פון אַ שרייבער דורך דער ביבליאָגראַפיע.

פאַרשטייט זיך, אַ ביבליאָגראַפיש בילד בלויז.

דער ביבליאָגראַף איז נישט קיין קריטיקער, נישט קיין פּסלן און נישט קיין כשרן, נישט קיין אַריינטייטשער און נישט קיין אויסטייטשער.

ער איז ווי אַ פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט —

ער פאָטאָגראַפירט, וואָס ער זעט, ערלעך און אָביעקטיוו.

אָבער ביבליאָגראַפיע איז נישט קיין ריין מעכאַנישע אַרבעט, אין וועלכער די הענט בלויז באַטייליקן זיך אין איר.

דאָס איז בפירוש אַ טעות.

ראשית כל קומט די ליבע, די תשוקה צו ביכער.

פאַרן ביבליאָגראַף איז דאָס בוך אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, און נישט סתם אַ באַשעפעניש, נאָר אַ באַשעפעניש מיט אַ שטאַרקער אַטראַק־ציע און מיט אַ באַזונדערער צויבערישקייט.

דער ביבליאָגראַף און דאָס בוך זוכן איינע די אַנדערע, ווי באַשערטע.

איך האָב אַמאָל נאָכגעקוקט ווי אַ ביבליאָגראַף צערטלט אַ ניי בוך, אָדער אַ גאָר אַלט בוך.

עס איז ממש אַ ראָמאַן צווישן ביבליאָגראַף און דעם בוך.

דאָס וואָרט „צערטלען" איז דאָ נישט קיין מליצהדיק וואָרט, עס איז אַ קאָנקרעט און רעאַליסטיש וואָרט.

ביבליאָגראַפיעס זיינען אַמאָל די איינציקע מצבות אויף פאַרשטאָר־בענע ווערק.

די ווערק זיינען פאַרפאַלן געוואָרן, די צייט, מיט אירע שאַרפע ציינער, האָט זיי צעגריזשעט, אָדער זיי געלאָזן סתם אויף הפקר און זיי זיינען נעלם געוואָרן.

וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ היפּש ביסל יידישע ביכער, פון די ערשטע יידישע ביכער, האָבן מיר זיך דערוואוסט פון די ביבליאָגראַפן, ווי שטיינשניידער, בן־יעקב און אַנדערע.

די איינציקע ביבליאָגראַפישע שורהלע האָט אויפגעוועקט די נייגע־ריקייט פון די שפּעטערדיקע ביבליאָגראַפן און זיי האָבן זיך גענומען זוכן און פוף כל פוף געפונען ערגעץ אַן עקזעמפּלאַר.

ביבליאָגראַפיע איז, אַזוי אַרום, אָפט די אויפהיטערין פון ווערק.

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונגען, אַפילו די גאָר ווייניק זאָגנ־דיקע, ווען דער ביבליאָגראַף איז זיך מודה, אַז ער האָט דאָס ווערק קיין מאָל נישט געזען און ער ווייסט אַפילו נישט וואו און ווען עס איז גע־דרוקט געוואָרן, איז געווען גענוג, אַז די שפּעטערדיקע ביבליאָגראַפן, מייסטנס היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור, זאָלן אויפזוכן די שפּורן פון דעם פאַרפאַלענעם ווערק און געפינען עס.

און ווער ווייסט וויפל אַזעלכע ווערק זיינען אַפילו נישט דערגאַנגען מפּי השמועה צו די ביבליאָגראַפן און זיי זיינען אין גאַנצן פאַרפאַלן גע־וואָרן.

---

און אין אונדזער צייט, אין וועלכער ביכער זיינען נישט זיכער מיט זייער לעבן —

מען ברענט זיי, מען קאָכט זי איבער צוריק אין פּאַפּיר, מען לאָזט זי איבער אין פינצטערע קעלערס, וואו זיי פוילן, איז ביבליאָגראַפיע געוואָרן ביז גאָר נייטיק.

דאָס יידישע בוך האָט איבערגעלעבט די גרעסטע קאַטאַסטראָפעס.

היטלער, און נאָך אים סטאַלין, האָבן אומגעבראַכט ביכער מיט דער זעלביקער פוריע, מיט וועלכער זיי האָבן אומגעבראַכט מענטשן.

איז איצט יידישע ביבליאָגראַפיע גאָר באַזונדערס נייטיק.

עס איז איצט נייטיק אַ פולע ביבליאָגראַפיע פון די יידישע ווערק, וואָס דאָס אומגעבראַכטע יידישע פוילן האָט געשאַפן.

עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז פיל ווערק זיינען אין גאַנצן אָפּגע־מעקט געוואָרן.

און, לאָמיר זיך נישט שעמען, מען דאַרף באַצייטנס צוגרייטן אַ ביב־ליאָגראַפיע פון די שאַפונגען פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

דאָ, פאַרשטייט זיך, זיינען מיר זיכער, אַז קיין האַק וועט קיינער נישט אויפהייבן צו קעפן די יידישע ביכער, ווי עס איז געשען אין איי־ראָפּע און אין ראַטנפאַרבאַנד.

דאָ איז דאָ גאָר אַן אַנדער געפאַר —

מיר זיינען אַפשר דער לעצטער, אָדער פאַר־לעצטער דור, וואָס רעדט און לייענט יידיש.

דאָ קען די אַסימילאַציע ברענגען דעם חורבן.

דאָס איז נישט סתם שוואַרצזעעריי, עס איז שרעק, באַרעכטיקטער שרעק.

עס איז שרעק, וואָס זוכט באַוואָרעניש, ווי די טבע פון שרעק פון אייביק אָן.

שרעק זוכט, מער, אָדער ווייניקער, קאָנקרעטע באַוואָרעניש און נישט קיין אָפּטימיסטישע אָפּשפּרעכעריי.

איז זאָלן געבענטשט זיין די הענט, וואָס טוען עפּעס קאָנקרעטס און עפּעס ממשותדיקס פאַר אונדזער יונגער, שיינער און ברויזנדיקער יידישער ליטעראַטור, וועלכע די וועלט וויל נישט אַנדערש ווי אומברענגען זי.

גרויסע מדינות מיט גרויסע אַרמייען און מיט שטאַרקע פּאָליצייען האָבן שוין גרויסע טיילן פון אונדזער יונגער ליטעראַטור אומגעבראַכט.

און מיר אַליין, וואָס זיינען געקומען אין דער פרייער אַמעריקע מיט 75־80 יאָר צוריק מיט דעם איינציקן יידישן לשון אין מויל, ווערן וואָס אַ יאָר אַלץ מער און מער יידיש־שטום.

דער וואָס רעדט נישט קיין איינעם פון די צוויי לשונות אונדזערע און לייענט נישט קיין איין ליטעראַטור פון די צוויי יידישע ליטעראַטורן, איז אַ שטומער ייד.

אַ ייד אָן לשון.

איז געבענטשט זאָל זיין דער יובילאַר י. ישורין, וואָס האָט פריי־וויליק, שטיל ווי אַ לאַמעדוואָוניק, גענומען אויף זיך די ריכטיקע, די ממשותדיקע מיסיע —

צו זיין דער בוכהאַלטער פון דער יידישער ליטעראַטור, איר ביב־ליאָגראַף.

---

**דב סדן** (ירושלים)
פּראָפעסאָר אויף דער יידישער קאַטעדרע פון
העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים

## יעפים ישורין — דער ריטער פון דער יידיש־ביבליאָגראַפיע

איך דאַנק אייך זייער פאַרן כבוד וואָס איר טיילט מיר צו, — דעם פאַרבעט אייערן צוזוטרעטן צו אייער קאָמיטעט, נעם איך אָן פון גאַנצן האַרצן. דער ייד כמר יעפים ישורין געפעלט מיר, ווי ער געפעלט אַ יעדן פריינד פון יידישן אות. איך האָב אים שוין אין איינעם פון מיינע פיר־ווערטער (צו שמואל ניגערס אָפּקלייב פון קריטישע עסייען), געקרוינט מיטן נאָמען: אַביר הביבליוגראפיה של יידיש, ס'טייטש: דער ריטער פון דער יידיש־ביבליאָגראַפיע. אַז מיר האָבן זוכה געווען צו זיין 75־יאָריקן יובל — איז אַוודאי אַ שמחה. אויב איר האַלט, אַז מיין נאָמען פּאַסט זיך אַריין אין קאָמיטעט, און איר האַלט, אַז ס'איז אַ סימן פון אַ גרוס איבערן ים — שטעלט אים אַריין. פאַר מיר איז אַוודאי אַ כבוד, זיך צו געפינען אין דעם קרייז.

**נ. ב. מינקאָוו**

# יעפים ישורין — דער ביבליאָגראַף

(געדרוקט אין יעפים ישורינס יובל־בוך אין 1955)

יעפים ישורין אז אין אונדזער ליטעראַטור דער אַמביציעזסטער ביבליאָגראַף. במשך די לעצטע צוויי צענדלינג יאָר האָט ער אָפּגעדרוקט העכער 20 ביבליאָגראַפיעס. צווישן זיי — טיילן פון דער גרויסער „צור־קונפט״־ביבליאָגראַפיע, וואָס ליגט ביי אים פּאַרטיג שוין קרוב צו 15 יאָר. ישורינס ביבליאָגראַפיעס זיינען פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער. פון זיין ערשטער ביבליאָגראַפיע וועגן ב. וולאַדעקן, אין 1936, ביז איצט, האָט ער אָפּגעדרוקט ביבליאָגראַפיעס וועגן: אַב. קאַהאַן ח. זשיט־לאָווסקי, ש. ניגער, מאַני לייב, פּרץ, דימאָוו, שלמה מענדעלסאָן, באַ־ריישאָ, מיכאַלעוויטש, קורסקי, הירש לעקערט, אברהם רייזען, קיסין, יעקב גאָרדין, רודאָלף ראָקער, חיים גרינבערג, חיים קרול, קאַטשער־גינסקי. אין באַזונדערע ביכלעך זיינען אַרויס זיינע ביבליאָגראַפיעס וועגן: דוד עדעלשטאַט, דר. הערמאַן פראַנקן, מ. ל. האַלפּערן, ב. ריווקין און מלך ראַוויטש. אָט־אָ די אָפּגעדרוקטע אַרבעטן רופן אַרויס אַ סך דרך ארץ פאַר דעם אומדערמידלעכן ביבליאָגראַף. מ׳וועט, אָבער, פאַר־חידושט, ווען מ׳דערוויסט זיך וועגן די פּאַרטיקע אַרבעטן, וואָס ישורין האָט נאָך ניט באַוויזן אָפּצודרוקן. ביי אים האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַן ערך אַ פערטל מיליאָן פאַרצייכנטע קאַרטלעך. דאָס איז אַן אומגעהייערע צאָל איינסן. ישורינס אַמביציע איז פאַרצייכענען דעם גרעסטן טייל יידישע ליטעראַטור. זיין געפיל פאַר היסטאָרישער אָרדענונג, זיין התמדה און זיין געטריישאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור — זיי זיינען גאַראַנ־טיעס, אַז אים — ביז 120 — וועט זיך איינגעבן דורכצופירן זיינע פּלענער.

יעפים ישורינען קומט אַ דאַנק מחמת צוויי טעמים. ראשית — זיינע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן זיינען יענע געהילף־מיטלען, וואָס אָן זיי קען מען גאָרניט בויען אין אַ ליטעראַטור. שנית — מיט זיינע אַר־בעטן שאַפט ער אַ געוויסן באַוואוסטזיין, לאָמיר עס אָנרופן: ביבליאָ־גראַפיע־באַוואוסטזיין. דאָס מיינט ניט — סתם באַמערקן ביבליאָגראַ־פישע דערגרייכונגען. דער ענין איז אַ סך טיפער. ביבליאָגראַפיע־באַ־וואוסטזיין האָט אַ ווייטגייענדיקע ווירקונג אויף דעם לייענער, ווי אויך אויף דעם שרייבער. עס ווערט זיי קלאָר: מען קען ניט פאַרשטיין און שאַצן ווערטן בלויז מיט דער הילף פון מליצה. מען קען זיך ניט שאַפן אַ באַגריף וועגן ווערטן בלויז אויפן סמך פון פּלוצימדיקע דוכטענישן און המצאות. מען מוז צוקומען צום מקור פון אַ ליטעראַרישער דערשיינונג. מען מוז זען איר אַנטוויקלונג. מען מוז עס זען אויפן גרויסן שטח פון פאַרשיידענע שייכותן — פסיכאָלאָגישע, פּונקט אַזוי ווי סאָציאַלע. אויך אָט די אינערלעכע און דרויסנדיקע שייכותן זיינען ניט די גאַנצע דער־

קלערונג. מען מוז אין זייער ליכט זיך קענען אָריענטירן אין דער גאַנ־צער דיאַלעקטיק און קונסט־וויסן און קונסט־דערפאַרונגען. אַנדערש געזאָגט — אין עסטעטישע קאַטעגאָריעס:

אַזאַ באַוואוסטזיין איז אַ ברכה פאַר אַ ליטעראַטור. אַזאַ באַוואוסט־זיין העלפט שטענדיק אַנטדעקן מער און מער שטחים, מער שיכטן און מער ווערטן אין אַ ליטעראַטור.

ביבליאָגראַפיעס צווינגען דעם לייענער און שרייבער — דירעקט און אומדירעקט — צו זיין זייער אָפּגעהיט מיט סתם מיינונגען. וואָס טיפער עס איז דאָס ביבליאָגראַפיע־באַוואוסטזיין, אַלץ מער קלאָרקייט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז.

איז עס ניט קיין חידוש, וואָס ביבליאָגראַפישע אַרבעטן העלפן דעם פאָרשער. דער חידוש איז, וואָס אומדירעקט העלפן זיי אַ ליטעראַטור זיך באַפרייען פון מליצה און שוים. זיי העלפן צוקומען צו יענע פּרטים, וואָס עפענען טיר־און־טויער אין דעם באַוואוסטזיין און אין דעם אונטער־באַוואוסטזיין פון שרייבער, פון תקופות און פון דערשיינונגען.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דעם, זעט מען דעם ביבליאָגראַף, ווי אַ וויכטיקן מענטשן אין דער ליטעראַרישער באַלעבאַטישקייט. און ווען די באַלעבאַטישקייט קען שוין ניט אויסקומען אָן דעם ביבליאָגראַף, איז עס אַ באַווייז, אַז די ליטעראַטור ווערט רייף.

יעפים ישורינס אויפטוען זיינען גרויסע. ער איז אומדערמידלעך אין זיין אַרבעט. ער האָט שוין אויפגעטאָן גאָר אַ סך. און ער קען דינען ווי אַ מוסטער פאַר אַ סך ליטעראַטור־פאַראינטערעסירטע מענטשן. זיי קענען אים נאָכטאָן, און דערמיט באַרייכערן אונדזער ליטעראַטור.

די מערכה פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע איז זייער אַ שווערע. ניטאָ קיין ספּעציעלע זשורנאַלן און אויסגאַבעס פאַר דער ביבליאָגראַ־פישער ליטעראַטור. פאַראַן נאָך אַ גרעסערע שוועריקייט: אַ סך וויכ־טיקע ווערק אונדזערע זיינען, על פּי רוב, געווען געדרוקט אין צייטונגען און זשורנאַלן. אָט דער פאַקט ווייזט ערשט ווי וויכטיק עס זיינען ביבליאָ־גראַפן, וואָס ראַטעווען ממש אַרויס ווערק פון דער פולשטענדיקער פאַר־געסנקייט.

די יידישע ליטעראַטור קומט ישורינען אַ דאַנק פאַר זיין מסירת נפש — במשך עטלעכע און צוואַנציק יאָר גיט ער אָפּ יעדע פרייע רגע אויף אויסצוגראָבן יעדן פּרט, וואָס איז נייטיק דעם פאָרשער, קריטיקער און לערער.

צו זיין יובילייִ ווינטשן מיר אים לאַנגע, לאַנגע שעפערישע יאָרן און די גרויסע באַפרידיקונג, וואָס קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פאַרשאַפט דעם שעפער און בויער. זאָל געבענטשט זיין זיין אַרבעט, זאָלן גע־בענטשט זיין זיינע הענט.

**יאָסל מלאָטעק**

# דער טרייער שומר פון די יידיש־ביכער

(אַ שמועס מיט יעפים ישורין, צו זיין 75סטן געבוירנטאָג)

עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען איך בין אַרויף אויף דער שטילער, אין נאַכט־איינגעהילטער גרענד קאָנקאָרס, אין די בראָנקס. פאַר מיינע אויגן האָבן ווידער אויפגעטויכט, ווי אויף אַ פילם־טאַשמע, די הונדערטער, די טויזנטער יידישע שרייבער, פערזענלעכקייטן און געשטאַלטיקער פון יידישן גייסטיקן לעבן אין פאַרשיידענע דורות, און צעוואָרפענע איבער ארבע פינות העולם, וואָס איך האָב געזען צונויפגע־זאַמלט אינעם שאַצקאַמער פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איר גע־טרייער שומר איז יעפים ישורין.

איך האָב ווידער אַ מאָל געזען פאַר זיך דעם פּערטל מיליאָן קאַרט־לעך, וואָס אויף יעדן איינעם פון זיי איז מיט ישורינס קלאָרער האַנט־שריפט פאַרצייכנט דער נאָמען פון דעם שרייבער, דער אַרטיקל אָדער בוך, וואו דער שרייבער איז דערמאָנט געוואָרן, דאָס יאָר, דאָס זייטל, דאָס לאַנד. און ווידער אַ מאָל האָב איך זיך געפרעגט: ווי איז דאָס מעג־לעך, אַז איין מענטש, וואָס איז נאָך דערצו פאַרנומען מיט צענדליקער אַנדערע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, זאָל דאָס אַלץ קענען באַוויזן?

און איך האָב געהערט ישורינס שטילן ענטפער:

— ליבע קען אויפטאָן וואונדער. די יידישע ליטעראַטור איז מיין ליבע...

יאָ, נאָך דעם ווי מען פאַרברענגט עטלעכע שעה ביי ישורינען אין הויז און מען דערזעט מיט די אייגענע אויגן, וואָס איין מענטש האָט באַ־וויזן אויפצוטאָן, קען מען דאָס אַלץ דערקלערן נאָר מיט דעם איינעם ענטפער: ליבע קען אויפטאָן גרויסע וואונדער.

— וויפיל ביבליאָגראַפיעס פון יידישע שרייבער האָט איר שוין פאַר־עפנטלעכט? — האָב איך געפרעגט קוקנדיק אויף ישורינס קאַרטאָטעקע.

ישורין פאַרלאָזט זיך ניט אויף זיין זכרון. ער גייט צו אַ שטויס פאַ־פירן און ער נעמט אַרויס די רשימה און ווייזט זי מיר. איך נעם לייענען און זע דאָרט די נעמען פון די ראשונים פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, ווי שלמה עטינגער, אל. צעדערבוים, מענדעלע מוכר ספרים, פּרץ, שלום־עליכם, דוד עדעלשטאַט, ביז די סאַמע יינגסטע שרייבער אונדזערע, ווי לייזער וואָלף און שמערקע קאַטשערגינסקי.

— די ביבליאָגראַפיעס, וואָס זייער צאָל איז 65, זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און זיי זיינען צעוואָרפן איבער צענדליקער צייטשריפטן און ביכער. איך האָב פאַרטיק אַ גרויסע צאָל ביבליאָגראַפיעס וואָס וואַרטן צו דערזען די ליכטיקע שיין, ניט נאָר פון

יידישע שרייבער, נאָר אויך וועגן יידישן שולוועזן און דערציאונג, וועגן דער יידישער ליטעראַטור, וועגן יידישן טעאַטער און דער עיקר — די גאַנצע פּרציאַנאַ, די פולע ביבליאָגראַפיע וועגן י. ל. פּרץ, אין אַלע שפּראַכן וואָס עס איז וועגן אים ווען עס איז געשריבן געוואָרן: יידיש, העברעאיש, רוסיש, פּויליש, ענגליש און פאַרשיידענע אַנדערע לשונות. אָט די גרויסע פּרץ־ביבליאָגראַפיע, וואָס איך האָב אָפּגעדרוקט נאָר אַ טייל פון איר, פאַרנעמט מער ווי עלף טויזנט איינסן.

— וואָס זיינען די קאַרטלעך וואָס קוקן אַרויס פון די ביכער, וואָס שטייען צעשטעלט אין אייער ביבליאָטעק? — פרעג איך.

—אַ ביבליאָגראַף טאָר זיך ניט פאַרלאָזן אויף קיינעמען — ענטפערט ישורין אויף מיין פראַגע. — אַ ביבליאָגראַף מוז מיט די אייגענע אויגן זען דאָס בוך, אָדער דאָס אַרטיקל וואו דער שרייבער ווערט דערמאָנט. און מען שרייבט ביי אונדז יידן, קיין עין הרע, אַ סך. יעדן טאָג קומען אָן נייע ביכער, נייע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס מען דאַרף דורכקוקן און פאַרצייכענען. נו, וואַרטן אָט די ביכער, וואָס איר זעט מיט די סימנים אין זיי, אויף זייער ריי פאַרצייכנט צו ווערן אויף באַזונדערע קאַרטלעך.

— חבר ישורין — זאָג איך — איך האָב ערגעץ וואו געלייענט אַן אַרטיקל וועגן אייך פון שמואל ניגערן, זאָגט ער דאָרט, אַז ער ווייסט ניט ווען איר האָט אָנגעהויבן אָט די וויכטיקע ביבליאָגראַפישע אַרבעט אייערע. איז דאָס אַ סוד?

— ניין, עס איז גאָרניט קיין סוד. אין יאָר 1936 האָב איך רעדאַגירט די צוויי ביכער פון און וועגן ב. וולאַדעק. איך האָב זיך, אין דער אַרבעט, גיך אַרומגעזען, אַז עס איז אין ערגעץ ניט פאַרצייכנט וואָס וולאַדעק האָט געשריבן און וואָס מען האָט וועגן אים געשריבן. און וולאַדעק האָט דאָך געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אויףביידע זייטן אָקעאַן. ווען אַ היסטאָריקער וועלן שרייבן די געשיכטע פון דעם מאָדערנעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועט דער נאָמען ב. וולאַדעק מוזן דערמאָנט ווערן ניט איין מאָל. פאַרוואָס זשע זאָלן די אַלע מאַטעריאַלן זיך ניט געפינען אונטער איין דאַך? האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און דאָס געטאָן.

— און נאָך דעם?

— נאָך דעם האָב איך גענומען אַרבעטן אויף אַ ליעסין־ביבליאָ־גראַפיע, וואָס איך האָב ליידער נאָך ביז היינט ניט געהאַט קיין מעגלעכ־קייט צו פאַרעפנטלעכן. אויך אָן אַ ליעסין־ביבליאָגראַפיע וועט דאָך ניט קענען געשריבן ווערן קיין ערנסטע געשיכטע פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג. נו, און אַזוי בלעטערנדיק און זיך גריבלענדיק אין אַלטע ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן, בין איך פאַרכאַפּט און, מען קען אויך זאָגן, פאַרכישופט געוואָרן פון דער גוואַלדיקער רייכקייט פון דער יידישער ליטעראַטור און פון דער יידישער קולטור בכלל. און מיט מיר, קען מען זאָגן, איז געשען דאָס זעלביקע וואָס מיט יענעם יידן, וואָס אים האָט זיך געדוכט אַז ער האַלט דעם בער און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז

דער בער האַלט גאָר אים... איך בין געפּאַנגען געוואָרן פון דער יידישער ליטעראַטור, און לאָמיר אייך זאָגן: איך באַטראַכט אָט די געפּאַנגענשאַפט ווי אַ ברכה.

— פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז דאָס געוויס אַ ברכה — זאָג איך און איך פרעג — מיינט איר, חבר ישורין, אַז די אַרבעט וואָס איר טוט ווערט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק?

ישורין האָט זיך פאַרטראַכט און ווי דער שטייגער, נאָך אַ ווייל, געצײלט יעדעס וואָרט:

— איר ווייסט, אַז איך זוך ניט קיין שכר פאַר דער אַרבעט, וואָס איך טו. אויב עס גייט וועגן מאַטעריעלער באַפרידיקונג, ווייסט איר דאָך, אַז אַלע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן, וואָס איך האָב אָפּגעדרוקט, האָב איך עס געטאָן אויף מיין אייגענעם חשבון און אַזוי וועל איך אויך טאָן ווייטער, ווי לאַנג איך וועל קענען. וואָס שייך פערזענלעכער אָנערקענונג האָב איך זיך ניט אויף וואָס צו קלאָגן. מיר דוכט זיך אָבער, אַז דער עניין ביבליאָגראַפיע גופא געפינט ווייניק פאַרשטענדעניש ביי אונדז. ניט אַלע פאַרשטייען, דוכט מיר, אַז איינער פון די וויכטיקסטע — איך וויל ניט זאָגן דער וויכטיקסטער — שליסל צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, ליגט ביים ביבליאָגראַף. און דערפאַר אפשר פאַרנעמען זיך ביי אונדז אַזוי ווייניק מענטשן מיט אָט דער וויכטיקער אַרבעט.

מיר זיינען נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען צו דער ביבליאָטעק, וואָס פאַרנעמט אַ פולע וואַנט מיט געדיכט־אָנגעשטעלטע פּאָליצעס און אַלע קלייטער־שאַפעס אין הויז. עס וואַרפט זיך אין די אויגן, וואָס די מערסטע ביכער זיינען פּאָעזיע און אַ צאָל ביכער, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער געשיכטע פון דער יידישער און אויך ניט־יידישער ליטעראַטור.

— דאָס וואָס איך זע אַזוי פיל ביכער פון ליטעראַטור־געשיכטע — מאַך איך אַ באַמערקונג — פאַרשטיי איך זייער גוט, אָבער וואָס עפּעס זעט מען ביי אייך נאָר פּאָעזיע? שרייבט איר, חבר ישורין, אַמאָל ניט אַליין אין דער שטיל לידער?

און איך דערמאָן אים, אַז אַזעלכע „טרוקענע" מענטשן, ווי פראַנץ קורסקי, אַב. קאַהאַן, הילקוויט און נאָך אַ סך אַנדערע האָבן שטילערהייט געשריבן לידער.

— זייט איר אפשר אויך איינער פון אָט די שטילע פּאָעטן?

ישורין האָט זיך צעשמייכלט:

— ניין, ניט געטראָפן. איך האָב מיט שרייבן פערזן קיין מאָל ניט געזינדיקט. אַפילו ניט אין מיין יוגנט. אָבער אַ ליבהאָבער פון פּאָעזיע בין איך תמיד געווען. אָט וואַרט און איך וועל אייך עפּעס ווייזן.

און ישורין שטרעקט אויס זיין האַנט און ווייזט מיר צווישן די ביכער, וואָס שטייען צעשטעלט לויטן אַלף־בית, טעטשקעס מיט נעמען פון יידישע דיכטער. ער נעמט אַרויס איין טעטשקע און עפנט זי. עס ליגן דאָרט אויסשניטן פון לידער, וואָס דער דיכטער האָט געשריבן און געדרוקט אין פאַרשיידענע צייטן און אויסגאַבן.

— ווען אַ דיכטער וויל אַמאָל פֿאַרעפֿנטלעכן אַ בוך לידער און ער איז ניט זיכער צי ער האָט אויפֿגעזאַמלט אַלץ, וואָס ער האָט געדרוקט, קען ער זיין זיכער, אַז ערגעץ־וואו האָט עמעצער דאָס געטאָן לויט אַ סדר...

— קומט — זאָגט צו מיר ישורין — איך וועל אייך ווייזן נאָך עפּעס.

און ער פֿירט מיך צו צו איינער פֿון די קליידער־שאַפֿעס, וואו איך זע שטיין גרויסע העפֿטן מיט געבונדענע טאָוולען.

— דאָס זיינען לידער־אַלבומען — ענטפֿערט ישורין אויף מיין פֿראַגע און ער נעמט אַרויס איין אַלבום.

עס איז אַ זאַמלונג מיט הונדערטער לידער געווידמעט י. ל. פּרצן. דער פֿאָטער פֿון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור האָט זוכה געווען, אַז צענדליקער יידישע דיכטער זאָלן אים פֿאַראייביקן אין זייערע שאַפֿונ־גען. עס גייט ניט פֿאַרביי קיין יאָר, אין לויף פֿון די 45 יאָר וואָס פּרץ איז אַוועק פֿון אונדז, אַז יידישע דיכטער זאָלן ניט קומען צו אים אין זייערע לידער. און אינטערעסאַנט איז, אַז עס שרייבן וועגן אים אויך יידישע דיכטער, וואָס שאַפֿן אין אַנדערע שפּראַכן.

— און וואָס זיינען די אַנדערע אַלבומען? — פֿרעגט איך שוין מיט נייגער.

— אויפֿן זעלביקן מוסטער האָב איך צונויפֿגעקליבן פֿאַרשיידענע לידער־אַלבומען אויף אַנדערע טעמעס. אָט זיינען פֿיר אַלבומען וועגן יידישע פּערזענלעכקייטן.

איך נעם מישן די בלעטער און איך זע: לידער וועגן בראַצלאַווער און בעל־שם, וועגן מאָטקע חבד און ווילנער גאון, משה מאָנטעפֿיאָרע און ר' עקיבא, הירש לעקערט און אַרטור זיגעלבוים, יוסף חיים ברענער און הירשקע גליק, ערליך און אַלטער און שמעון האַלקין. גאַנצע עפּאָ־כעס פֿון יידישער געשיכטע ווערן אָפּגעשפּיגלט אין אָט די לידער. איך לייען און קען זיך ניט אָפּרייסן פֿון זיי. וויפֿיל לידער יידישע פּאָעטן האָבן עס געשריבן וועגן זייערע חברים־דיכטער! צענדליקער לידער גע־פֿין איך וועגן משה לייב האַלפּערן, וועגן חיים נחמן ביאַליק, וועגן נפתלי גראָס און אָט איז אַ גאַנצע אָפּטיילונג לידער וועגן שלום־עליכמען. ווידער אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן. די לידער, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין צייטשריפֿטן, זיינען אויסגעשניטן און אַריינגעקלעפּט. די לידער, וואָס ישורין האָט געפֿונען אין ביכער, האָט ער איבערגעשריבן אויף זיין שרייב־מאַשינקע.

ישורין זעט, אַז איך מיש ניט די בלעטער, נאָר איך לייען, און ער זאָגט:

— איך האָב נאָך עפּעס וואָס וועט אייך באַזונדערס פֿאַראינטערעסירן. דאָס זיינען פֿיר אַלבומען וועגן לענדער און שטעט.

און ער לייגט מיר אַוועק אויפֿן טיש פֿיר גרויסע, דיקע אַלבומען מיט אויפֿשריפֿטן אויף די רוקנס: „שטעט און לענדער".

מען קען זיך קוים פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ אוצרות עס ליגן אין אָט

די פיר אַלבומען באַהאַלטן. איך האָב געגומען מישן די בלעטער און דערזען הונדערטער לידער וועגן אונדזערע שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען מער נישטאָ, אָבער נעכטן ערשט האָט דאָרט געבליט אַ רייך און שעפעריש יידיש לעבן: אָדעס און ביאַליסטאָק, וואַרשע און ווילנע, זלאָ־טשעוו און זאַמאָשטש, לובלין און טאָרנע, ריישע און גראָדנע, פשיטיק, מינסק, פינסק, און נאָך און נאָך... איך מיש די בלעטער און עס פאַלן מיינע אויגן אויף צוויי שורות פון חיים גראַדעס אַ ליד, וואָס די ווערטער גייען מיר שוין ניט אַרויס פון זינען אַ גאַנצע נאַכט:

...איך שלעפּ אויף די אַקסלען בית־עולמס...

דורך שטעטלעך, דורך יידישע בלאָנדזשע איך בלינד...

איך בלאָנדזשע דורך די הונדערטער שטעט און שטעטלעך, וואָס יידישע דיכטער האָבן פאַראייביקט אין זייערע נייע קינות און ווידער נעם איך לייענען, הויך אויפן קול, שורות פון אַ ליד, געשריבן פון לייב קוויטקאָ:

באַרדיטשעוו איז באַרימט מיט אירע יחוס־שטאַמען.
יידן האָבן דאָ פאַרזוכט פון אַלע זיבן טעמען.
לוי דער באַרדיטשעווער האָט דאָ פאַרפאַסט געזאַנגען
פול מיט טענות און מיט שטאָלץ צום טויבן בורא,
מיט אַ פרומען פלעדערוויש געיאָגט די מרה־שחורה.
זיידע מענדעלע האָט דאָ געקייכט, געלאַכט פון צאָרן,
פריינד פון פאָלק און פיינד פון שלעק דאָ איז ער געוואָרן.
פרץ האָט דאָ שעמערירט אין פרייגייסט און אין חסידיש,
שלום־עליכם האָט דאָ געשעפּט ביים פאָלק זיין יידיש.
דאָ האָט בערגעלסאָן פאַרפלאַנצט זיין ניי־גייסט, זיין מסורה.
דאָ האָט דאָס נייע ליד דערקוויקט די נייע דורות...

אָבער ניט נאָר וועגן שטעט און שטעטלעך האָבן יידישע דיכטער געזונגען. ווי אַ זייפנבלאָז פּלאַצט דאָ די גוט־באַקאַנטע טעאָריע וואָס מען הערט אַזוי אָפט ווי אַ פאָרוואורף קעגן דער יידישער ליטעראַטור, אַז זי איז אַ קליינשטעטלדיקע. נישטאָ קיין וועלט־טייל און קיין וועלט־שטאָט וואָס זאָל זיך ניט געפינען אויף דער מאַפּע פון דער יידישער ליטע־ראַטור: לידער וועגן איטאַליע און פּאַריז, וועגן די אַלפּן־בערג און וועגן אַפריקע, לידער וועגן די „אַנדעס־בערג" אין דרום־אַמעריקע און לידער וועגן האַוואַנאַ, שאַנכאַי, וועגן לעיק לואיז און ניאַגאַראַ פאַלס, וועגן קאַטאַ־פּולקאַ אין מעקסיקע און... לידער וועגן קאָרעי.

— וואו קומען לידער וועגן קאָרעי אין דער יידישער ליטעראַטור? פרעג איך זיך און באַלד דערזע איך, אַז דאָס האָבן קאָמוניסטישע הויף־זינגער פון וואַרשע, ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס און תל־אביב, געגראַמט קללות פאַר אַמעריקע בעת דעם קריג אין קאָרעיע. איך כאַפּ אויף טשי־קאַוועס אַ קוק אויף אַ פאָר שורות פון בונם העלער, וואָס האָט נאָך דע־

מאָלט געוואוינט אין פּוילן און איז מיטגעלאָפן מיטן בלוטיקן סטאַלין־וואָגן:

...די זעלבע וואָס האָבן מיין היימשטאָט
פאַרוויסט און צעשטערט,
זיי ברענגען דעם חורבן אַצינד
אויף קאַרעאישער ערד...

און איך אַנטלויף פון אָט די שורות, ווי מען אַנטלויפט פון אַ צרעה. איך מיש ווייטער די לידער און איך קום צו די לידער וועגן אַמעריקע. ניטאָ קיין איין פּאַזע, דוכט מיר, אין יידישן לעבן אין אַמעריקע, וואָס זאָל ניט האָבן געפונען אַ קינסטלערישן תיקון אין דער יידישער פּאָעזיע. און אָט זיינען זיי צונויפגעזאַמלט די אַלע לידער אונטער איין דאַך. און אַ באַזונדערער אַלבום לידער וועגן ישראל. איך לייען און איך דערמאָן זיך די טענות פון געוויסע יידישע פּובליציסטן, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט זיך נאָר פאַרנומען מיט באַזינגען דעם גלות און האָט זיך ניט אָפּגערופן אויפן אויפקום פון ישראל. קיינער האָט דעמאָלט, אויף וויפיל איך דערמאָן זיך, ניט גענומען זיך די מי אַוועקצוגיין אויף אַ פּאָר וואָכן אין אַ ביבליאָטעק און ברענגען די באַווייזן ווי פאַלש און בייזוויליק די טענות זיינען געווען. און אָט ליגן דאָ צונויפגעזאַמלט הונדערטער לידער פון יידישע דיכטער, וואָס באַזינגען ישראל אין אַלע פּאַזעס פון איר אַנטוויקלונג, אָנהייבנדיק פון שיבת־ציון־לידער ביז די לידער וועגן סיני.

עס איז שוין שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. איך געזעגן זיך מיט ישורינען און איך פרעג אים:

— זאָגט מיר, האָט איר עפּעס אַ באַזונדערן וואונטש איצט, ווען עס ווערט פאַרצייכנט אייער 75־יאָריקער געבוירנטאָג?

— מיין גרעסטער וואונטש איז — ענטפערט מיר ישורין — אַז עס זאָל אָפּגעדרוקט ווערן די פולע ביבליאָגראַפיע פון אונדזער קלאַסיקער י. ל. פּרץ. איך האָף, אַז איך וועל נאָך דערזען די גאַנצע פּרציאַנאַ, וואָס איך האָב אויפגעזאַמלט, אויף דער ליכטיקער שיין.

* * *

איך גיי אויף דער שטילער, אין נאַכט־איינגעהילטער גרענד־קאָנקאָרס און אין מיין זכרון קומען אַרויף אַ פּאָר שורות פון אַ ליד, וואָס אונדזער ה. לייוויק האָט געווידמעט ישורינען:

דעם שטילן זאַמלער, דעם געטרייען היטער,
דעם גינציקן פאַרצייכענער פון יידיש־גיטער —
צי קען אַ באַלוינונג אים זיין דערפאַר,
אויב ניט אונדזער דאַנק זאָל אים זיין דער שכר?
ווי ס׳געפינט אין וואַלד פון אַלטעביימער
אַ בוים מיט פרוכט — דער גוטער שומר
אַזוי ישורין אין אונדזער וואַלד פון וואָרט
געפינט פון יעדן שפּע־ווערק דאָס אָרט.

פראָפ. עזריאל נאַקס

# דער שומר פון דער יידישער ליטעראַטור

ס'איז פאַראַן ביי דעם ענגלישן שרייבער מערעדיט אַ פשוטע און דאָך וואונדערלעכע שורה וואָס לייענט זיך (אין אַ יידישער איבערזעצונג) אָט אַזוי: „אַ מענטשלעך לעבן איז אַ קליינע הלוואה וואָס ס'איז אים גע־געבן געוואָרן צוליב אַ גרויסער עובדה". אין אונדזער אייגענעם תלמוד — אין פרקי אבות — איז דאָ אַ זאָג וואָס לאָזט זיך ערגעץ־וואו פאַרבינדן מיט דעם געדאַנק: לא עליך המלאכה לגמור ולא־אתה בן־חורין להבטל ממנה, דאָס הייסט, ס'איז ניט חל אויף דיר די אַרבעט צו פאַרענדיקן און דו ביסט דאָך ניט פריי זיך פון איר אַרויסצודרייען.

פאַראַן יחידים, באמת געבענטשטע און גליקלעכע, וואָס ס'איז זיי באַשערט זיך צו באַהעפטן מיט אַן אַרבעט וואָס באַשיינט זייער אייגענע עקסיסטענץ מיט אַ זין און וואָס איז אַ טייערע מתנה פאַרן פאָלק, פאַרן כלל. נו, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָרט באַשערט איז ניט אין גאַנצן ריכ־טיק. ס'איז אַ מערכה וואָס זיי פורעמען אין אַ היפשער מאָס אַליין, וואָס איז די פרי פון זייער אייגענעם רצון. און ס'איז באַשערט אויף וויפיל ס'איז אַ זיווג־מן־השמים, אויף וויפיל ס'איז דאָ ביי די יחידים רצון און חשק און טאַלאַנט, און ס'איז דאָ אַ היסטאָרישע שליחות אָדער אַ התחיבות וואָס וואַרט אויף די וואָס זאָלן זי דורכפירן און געבן איר אַ תיקון.

יעפים ישורין איז געוויס איינער פון אָט־די געבענטשטע מענטשן, און, עס ווילט זיך האָפן, אויך איינער פון די גליקלעכע. אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט ער זיך מתעסק געווען מיט דער יידישער ליטע־ראַטור, האָט פאַרצייכנט כמעט יעדע דערשיינונג, כמעט יעדעס ווערק, ווי אַ געטרייער און איבערגעגעבענער שומר. ישורין איז אין משך פון דער צייט געווען אַ גאָר וויכטיקער טוער אין דעם אַרבעטער־רינג און אין „פאָרווערטס", און דער היסטאָריקער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע וועט אָפּשאַצן זיינע פאַרדינסטן, און די וואָס קענען דעם אַרבעטער־רינג און דעם „פאָרווערטס" פון אינעווייניק זיינען זיכער ביכולת אַפילו איצט אָנצומערקן זיין צושטייער. ישורינס נאָמען לאָזט זיך ניט פאַרקניפּן אויף דעם זעלביקן אינטימען אופן מיט די אָרגאַניזאַציעס וואָס זייער אויסדריקלעכער צוועק, זייער זכות־הקיום, איז יידיש און צוליב יידיש און צוליב דער קולטור וואָס איז דאָ אין יידיש. און דאָך זיינען דאָ ווייניק אין דער יידיש־סביבה וואָס האָבן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און מיט אַזאַ זעלטענער התמדה ממש געווידמעט זייער לעבן, יעדע פרייע און פריידיקע שעה, דער יידישער ליטעראַטור, און אַזוי־אַרום דעם יידיש־לשון וואָס איז אונדז אַזוי האַרציק־נאָענט. איך גלייב, אַז עס וועט ניט קלינגען ווי אַ שטיק גוזמא אָדער ווי אַ פּוסטע מליצה אויב איך וועל מוסיף זיין, אַז אויב עס זיינען פאַראַן ל"ו צדיקים

פון דער יידישער ליטעראַטור און פון יידיש־לשון פאַרנעמט ישורין אַ בכבודיקן אָרט צווישן זיי, איז ער אָן ספק איינער פון זיי.

ישורין איז דער ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור בלב ונפש, און ער איז ווי אַ טאַטע וואָס היט אָפּ אַלע קינדער מיט צערט־לעכקייט. ער איז דער דעמאָקראַטישער ביבליאָגראַף אָן גאווה און אָן סנאָביזם, און בכן פאַרבראַקירט ער ניט די וואָס געפינען זיך ניט אין מזרח־וואַנט. ניטאָ ביי אים קיין מזרח־וואַנט. ער איז דער טוער פון דער גאַנצער ליטעראַטור. און איז דען נייטיק צו באַטאָנען ווי וויכטיק ס'איז אין אונדזער איצטיקער תקופה אַז עמעצער זאָל פאַררעגיסטרירן אונדזער פולן אוצר, אונדזער ליטעראַטור אין יידיש־לשון, פאַר אונדזער דור און פאַר די דורות וואָס וועלן זיין נאָך אונדז.

---

**עמנואל נאָוואָגרודסקי,**

סעקרעטאַר פון וועלט־קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון „בונד"

## יעפים ישורין האָט גרויס ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור און צו דער יידישער קולטור

יעפים ישורין קאָן איך זינט איך בין געקומען קיין אַמעריקע, אין 1939. אָבער איך האָב געהערט פון אים נאָך פריער פון נחן, בייניש מיכאַלעוויטש און הענריק ערליך. קומענדיק צוריק אַהיים, נאָך אַ שליחות איז אַמעריקע, פלעגן זיי אונדז דערציילן וועגן די געשטאַלטן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. דער נאָמען ישורין האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. אין פוילישן „בונד" זיינען געווען געגנוג למדנים, וואָס האָבן געוואוסט, אַז דער נאָמען ישורין ווערט באַנוצט אין תנ"ך ווי אַ באַצייכענונג פון יידיש פאָלק, וואָס גאָט האָט אויסדערוויילט צווישן אַלע אַנדערע פעלקער.

יעפים ישורין, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ רוסישן נאָמען און אַזאַ אויסער־געוויינלעכע תנ"ך פאַמיליע, איז דערצו נאָך אַ ווילנער, מיט אַלע מעלות פון אַ יידן, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין „ירושלים ד'ליטע" און האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם ספּעציפישן גייסטיקן קלימאַט פון ווילנע.

אויסערלעך אַ קאַלטבלוטיקער, ברענט ער אָבער מיט אַן אינער־לעכן פייער פון ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור און צו דער יידישער קולטור. זיין גאַנץ באַוואוסטזיניק לעבן האָט ער געווידמעט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט באַוויזן צו שאַפן פאַר זיך אַ ספּע־ציעלן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור. יעפים ישורין איז געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע ביבליאָפילן און פאַרצייכענער פון אַלץ, וואָס דערשיינט אין יידיש. זיינע אַרבעטן אויף דעם געביט זיינען ניט אָפּצו־שאַצן. נאָר אַ קליינער טייל פון זיינע אַרבעטן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן. די גרעסטע טייל פון זיינע זאַמלונגען זיינען נאָך נישט אָפּגע־דרוקט. איך ווינטש מיין פריינד און חבר יעפים ישורין אריכת ימים, כל־טוב און אַז ער זאָל אין גיכן זען אין דרוק זיין גאַנץ לעבנסווערק.

ש. ניגער

# דער לעבעדיקער פנקס פון דער יידישער ליטעראַטור

(געדרוקט אין יעפים ישורינס יובל־בוך אין 1955, צו זיין 70סטן געבוירנטאָג)

י. ישורין איז זיין גאַנץ לעבן, ווי ווייט איך ווייס, אַ קאַסירער, אַ בוכהאַלטער, אַ סאָציאַליסטישער טוער, אַ פירער פון אַרבעטער־רינג. ווי אַ שרייבער איז ער נישט באַקאַנט. ווי אַ רעדאַקטער (זאַמלבוך „ווילנע״!) — יאָ, אָבער נישט ווי אַ ליטעראַט (אפשר שרייבט ער לידער אין דער שטיל: קעגן פּאָעזיע איז קיינער נישט באַוואָרנט...). און דאָך איז יעפים ישורין זייער וויכטיק פאַר דעם לעבן פון דער יידישער ליטע־



ש. ניגער באַגריסט י. ישורינען צו זיין 70סטן געבוירנטאָג אין 1955. (דאָס לעצטע בילד פון אים. מיט 6 טעג שפּעטער איז ניגער געשטאָרבן. (פון רעכטס מאַדאַם ישורין)

ראַטור, דערהויפּט פאַר דער געשיכטע און דער קריטיק פון דעם יידישן וואָרט. ביי אים ליגן באַהאַלטן די שליסלען פונעם יידיש־שעפערישן וואָרט־אוצר. וויל מען וויסן, וואָס אַ יידישער שרייבער, אַן עלטערער אָדער אַ ייגגערער, פאַרמאָגט, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, ווען און וואו ער האָט געדרוקט, און וואָס אַנדערע האָבן וועגן אים געזאָגט, מוז מען אָנקומען צו יעפים ישורינען, צו זיינע געדרוקטע און אָפטער נאָך נישט־געדרוקטע ביבליאָגראַפיעס.

מיר האָבן אַנדערע ביבליאָגראַפן אויך. דער אָדער יענער פון זיי

איז אפשר טעכניש מער געשולט. אָבער זיי אַרבעטן, אַזוי צו זאָגן, אויף באַשטעלונג. אַז מע פּראַוועט אַ פּאָעטס אָדער אַ פּראָזע־דיכטערס יובילייִ אָדער אַז עס איז אַ יאָרצייט נאָך איינעם פון אונדזערע ליטעראַרישע גדולים און מען וויל אויסגעפינען וואָס, ווען און וואו ער האָט געדרוקט און וואָס מען האָט געשריבן וועגן אים, באַשטעלט מען ביי דעם אָדער ביי יענעם פון אונדזערע ליטעראַטור־ און פּרעסע־קענערס אַ ביבליאָ־גראַפישע אַרבעט וועגן דעם געגעבענעם שריפטשטעלער. יעפים ישורינען דאַרף מען נישט בעטן ער זאָל זיך אָוועקזעצן צוגרייטן פאַר אונדז אַ רשימה פון און וועגן די ווערק פון אַ יידישן שרייבער. זי ליגט אין זיין קאַרטאָטעק אַ פאַרטיקע. און ס׳איז נישט קיין נפקא מינה ווער דער שריי־בער איז, אַן אַמאָליקער צי אַ היינטיקער, אַ בעלעטריסט צי אַ פּובלי־ציסט, אַן אָנגעזעענער אָדער נישט אַזאַ אָנגעזעענער. ישורין פירט די בוכהאַלטעריע פון יעדן איינעם, וואָס נעמט אָנטייל אין דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע. ער דערציילט אַלץ, וואָס יעדער איינער שרייבט און וואָס אַנדערע שרייבן וועגן אים. ער וואָרט נישט ביז אימיצער וועט אים בעטן עס טאָן. ביי אים איז, קען מען זאָגן, הפנקס פתוח והיד כותבת — ער האָט אַן אויג אויף אַלץ, וואָס ווערט געדרוקט אין יידיש — אַלץ איינס וואו עס ווערט געדרוקט, אין ניו־יאָרק, אין ריאָ דע זשאַנייראָ אָדער אין מעלבורן.

און אַז אַ שטייגער „ייוואָ־בלעטער" אָדער אַן אַנדער אָרגאַן זוכט ביי ישורינען ביבליאָגראַפיע, געפינט ער ביי אים תמיד מער, קיינמאָל נישט ווינציקער, וויפיל מען קאָן אָדער מען דאַרף דרוקן. ער אַרבעט, אַזוי ווי די נאַטור, אויף איינפאַל. עס איז, פון איין זייט, אַ חסרון: נישט אַלץ, וואָס ישורין פאַרצייכנט, איז אַלעמאָל וויכטיק, — און עס טרעפט, אַז פון זיינער אַ ביבליאָגראַפיע דאַרף מען ערשט מאַכן אַן אָפּקלייב, אָבער (און דאָס איז די גרויסע מעלה) עס איז פאַראַן וואָס און פון וואָס אָפּ־צוקלייבן.

כ׳ווייס נישט אַקוראַט, ווען מיין פריינט ישורין האָט אָנגעהייבן צו פירן דעם ביבליאָגראַפישן חשבון פון דער יידישער ליטעראַטור, ווען ער איז געוואָרן איר לעבעדיקער פנקס, — אָבער פון יענער צייט אָן — ווערט קיין זאַך, וואָס מען שרייבט ביי אונדז אָן, נישט פאַרלוירן, נישט פאַרזען. אַלץ איינס צי דאָס איז אין בוכפאָרם, אָדער אין דער פאָרם פון אַ זשורנאַל־ אָדער אַ צייטונג־זאַך, אַלץ איינס, צי דאָס איז אַ פּילבענדי־קער ראָמאַן אָדער אַ קורצע ליטעראַרישע נאָטיץ, ווערט עס פאַרצייכנט. כ׳האָב שיר נישט געזאָגט: אויטאָמאַטיש פאַרצייכנט. אָבער דאָס וואָלט געווען דער פאַלשסטער אויסדרוק. אַזאַ מין אַרבעט קאָן מעכאַניש נישט געטאָן ווערן. זי פאָדערט אינטערעס, אויפמערקזאַמקייט, — מער ווי דאָס: איבערגעבנקייט, ליבשאַפט צום שעפערישן וואָרט. איך רייד שוין נישט וועגן אידעאַליסטישער גרייטקייט מקריב צו זיין צייט, כוחות.

אַ טייל פון דער ריזיקער און אַזוי נייטיקער אַרבעט, וואָס יעפים ישורין האָט אָפּגעטאָן (און וואָס ער הערט נישט אויף צו טאָן) — דערזעט

פון צייט צו צייט די ליכטיקע שיין: צום סוף פון אַ בוך, אין אַ זשורנאַל, אין אַ צייטונג, אין אַ סעפּעראַט־אָפּדרוק ווייזט זיך גאַנץ אָפט ישורינס אַ ביבליאָגראַפישע רשימה. צענדלינקער אַזוינע ביבליאָגראַפישע אַר־בעטן, פולע אָדער פראַגמענטאַרישע, זיינען אין די לעצטע יאָרן פאַר־עפנטלעכט געוואָרן. אַקוראַט וויפיל, ווייס איך נישט (ישורין האָט נאָך נישט אָנגעשריבן די... ישורין־ביבליאָגראַפיע). אָבער איך בין זיכער, אַז דאָס, וואָס איז געדרוקט געוואָרן, איז אַ קליינער, זייער אַ קליינער טייל פון די אוצרות, וואָס אונדזער ליטעראַרישער חשבון־פירער האָט אָנגעזאַמלט און האַלט אין איין זאַמלען.

וויל איך, צו אַלע האַרציקע ברכות, וואָס איך שיק דעם חשובן יובילאַר צו זיין 70סטן געבוירנטאָג, מוסיף זיין נאָך איינע — און נעמלעך:

— אַז ער זאָל זוכה זיין צו זען — און טאָקע בקרוב — ווי דער רייכער קוואַל פון ביבליאָגראַפישער אינפאָרמאַציע, וואָס ליגט פאַר־דעקט אין זיינע שופלאָדן, זאָל זיך אינגאַנצן עפענען און דינען דעם פאָרשער פון דער יידישער ליטעראַטור און וויסנשאַפט, — דעם פאָר־שער און דעם סתם וויסן־דאָרשטיקן לייענער, וואָס איז אים אַזוי דאַנק־באַר — און וועט אים תמיד דאַנקבאַר זיין — פאַר זיין טריי־איבערגעגע־בענער אַרבעט, פאַר זיין התמדה, פאַר זיין גרייטקייט צו דינען דער יידישער ליטעראַטור און צו העלפן די, וואָס פאָרשן זי.

---

**שאול סאַפיר**

# אומדערמידלעכע אַרבעט פאַר דער יידישער ליטעראַטור

מיין האַרציקער קאָלעגע און פריינד יעפים ישורין!

צו אייער זיבעציק־יאָריקן געבוירנטאָג האָב איך געהאַט דעם כבוד זיך צו באַטייליקן אין דעם יובל־בוך וואָס דער „יעפים ישורין יובל־קאָמיטעט" האָט לכבוד אייך אַרויסגעגעבן. עס איז געווען מיין וואונטש ווי אויך די וואונטשן פון אַלע אייערע אַנדערע גוטע פריינד און פאַרערער צו האָבן די מעגלעכקייט צו פייערן אייער פינף און זיבעציקסטן געבוירנ־טאָג, און אויסדריקן צו אייך אונדזערע וואַרעמסטע, האַרציקסטע געפילן אַלס מוסטער־פערזענלעכקייט און אַלס אומדערמידלעכער אַרבעטער פאַר דער יידישער ליטעראַטור אין אייערע זייער ניצלעכע אומשאַצבאַרע ביבליאָגראַפישע ווערק. אונדזער וואונטש איז מקוים געוואָרן. איצט, ביי אָט דער געלעגנהייט, ווינטש איך אייך אַז איר זאָלט אָנגיין מיט אייער וואונדערלעכער אַרבעט מיט דער זעלבער ענערגיע און מיט דער זעלבער וויטאַליטעט ווי ביז איצט. עס איז אונדזער אַלעמענס וואונטש אייך צו באַגריסן, ווען מיר וועלן פייערן אייער אַכציק־יאָריקן געבוירנטאָג.

**א. סוצקעווער** (תל־אביב)

# דער ערן־בירגער

ס'האָט אַ מאָל געלעבט אין ווילנע אַ ייד, אַ געניאַלער שווייגער, מוני סאָלץ האָט ער געהייסן, האָט דווקא אים באַשטימט דער אייבערשטער צו זיין אַ בורר, אַ שלום־מאַכער צווישן די קריגערישע שכנים פון מיין גאַס, כדי אויסצוגלעטן און איינצושטילן כל־מיני מחלוקתן און סיכסוכים ביי די קאָכעדיקע יידן, וואָס האָבן זיך ניט געקענט צעטיילן מיט זייער אָרעמקייט.



דער דיכטער א. סוצקעווער און יעפים ישורין אין תל־אביב אין 1948

די צדדים פלעגן שרייען, זיך אַריינזאָגן אין דער זיבעטער ריפּ, און ער, מוני סאָלץ, אָנגעלענט איבער זיין שוואַרצן שטעקן מיט דער זילבערנער גאַלקע — קיין פּיפּס ניט. אַזוי פלעגט ער אָפּשווייגן שעהען, ביז... ביז אין דער לופטן פלעגן זיך צעטראָגן פּעטש ווי שפּענער.

ערשט דעמאָלט פלעגט מען צופאַלן צום בורר און אים פּרואוון אָפּשרייען פון זיין שווייגעניש:

געוואַלד, ר' מוני, זאָגט שוין אַ וואָרט, ס'וועט דאָך באַלד רויט ווערן פון יידיש בלוט די ווילִיע!

פלעגט מוני דעמאָלט אויפהייבן זיין געבויגענעם קאָפּ פון איבערן שוואַרצן שטעקן מיט דער זילבערנער גאַלקע און אַ זאָג טאָן:

— איך וועל אייך צעשווייגן אויף שטיקער!...

אונדזער טייערער יובילאַר יעפים ישורין, וואָס איז איצט אַלט געוואָרן דריי מאָל פינף און צוואַנציק, איז אויך אַ שוויגער פאַר־עקסעלאַנס. ער „צעשווייגט אויף שטיקער״ אַלע שרייערס און טומלערס פון דער גלות־לאַנגער יידישער גאַס. און אַזוי שוויגנדיק און צעשוויגנדיק האָט ער מער אויפגעטאָן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, ווי גאַנצע טומלדיקע אינסטיטוציעס מיט פּרעזידענטן, קאָמיטעטן און פאָנדן.

איך האָב געזאָגט: ער איז אַלט געוואָרן דריי מאָל פינף און צוואַנציק, און ניט די אויפגעבלאָזטע ציפער מיטן זיבן. ווייל אויב זיבן איז אַ ליגן, איז די ציפער פינף און זיבעציק אַוודאי אַ ליגן און זי פּאַסט זיך גאָר ניט פאַר אונדזער חשובן און באַליבטן יובילאַר. זעט איר: דריי מאָל פינף און צוואַנציק — איז אין גאַנצן עפּעס אַנדערש, ער אַנטהאַלט אין זיך געזונטע, שעפערישע יונגשאַפט און ענערגיע און אָט די ציפער איז פאַר אים ווי אָנגעמאָסטן.

מיינע חברים פון „יונג־ווילנע״ וועלן זיכער מיט מיר מסכים זיין: וואָלט געלעבט ירושלים־דליטא — וואָלט זי איצטער געקרוינט איר געטרייען זון יעפים ישורין פאַר איר ערן־בירגער.

טוען עס מיר — ווילנעס באַזינגער און באַווינער.

און פון אַלע וועלטעקן הייבן מיר אַ ליכטיקן פולן בעכער פאַר אונדזער עלטערן ברודער, דעם ערן־בירגער פון אונדזער היימשטאָט — יעפים ישורין!

זאָל ער אונדז לאַנג לעבן!

זאָל ער נאָך אַרויסגעבן (צום ווינציקסטנס!) אַ טויזנט ביבליאָגראַפיעס פון גוטע יידישע שרייבערס; און צווישן זיי — די ביבליאָגראַפיעס פון אונדזערע אייניקלעך, און טאַקע — אין יידיש!...

---



ראובן גוסקין, דער פאַרשטאָרבענער פאַרוואַלטער פון דער יידישער אַקטיאָרן יוניאָן, אייגער פון די נאָענטסטע פּערזענלעכע פריינד פון י. ישורין

ל. סיגאַל,
גענעראַל־סעקרעטאַר פון יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד

# אַ יובל פון אַ חשובער פערזענלעכקייט

(לכבוד דעם 75־יאָריקן יובל פון יעפים ישורין)

עס איז מיין טיפער פאַרלאַנג צו זיין מיטבאַטייליקט מיט פילע פריינד און חברים צו קענען באַגריסן יעפים ישורין צו זיין 75־יאָריקן יובל.

ישורין איז אַן אייגנאַרטיקע פערזענלעכקייט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין דער יידישער געזעלשאַפט.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט נישט מיטגעמאַכט דעם זעלבן אידעאיש־געזעלשאַפטלעכן וועג מיט ישורינען, פאַרבינדט אונדז, אָבער, אַ טיפע פריינדשאַפט און אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש פאַר פילע פראָבלעמען און פראַגן וועגן וועלכע אונדז קומט אויס צו זאָרגן און אַרבעטן צוזאַמען.

יעפים ישורין איז איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון אַרבעטער־רינג, פון „פאָרווערטס״־אַסאָסיאיישאָן און פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין די רייען פון דער באַוועגונג ווערט ער זייער הויך געשעצט און געניסט פון פילע אַ טיפע פאַרערונג.

יעפים ישורין איז נישט בלויז אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טוער, ער איז אַקטיוו מיטבאַטייליקט אין אַלע וויכטיקע קולטור־ און דערציאונגס־טעטיקייטן וואָס ווערן אונטערגענומען פון יידישע אַרבעטער־ און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס.

אין דער וויכטיקער קולטור־אַרבעט לייגט ער שטענדיק אַריין זיין וואַרעם האַרץ און אַ סך אידעאַליזם.

יעפים ישורין איז אויך אַן אייגנאַרטיקע פערזענלעכקייט, וואָס העלפט פאַראייביקן גייסטיקע שאַפער אין אונדזער יידישן קולטור־לעבן. ער ווערט מיט רעכט פאַררעכנט אַלס ביבליאָגראַף „פאַר־עקסעלאַנס״.

יעפים ישורין ווערט, דורך זיין ביבליאָגראַפישע שאַפונגען, פאַראייביקט אין דער יידישער ליטעראַטור און אין אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט אויף אַ זייער בכבודיקן אופן.

עס איז שווער צו גלויבן, אַז ישורין האָט שוין דערגרייכט דעם עלטער פון 75 יאָר. זיין שעפערישקייט, זיין אַרבעטסזאַמקייט און יוגנטלעכקייט גיבן נישט קיין סימנים פון די צאָל יאָרן.

די וואָס באַאָבאַכטן ישורינען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, זיינע וויכטיקע ביבליאָגראַפישע שאַפונגען גיבן אים אַ סך כוח און מוט בייצוקומען אַלע שוועריקייטן וואָס שטייען אים אין וועג און זיינע אַרבעטן באַגלייטן אים שטענדיק מיט יוגנטלעכן ווילן און שאַפונגס־מעגלעכקייטן.

לכבוד דעם 75־יאָריקן יובל שיק איך מיין ליבן פריינד און חבר יעפים ישורין די האַרציקסטע ברכות וואָס ווערן באַגלייט מיט די טיפ־סטע וואונטשן, אַז דער חשובער יובילאַר זאָל נאָך קענען פילע יאָרן פאָרזעצן זיינע שעפערישע קולטור און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, זיינע וויכטיקע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן און זיין לעבן זאָל זיין באַגלייט מיט גליק און מיט צופרידנהייט.

---

**ד״ר נ. סווערדלין,**

טעאַטער־רעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״

## יעפים ישורין דער שומר

יעפים ישורין — אַ 75ער ?

אוממעגלעך !

מען קאָן זיך עס גאָר ניט פאָרשטעלן.

און כ׳שרייב ניט די דאָזיקע ווערטער און זאָגן באַנקעטמעסיק.

יעפים ישורין, דער ענערגישער, אומדערמידלעכער, פרוכטבאַדער ישורין, איז ביי זיין אַרבעטס־טיש פון זאַמלען, סעגרעגירן און פאַר־צייכענען די אוצרות פון יידישער שעפערישקייט, און ער טוט עס מיט יוגנטלעכקייט און פרישקייט.

ישורין שטייט אויף דער וואַך און ווי אַ געטרייער שומר היט ער אָפּ אַלע „איינסן״ פון דער ביבליאָגראַפיע פאַר דורות און דורות. ער טוט עס אָן געפילדער און אָן פּובליסיטי. ער דאַרף עס ניט. ער וויכט פון דעם.

ישורין, דער ערנסטער זון פון ירושלים דליטע, טוט זיין אַרבעט בשלימות און מיט אַ זעלטענער אָפּגעהיטקייט, ערלעכקייט און פּינקט־לעכקייט.

אָט די דריי עלעמענטן זיינען די פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן פון ישורינען דעם מענטש, ביבליאָגראַף און געזעלשאַפטלעכן טוער.

במשך פון יאָרן האָט ער פאַרנומען די העכסטע אַמטן אין „אַרבע־טער־רינג״ און אין אַנדערע יידיש־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, און אומעטום איז ער פאַרבליבן דער אויסגעהאַלטענער, פּרינציפּיעלער ווילנער ייד, וואָס האַנדלט אַזוי ווי זיין געוויסן דיקטירט אים.

יעפים ישורין, דער שומר און רעגיסטראַר פון יידישע קולטור־אוצרות, איז אַן אינסטיטוציע אין דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע.

באַזונדערס שטאָלץ זיינען מיר, ווילנער, מיט אונדזער חשובן בן־עיר, און מיר האָפן אים צו זען נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן ביי דער אַרבעט.

מיר דאַרפן האָבן מיט אונדז און צווישן אונדז יעפים ישורינען ביז 120 יאָר !

**י. סיגעל (שיקאַגאָ),**
רעדאַקטאָר פון שיקאַגער „פאָרווערטס״

# ישורין האָט זיך פאַרדינט אַ מזרח־וואַנט פּאָזיציע אין אונדזער ליטעראַטור

יעפים ישורין האָט זיך פאַרדינט אַ מזרח־וואַנט פּאָזיציע אין אונדזער ליטעראַטור דורך זיין אומדערמידלעכער און מיזאַמער אַרבעט אויף אַ גע־ביט, וואָס האָט ניט קיין צו־פיל בעלנים.

איינער דאַרף זיין זייער גוט באַהאַוונט אין דער ליטעראַטור צו זאַמלען די ווערק פון אַלע שרייבער און זיי קאַטאַלאָגירן און ברענגען אַלץ אין גוטער אָרדענונג.

זיין טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונג אין „פאָרווערטס״, אַלס קאַסירער, האָט אים ניט געשטערט אין זיין געדולדזאַמע זאַמלונג פון די צעשפּרייטע ווערק פון יידישע שרייבער, דיכטער, דענקער און פובליציסטן. אַלץ איז ביי אים פאַרצייכנט, מיט אַ סיסטעם און מיט אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג.

ער האָט זיך פאַרדינט אַן אייביקן פּלאַץ אין אונדזער ליטעראַטור.

פון גאַנצן האַרצן שיק איך אים איבער אַ באַגריסונג און אַ ברכה, אַז ער זאָל נאָך לאַנגע יאָרן אָנגיין מיט זיין טעטיקייט.

---

**שלום סעקונדאַ**

# י ע פ י ם   י ש ו ר י ן

(צום 75־יאָריקן יובל)

איך בין ניט קיין ווילנער, און פאַר מיר איז ווילנע נאָך איין שטאָט אויף דער מאַפּע. דאָך האָב איך די וואַרעמסטע באַציאונג צו דעם באַ־רימטן ווילנער לאַנדסמאַן, יעפים ישורין. ישורין איז ניט קיין מוזיקער, און איך ווייס ניט ווי טיף די מוזיקאַלישע קונסט איז איינגעוואָרצלט אין ישורינס נשמה אָדער גייסט, דאָך האָב איך אַלע מאָל געפילט אַ וואַרעמע נאָענטקייט צו דעם מענטשן. נאָך מער, איך קען איבערציילן אויף מיינע צען פינגער וויפיל מאָל איך האָב זיך מיט ישורינען געטראָפן אין אונדזער פּראָפעסיאָנעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, און קען אפשר איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט, און עס זאָלן נאָך בלייבן אַ פּאָר פינגער, וויפיל מאָל מיר,ביידע, האָבן געכאַפּט אַן אינטימען שמועס. דאָך, האָב איך אין דעם משך פון דער לאַנגער צייט, וואָס איך בין מיט אים באַקאַנט, אַנטוויקלט אין זיך אַן ערנסטן דרך־ארץ פאַר דעם מענטשן.

זיין אויפריכטיקייט, זיין ערנסטע באַציאונג צו די פּאָר געשפּרעכן,

וואָס מיר האָבן געהאַט, זיין אינטערעס צו פּראָבלעמען וואָס זיינען געווען אויסער זיינע ראַמען, האָבן מיך אָפּט מאָל געמאַכט צו טראַכטן: אָט איז אַ מענטש, וואָס האָט פאַרלאָזט „זיין" ווילנע מיט הערלעכע אידעאַלן און האָט זיי אויפן וועג קיין אַמעריקע ניט פאַרלוירן.

איך פיל זיך יום־טובדיק צו באַגריסן יעפים ישורין צו זיין 75־יאָריקן יובל, און איך רעזערוויר די רעכט צוצוגרייטן אַ נייע באַגריסונג צו זיין 80־יאָריקן יובל, ניט נאָר אַלס „ווילנער", נאָר פיל מער, אַלס מענטש פון ראַט און טאַט, אַלס דעם גרעסטן, אָנערקענטן יידישן ביבליאָגראַף, וועלכער האָט קיין גלייכן אויף זיין געביט, אַלס קולטור־ און געזעלשאַפטלעכער טוער, וויכטיקער פירער פון אַרבעטער־רינג, טיכטיקער טוער אין „אָרט", „ייוואָ", יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און אין אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס.

---

**ישראל עמיאָט** (ראָטשעסטער, נ. י.)

## הייליקע ליבשאַפט צו אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור

אַז איך טראַכט וועגן דער געבענטשטער אַרבעט פון אונדזער זייער חשובן און ליבן יובילאַר, יעפים ישורין, שטייען מיר פאַר די אויגן מיינע זיידעס, וואָס האָבן מיך געלערנט אויפצוהויבן אַ ספר און אַ קוש צו טאָן, ווען ער פאַלט אַראָפּ אויף דער ערד.

יעפים ישורינס באַציאונג צו אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור איז פול מיט דער זעלבער הייליקער ליבשאַפט.

נאָר אַזאַ ליבשאַפט, קען געבן אַזוי פיל ענערגיע, מוט און קאָלאָסאַלע מי, מיט וועלכע ישורין האָט צונויפגעזאַמלט אַזוי פיל ביבליאָגראַפישע אוצרות אַרום אונדזער ליטעראַטור.

אַז איך טראַכט וועגן יעפים ישורינען — זע איך פאַר זיך דעם אַלטן דור ביבליאָגראַפן פון אַזאַ שניט ווי יעקב בן יעקב, לעקסיקאָגראַפן ווי שלמה מאַנדעלקערן, וואָס האָבן געטאָן אַליין, דאָס וואָס אַ שטאַב פון אַ פערטליאָרהונדערט וויסנשאַפטסלייט טוען דאָס קוים.

געבענטשט זאָל ער אונדז זיין און לאַנגע יאָרן זאָל ער אונדז האָבן, איינער, אַזאַ זעלטענער פון דער אַלטער פלעיאַדע וויסנשאַפטסלייט, ביבליאָגראַפן, וואָס זייער אַרבעט איז נישט אָפּצושאַצן.

**יעקב פּאַט,**
עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט

# וועגן יעפים ישורין

איך קען די טעטיקייט פון פריינד ישורין אויף פאַרשיידענע געזעל־שאַפטלעכע געביטן. איך וועל זיך באַגרענעצן מיט איין געביט, וואָס איז באַזונדערס נאָענט צו מיין האַרצן — דאָס איז זיין גרויסער אויפטו אויפן פעלד פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע. ווער עס וויל היינט וויסן די פאַרשיידנסטע פּרטים פון די ווערק פון יידישע שרייבער, וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פאַר דעם ליגן אָפן די ביבליאָגראַפישע זאַמלונגען פון יעפים ישורין. אין משך פון די לאַנגע



יעקב פּאַט און יעפים ישורין

יאָרן פון זיין אַרבעט, זאָרג און איבערגעבנקייט האָט יעפים ישורין געזאַמלט פאַקט נאָך פאַקט, פונקט נאָך פונקט, געשעעניש נאָך געשעעניש אין לעבן און שאַפן פון די יידישע שרייבער, קינסטלער, פּובליציסטן, פּאָעטן פון אונדזער צייט. מיר איז גוט באַקאַנט, אַז יעפים ישורין האָט צוזאַמענגעשטעלט אין פאַרלויף פון יאָרן צענדליקער טויזנטער קאַרט־לעך, פאַרצייכענונגען וועגן די ווערק פון יידישע שרייבער. ווילט איר וויסן, ווער עס האָט אַמאָל געשריבן וועגן די מערסטע יידישע שרייבער פון אַמעריקע? וואו ער האָט עס געדרוקט? אין וועלכן יאָר און חודש עס איז דערשינען? מוזט איר גיין צו יעפים ישורין.

עס איז אַ גרויסע אַרבעט, גאַרניט אָפּצושאַצן. וועגן אַ צאָל איינ־צלנע שרייבער האָט יעפים ישורין צוזאַמענגעשטעלט הונדערטער און אויך טויזנטער פאַרצייכענונגען — אַלץ אין אָרדענונג, פּינקטלעך, געמאַכט מיט גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

איך בין פון מאָל צו מאָל געוועזן אַן עדות ווי אַזוי יעפים ישורין האָט געטאָן זיין אַרבעט — געטאָן מיט התמדה, מיט אַ סך וויסן, געוואויגן און געמאָסטן, געציילט און איבערגעציילט און, סוף־כל־סוף,

צוזאַמענגעשטעלט די פּאַקטישע לעבנס־ און שאַפונגס־געשיכטע פון אַ שרייבער. ער האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן זייער באַ־רימטע שרייבער און ווייניקער באַרימטע שרייבער, זייער גרויסע שריי־בער און ווייניקער גרויסע. ער איז צוגעגאַנגען צו אַלע שרייבער מיט דער זעלבער ערנסטקייט און איבערגעבנקייט, פאַרצייכנט, פאַרשריבן — זאָל עס בלייבן אויף דור־דורות. דאָס וואָלט געווען אַ וויכטיקע אַרבעט אין אַלע ליטעראַטורן, אין אַלע צייטן, אָבער באַזונדערס וויכטיק איז זי אין אונדזער יידישער ליטעראַטור. עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסער חורבן. דער שטורעם האָט אויסגעריסן דעמבעס, גאַנצע וועלדער, געלאָזן ליי־דיקע פעלדער. אַ דור איז פאַרשניטן געוואָרן. אין רוסלאַנד איז סיי די יידישע ליטעראַטור און סיי די יידישע שרייבער פאַרברענט געוואָרן. ווערט, דעריבער, באַזונדערס וויכטיק די ביבליאָגראַפישע שפע, וואָס י. ישורין האָט צונויפגעשטעלט אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן, באַזונדערס אין פאַרלויף פון אַ סך נעכט.

מען האָט מיר דערציילט עפּעס וועגן דעם, ווי אַזוי י. ישורין האָט געטאָן זיין ביבליאָגראַפישע אַרבעט. אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען פאַר־נומען, געזעסן ביי זיין אַרבעטס־טיש אין „פאָרווערטס", אויך געווען פאַרנומען מיט געזעל־שאַפטלעכע ענינים, געווען דער שומר פון אַרבע־טער־רינג — זאָל ער ניט פאַרניכטעט ווערן, ניט צעשטערט ווערן, ניט צעריסן ווערן, זיינע וואָרצלען זאָלן זיך האַלטן, זיינע צווייגן זאָלן וואַקסן. איז אַוועק דער טאָג, דער שווערער טאָג, אָנגעפילט מיט עגמת־נפשן, מיט טראָבל. געקומען איז דער אָוונט, געקומען איז די נאַכט. איז גע־זעסן י. ישורין שטילערהייט ביי זיינע נאָטיצן, באַמערקונגען, איבער די ביכער, איבער הונדערטער צייטונגען און זשורנאַלן, וואו עס זיינען גע־ווען געדרוקט אַרטיקלען, נאָטיצן וועגן שרייבער, געצייכנט, פאַרצייכנט און געטאָן זיין אומגעהייער וויכטיקע אַרבעט.

איך וויל נאָר צוגעבן, אַז ער איז אין אונדזער ליטעראַטור דער איינציקער. ניטאָ קיין אַנדערער, וואָס זאָל דאָס טאָן און וועלן טאָן. ער האָט געטאָן זיין אַרבעט פרייוויליק, אויס ליבע צו דער ליטעראַטור און אירע שעפער, אויס דרך־ארץ צו דער יידישער קולטור. אַזוי האָט איין מענטש, יעפים ישורין, געשאַפן פאַרן פאָלק אַן אמתן ביבליאָגראַפישן אוצר.

הגם אַ היפשע צאָל פון זיינע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן איז שוין געדרוקט געוואָרן, אָבער אין זיינע שופלאָדן און שאַפעס ליגן נאָך פעק מאַטעריאַלן, צוגעגרייטע צום דרוק און עס וואָלט געווען די אויפגאַבע פון זיינע פריינד — און איך בין בתוכם, — אַז איצט, ווען ער ווערט אַ בן שבעים וחמש, זאָל געשאַפן ווערן אַן איניציאַטיוו־קאָמיטעט און אַ פאָנד אַרויסצוגעבן זיינע אַרבעטן.

חוץ אַלע ברכות, וואָס איך שיק איבער צו מיין פריינד יעפים ישורין, גיב איך צו נאָך אַ ברכה — ער זאָל דערלעבן צו זען די דערשיינונג פון זיינע וויכטיקסטע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן.

**גרשון פּאָמעראַנץ,**
רעדאַקטאָר פון „יידישן זשורנאַל" אין טאָראָנטאָ

# אָפּענע דיבורים

אַזעלכע קשיות פרעגט מען נישט. מען האָט נישט קיין צייט פאַר אַזעלכע זאַכן. וואָלט מען יאָ געפרעגט, קאָן זיין, אַז מיר וואָלטן אַנדערש אויסגעזען, אונדזער לעבן וואָלט געהאַט אַן אַנדער פּנים.

ווען, למשל, מיר וואָלטן זיך אַזוי אַ פרעג געטאָן: וואָס ווערט פון דעם אַלעם, וואָס מיר טוען, מיר לויפן, שמאַיען, אַרבעטן און מאַטערן זיך דורך אין די פאַר יאָר פון אונדזער לעבן? טאַקע, וואָס? ווער קאָן אונדז געבן אויף דעם אַן ענטפער? וואו ערגעץ ווערט דאָס אַלץ פאַר־שריבן, פאַרצייכנט, און ווער זיצט עס מיט געגנדזענע פעדערס און פאַר־צייכנט, פאַרשרייבט דאָס אַלץ.

איז דאָ אַן ענטפער, זייער אַ פּשוטער, גלייכער ענטפער: עס פאַר־שרייבן די שרייבערס, עס פאַרצייכענען די מאָלערס, זיי זיצן יומם ולילה און — גייען אונדז נאָך, גיבן אויף אונדז אַכטונג, פאַרצייכענען אַלץ, וואָס מיר טוען, אַלץ, וואָס מיר ווילן טאָן, זיי פאַרצייכענען נישט נאָר אונדזערע מעשים, נישט נאָר, וואָס מיר טוען, ניין, נאָך מער, זיי פאַר־צייכענען, באַשרייבן אונדזערע מחשבות, די געדאַנקען, אונדזערע באַ־טראַכטונגען, און נישט נאָר די געדאַנקען, ניין. זיי געשטאַלטיקן אונ־דזערע תנועות, אונדזערע נייגונגען, יאָ, זיי מאַכן עס אַזוי, אַז ווען מיר וואָלטן נאָר אַן עפן געטאָן אָט די ספרים, די ביכער, וואו זיי באַשרייבן אונדז, וואָלטן מיר זיך דערזען אַזוי לעבעדיק, אַזוי קלאָר, אַזוי צאַפּלדיק, אַז עס גלייבט זיך אייך נישט, אַז אַזעלכעס קאָן געשען.

דערפאַר איז אַזוי ריכטיק, אַזוי קלאָר, אַזוי אמת דאָס באַרימטע ווערטעלע, וואָס אַלע ווייסן, וואָס אַלע זאָגן עס, אָבער נישט אַלע פאַר־שטייען דעם גרויסן באַדייט פון דעם. דאָס ווערטל קלינגט אין אַלע גאַסן: „אַ פּאַטש פאַרגייט און אַ — וואָרט באַשטייט". אַזוי זאָגט דער פּסוק. אויף פּראָסט מאַמע־לשון איז עס אַזוי: פליאַסקע, פּאַטש, רעד, דריי מיט דער צונג, פאַר פייער און פאַר וואַסער קאָנסטו „פלאָשן", הברן, כמאַליען מיט דיינע רייד, נאָר מיטן מויל, אָבער ווי גיך עס קומט צו פּאַפּיר, היט זיך, ברודערקע, דאַרפסטו שוין אַן אַדוואָקאַט, דאַרפסטו שוין שרייבער, סופרים, וואָס קאָנען לייענען די קליינע פּינטעלעך, טוסטו עס נישט, מיינט, אַז ס'איז הפקר, ווי דיין מויל, יאָ, ביסטו פאַרפּעקלט, ביסטו אויף גרויסע צרות. ביסטו איינגעלייגט.

איז דאָך באַוואוסט, אַז בשעת מען וויל דערזען די וועלט, זיך באַ־קענען מיטן לעבן, מיט דעם לעבן פון דור דורות, מיט דעם עבר, מיט אַלץ, וואָס איז געשען נעכטן, מוזסטו עפענען די ביכער, מוזסטו אַריינ־קוקן. די אַלע רייד, וואָס מען רעדט אויס אין דער לופט, זיינען נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק, גאָרנישט, ס'איז מער נישט ווי שוים, וואָס

פאַרשווינדט, נישט מער ווי פלעווס, וואָס פליען אַוועק אין רוים פון דעם פּלאַנעט, אין די הימלען, דאָס ריכטיקע איז אינעווייניק, אַהין דאַרפסטו אַריינקוקן. נאָר אַהין, אין די בלעטער, וואָס די „בטלנים״ פון דער וועלט האָבן באַשריבן, פאַרצייכנט.

ווילסטו וויסן, ווי עס האָט אויסגעזען דיין טאַטע, דיין זיידע, דיין מאַמע, דיין דור, אַלע דורות פאַר דיר, זיי זיינען דאָ, יאָ, זיי זיינען דאָ אַזוי לעבעדיק ווי עס וואָלט איצטער געווען, דאַרפסט נאָר עפענען די טאָוולען פון די ביכער און דאָרט זיינען זיי דאָ. יאָ. ווילסט זען אַ פּנים, אַ געשטאַלט, זע די בילדער, וואָס עס האָבן זיי געמאָלן די מייסטער מיט זייערע פּענדזלען, מיט זייערע פאַרבן, ווילסטו דערהערן דעם קלאַנג, דעם טאָן פון פאַרגאַנגענע צייטן, לייג צו דיין אויער צו די פידלען, הער די טענער פון די, וואָס האָבן יענע קלאַנגען פאַרצייכנט און — מיר הערן, גאַפן און הערן. יאָ, דאָס איז לעבן, עס איז אַ קייט, אַ גאָלדענע קייט, וואָס ציט זיך פון דור צו דור, פון אייביקייט צו אייביקייט.

איצטער, אַז דו האָסט שוין צייט געהאַט צו עפענען די טאָוולען, צו לייענען ביכער, צו זען דעם שפּיל פון פאַרבן אויף די בילדער, צו הערן דעם קלאַנג, די מעלאָדיעס פון די פידלען, ביסטו נאָך נישט פאַר־טיק. דאַרפסטו וויסן, אַז די שרייבערס, די מאָלערס, די שפּילער, דאַרפן אויך האָבן אַ האַנט, וואָס זאָל זיי אויך פאַרצייכענען, זיי אויך פאַרשרייבן, אויך אויף זיי האַלטן אַן אויג. עס זאָל, חלילה, פון זיי גאָרנישט פאַר־לוירן ווערן. זיינען זיי אויך דאָ, זיי רופן זיך: ביבליאָגראַפן. זיי פאַר־צייכענען דעם שרייבערס רייד, זיינע ווערטער, זיי פירן זיין באַלעבאַ־טישקייט.

ווייסט איר דאָך: שרייבער זיינען נישט פון די גאָר גרויסע בריות. ווען זיי וואָלטן געווען, וואָלטן זיי דאָך קיין שרייבער נישט געווען. מיט זיי איז דאָך די מעשה ווי מיטן שמש, דעם גרינעם. ס׳איז אַן אַלטע מעשה. מען מעג איר פונדעסטוועגן איבערדערציילן. דער מוסר השכל איז מיט גאָלד אָפּצואוועגן.

איז זיך געקומען אַ גרינער, ווי אַלע גרינע. געקומען. דאַרף מען אכלען און — לאַנדסלייט העלפן. איז דאָ אַ שולכל. אַ קליין שולכל, אַ פּיצלס. נעמען גוטע לאַנדסלייט און מאַכן דעם גרינעם פאַר אַ — שמש. גוט. קומט דאָך אַמאָל אויס אַ שמש, חוץ זיין דער קהלישער קדיש, אויך אַמאָל פאַרשרייבן ווער ס׳איז מנדב אויף משקה. האָט נעבעך דער גרי־נער נישט געקאָנט די מלאכה פון שרייבן. נישט געקאָנט. נעם, טו אים עפּעס. איז ער געוואָרן אויס שמש. העלפט גאָט, עס גייט אַוועק אַ בינטל מיט יאָרן. פון שולכל ווערט אַ טעמפּל און דער אַמאָליקער גרינער, דער שמש, וואָס קאָן נישט שרייבן, ווערט דער — פּרעזידענט.

רייבט זיך מר. פּרעזידענט די צוויי ידיים: ס׳איז גוט, זייער גוט, אַ נס, וואָס איך האָב נישט געקאָנט שרייבן. איך וואָלט נאָך אַלץ געווען דער הייליקער שמש. יאָ.

זעט איר דאָך שוין, אַז אַ „שרייבער״ האָט קיינמאָל נישט קיין „טשענס״ צו ווערן קיין — פּרעזידענט, נײן.

זיינען שרייבער, מאָלער, שפּילער, אייביקע בטלנים, דאַרפן זיי אַ — משגיח, וואָס זאָל נעמען „קער״ אויף זייערע „ביזנעס״. זיינען זיי דאָ, עס טוען אַכטונג געבן די ביבליאָגראַפן. זיי טוען אַכטונג אויף די צעשמאַיעטע שרייבער.

זיצט זיך ביי אונדז אַזאַ ייד, אַ פיינער ייד, אַ שטילער, ער שרייט נישט, ער טוט עס אַזוי שטיל, אַזוי פּאַמעלעך, ער — היט און פּאַרהיט, ער לאָזט נישט דורך קיין אות, קיין וואָרט, וואו עס זאָל נישט געשריבן ווערן וועגן יידישע שרייבער און — עס איז דאָ.

ווי ער הייסט, ער הייסט זייער אַ שטילן נאָמען, עס פּאַסט פאַר אַ ייד אַ ליטוואַק, אַ ווילנער מיט דעם גאַנצן שטאָלץ פון דער גרויסער יידישער שטאָט, די שטאָט פון גאונות, תורה און קולטור — יעפים ישורין, הייסט ער. ער איז אַ ביבליאָגראַף פון אונדזער יידיש פאַרמעג, וואָס וועט בלייבן לדורות.

פייערט מען אים אין ניו־יאָרק, וויל איך אויך פון דאַנען, פון אַ יידישער שטאָט אין קאַנאַדע, פון טאָראָנטע, אים שיקן מיין דאַנק און — מיין ברכה:

אויף לאַנגע יאָרן, יידישער ייד, יעפים ישורין.

---

יצחק **פּאַנער** (תל־אביב)

# וואָלט דער מרחק צווישן ישראל און ניו־יאָרק נישט געווען אַזאַ גרויסער, וואָלט איך פּערזענלעך געקומען צו דער שמחה

צום יעפים ישורין יובליי־קאָמיטעט.

זייער חשובע פריינד, איך דאַנק אייך פאַר אייער איינלאַדונג צו דער פייערונג פון פריינד יעפים ישורינס 75טן געבוירנטאָג.

וואָלט דער מרחק צווישן ישראל און ניו יאָרק נישט געווען אַזאַ גרויסער און מיינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן — נישט אַזוינע קליינע, וואָלט איך זיכער נישט געשריבן דעם בריוו, נאָר וואָלט פּערזענלעך געקומען אָנטיילצונעמען אין דער שמחה.

יעפים ישורינס קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן במשך פון צענדליקער יאָרן, און גאַנץ באַזונדערס זיינע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ביבליאָגראַפיע — זיינען נישט צום דערשאַצן.

ווינטש איך דעם טייערן יובילאַר פון ווייטן, אַז גאָט זאָל אים געבן אַ סך געזונטע און שעפערישע יאָרן לטובת אונדזער קולטור.

**חיים פּופּקאָ,**
פאַרוואַלטער פון „צוקונפט"

# יעפים ישורין האָט בייגעטראָגן אַ סך מי, אינטערעס, ענערגיע און איבערגעגעבנקייט אין דער הילפס־אַרבעט פאַר זיין היימשטאָט ווילנע

צום יום־טוב פון יעפים ישורינס 75סטן יובל וויל איך אויך צוגעבן מיין חברשע באַגריסונג, ווי אַ ווילנער און ווי זיינער אַ גוטער פריינד.

עס איז שוין קרוב דריי יאָרצענדליק, ווי איך האָב זיך צום ערשטן מאָל מיט אים געטראָפן און פעריזענלעך מיט אים באַקענט. דאָס איז געווען אין יאָר 1933, ווען איך בין געקומען אויף אַ באַזוך קיין אַמעריקע



חיים פּופּקאָ און יעפים ישורין

אַלס שליח פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (צ. ב. ק.) אין ווילנע, אין די אינטערעסן פון די דאָרטיקע יידיש־וועלטלעכע שולן.

איידער איך האָב זיך אַרויסגעלאָזן אויף מיין רייזע קיין ניו־יאָרק אין אויפטראַג פון ווילנער יידישן שול־וועזן, האָט מען מיך אינסטרואירט אַז די אינסטאַנצן, צו וועמען די יידישע שולן דאַרפן אַפּעלירן נאָך הילף, זיינען די ווילנער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד, וואָס גרופּירן זיך הויפּטזעכלעך אַרום דעם אַרבעטער־רינג, ווי אויך אַ צאָל אַנדערע ווילנער אָרגאַניזאַציעס.

זייענדיק שוין דאָ אויפן אָרט, האָב איך זיך שנעל איבערצייגט, אַז די אמתע טרייב־קראַפט אין אַלע קערפּערשאַפטן, ווען עס פלעגט זיך האַנדלען וועגן הילף פאַר ווילנער יידישע אינסטיטוציעס, איז געווען י.

ישורין. ער האָט אין דער דאָזיקער אַרבעט אַריינגעלייגט אַ סך מי און ענערגיע און געטאָן האָט ער עס מיט באַגייסטערונג און איבערגעגעבנ־קייט. איך האָב שטענדיק באַוואונדערט דעם גרויסן אינטערעס, וואָס ישורין האָט אַרויסגעוויזן צו אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דער שטאָט ווילנע און אירע אַנשטאַלטן, אַלץ איינס צי איז עס געווען די צדקה אינסטיטוציעס אָדער קולטור־אינסטיטוציעס, דער ווילנער מושב זקנים, אָדער ראַמיילעס ישיבה; יידישע קינדער־שולן אָדער „משמרת־חולים״; די ליטעראַרישע גרופּע „יונג ווילנע״, וואָס האָט אין יענע יאָרן גע־שטעלט אירע ערשטע טריט אין דער יידישער ליטעראַטור, אָדער די אַלטע, איינגעפונדעוועטע סטראַשון ביבליאָטעק.

אויך איצט דערמאָן איך מיט וואַרעמקייט און האַרציקער דאַנקבאַר־קייט צו ישורינען די וויכטיקע אַרבעט און צייט, וואָס ער האָט אָפּגע־געבן דער הילף־אַקציע פאַר די ווילנער שולן, ווי אויך זיין אויפמערק־זאַמקייט און חברשע באַציאונג, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צו מיר פער־זענלעך בעת מיין ערשטן באַזוך דאָ אין לאַנד.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָב איך באַנייט מיין קאָנטאַקט מיט ישורינען, ווען איך בין ווידעראַמאָל געקומען קיין אַמעריקע שוין דאָ צו פאַרבלייבן. איך האָב זיך ווידער געטראָפן מיט אונדזער בעל־היובל ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין ניו־יאָרק. הויפּטזעכלעך איז עס גע־ווען אויפן געביט פון יידישער קולטור טעטיקייט דאָ אין לאַנד: אין דער פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַלער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע („ציקאָ״), וואו ער איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד, אין פאַרוואַלטונג פון „צוקונפט״ א. אַנד.

זיין אַרבעטסזאַמקייט, סיסטעמאַטישקייט און גרינדלעכקייט, זיין ערנסטע באַציאונג צו אַלץ, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען צו טאָן, האָבן אַרויסגערופן רעספּעקט ביי די אַלע, וואָס זיינען געקומען מיט אים אין באַרירונג.

צו זיין יום־טוב וואָס ווערט איצט געפייערט פון זיינע אומצאָליקע פריינד און מיטאַרבעטער אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, וויל איך אים ווינטשן אריכת ימים, געזונט און ווייטער אָנצוהאַלטן דעם יוגנטלעכן גייסט און אַקטיוון אינטערעס צו די אַלע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן און צו די אַלע אינסטיטוציעס, מיט וועלכע ער איז יאָרן־לאַנג געווען פאַרבונדן.

דניאל פערסקי

# יעפים ישורין — דער קלאַסיקער פון יידישער ביבליאָגראַפיע

די לעצטע צייט האָבן מיר געלייענט אין דער העברעאישער פרעסע פון מדינת ישראל זייער אַן אינטערעסאַנטע ידיעה: די וויכטיקסטע קולטור אינסטיטוציעס האָבן קאָמבינירט זייערע כוחות פאַר אַ נאַציאָנאַל־ליטעראַרישער גרויסער אונטערנעמונג. עס האָבן זיך פאַראייניקט דער מישרד החינוך והתרבות (דערציאונגס־מיניסטעריום) פון דער רעגירונג, מוסד ביאַליק, מוסד הרב קוק, דער העברעאישער אוניווערסיטעט פון ירושלים, אגודת הסופרים (שרייבער פאַראיין), הסתדרות המורים (לערער אָרגאַניזאַציע), דער פאַרבאַנד פון די פאַרלעגער, פאַראייניקונג פון די צייטונגס־אַרויסגעבער. אַלע די הויפּט־יסודות פון קולטורעלן לעבן דאָרטן האָבן זיך פאַרבונדן צוזאַמען, כדי אַרויסצוגעבן אַ פולשטענדיק ביבליאָגראַפיש ווערק פון אַלע געדרוקטע העברעאישע ביכער זינט גוטענבערגס צייטן עד היום הזה. אין שפּיץ פון דער רעדאַקציע איז אויסגעקליבן געוואָרן פּראָפעסאָר פון קבלה, דר. גרשום שלום. דער הויפּט פון רעדאַקציאָנעלן ראַט איז באַשטימט געוואָרן דער היסטאָריקער, פּראָפעסאָר בן־ציון דינור.

דאָס וועט, אַלזאָ, זיין אַ ריזן־ווערק אין פילע בענדער. עס איז געוואָרן אַזאַ נויט־באַדערפעניש אין אַזאַ נוצלעך חיבור, ווייל אָן דעם ליידט אַ סך די גאַנצע העברעאישע ליטעראַטור־ און קולטור־טעטיקייט.

ביבליאָגראַפיע איז אַזאַ האַנט־אינסטרומענט וואָס יעדען שרייבער, פאָרשער, רעדאַקטאָר, פאַרלעגער, פּראָפעסאָר, לערער און אינטעליגענטער לערער קאָן אָן דעם פּשוט ניט אויסקומען — ווי אַ בעל־מלאכה אָן כלים, ווי אַ סאָלדאַט אָן געווער.

איך דערמאָן זיך: פאַר עטלעכע יאָר צוריק האָט פּראָפעסאָר הוגאָ בערגמאַן (דער געוועזענער הויפּט פון נאַציאָנאַלן און אוניווערסיטעט ביבליאָטעק אין ירושלים) אַרויסגעגעבן אַ ספר מיטן נאָמען „תורת ההגיון" (לאָגיק), וואו אין דער הקדמה שרייבט ער, אַז עס איז דער ערשטער ניסיון אין עברית פון אַזאַ מין ווערק. האָבן עטלעכע קריטיקער באַמערקט, אַז אין אָדעס, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דערשינען אַזאַ מין חיבור מיטן זעלבן נאָמען „תורת ההגיון". האָט דר. הוגאָ בערגמאַן געענטפערט: „ביי אַלע אומות און לשונות זיינען פאַראַן פאַרטיקע ביבליאָגראַפיעס, וואו מען געפינט גלייך יעדע אינפאָרמאַציע וואָס מען דאַרף אויף דער מינוט. ווי קאָן מען עפּעס שאַפן, אַז מען ווייס ניט וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן ביז איצט אויף דעם דאָזיקן געביט? איך וואָלט גאָר אַנדערש געשריבן מיין בוך, ווען איך וואָלט געוואוסט וועגן דעם אויבנדערמאָנטן חיבור".

עס איז, אַלזאָ, רבותי, ווייניק וואָס שרייבער און פאָרשער שאַפן;

עס איז, אַלזאָ, ניט געננוג ווען יעדעס פֿאָלק פֿאַרמאָגט וויסנשאַפֿטלעכע און קינסטלעכע ווערק. עס דאַרף אויך געפֿירט ווערן אַ בוכהאַלטעריע, אַ מין חשבון, אַ מין „נעמען סטאָק" (ווי מען זאָגט אין אַמעריקע), כּדי עס זאָל זיך שאַפֿן טראַדיציע, שלשלת־היוחסין, אַ המשך פֿון פֿריער, בויען נייע אויפֿן יסוד פֿון אַלטע — און אויך פֿאַרשפּאָרן אַ סך נאַציאָנאַל־קולטורעלע ענערגיע ניט דאַרפֿן יעדעס מאָל אָנהייבן פֿון בראשית.

ביבליאָגראַפֿיע — אָדער דאָס וויסנשאַפֿט פֿון בוך־וויסן — ווערט אַלץ ווייטער און ווייטער אַ לימוד, אַ תּורה, אַ פֿאַך, וואָס מען שטודירט אין אוניווערסיטעטן. צענדליקע ווערק וועגן ביבליאָגראַפֿיע ווערן געשריבן אין אַלע ציוויליזירטע שפּראַכן. יעדער ביבליאָטעקאַר (לייבררעריען) מוז זיין אַ גוטער ביבליאָגראַף. אויך אַן ערנסטער לערער און מחנך מוז זיין אַ בקי אין ביבליאָגראַפֿיע.

אין העברעאיש איז בלויז אַ ביסל אויפֿגעטאָן געוואָרן אויף דעם געביט. „שפֿתי ישנים" פֿון שבתי באַס, „שמות הגדולים" פֿון חיד"א (אזולאי), „אוצר הספֿרים" פֿון בן־יעקב — און בימינו „בית עקד הספֿרים", פֿון פֿרידבערג. אָבער, ווי איר זעט, איז עס ווי אַ טראָפּן אין ים. די אַלע הילפֿס־ביכער זיינען פֿאַרעלטערטע — און די נייע ביבליאָגראַפֿיע־אונטערנעמונג אין ירושלים וועט משלים זיין אַלע חסרונות און זיך באַניצן מיט אַלע נייע וויסנשאַפֿטלעכע מכשירים אויפֿן ביבליאָגראַפֿישן געביט.

אין יידיש האָט מען גאָרניט געוואוסט פֿון אַזאַ זאַך ווי ביבליאָגראַפֿיע — און ס'איז געווען אַ מין תּוהו־ובוהו, אַ מין הפֿקר. מען האָט ניט געוואוסט וואָס מיר פֿאַרמאָגן — און וואָס מען דאַרף צוגעבן. בלויז עטלעכע צופֿעליקע פּרוּוון זיינען געמאַכט געוואָרן (פֿון ש. ניגער, דר. י. שאַצקי, א. ר. מלאכי, שלמה סלוצקי און אַנדערע). דער ערשטער אמתער ביבליאָגראַף אונדזערער אויף יידיש, וואָס האָט געמאַכט ביבליאָגראַפֿיע פֿאַר זיין לעבנס אויפֿגאַבע — איז דער חתן היובל, דער בן שבעים וחמש, יעפֿים ישורין. אים קאָן מען אָנרופֿן דער קלאַסיקער פֿון יידישע ביבליאָגראַפֿיע. איינער אַליין, אָן יענע רייכע מאַטעריעלע און פֿאַכמענישע מיטלען, וואָס ווערן צוגעשטעלט צו יעדן ביבליאָגראַף ביי די אומות העולם, — זעצט פֿאַר יעפֿים ישורין זיין וויכטיק־ניצלעכע אַרבעט צו פֿאַרצייכענען, רעגיסטרירן און דערהויפּט קלאַסיפֿיצירן דאָס ליטעראַריש שאַפֿן אין יידיש, כּדי עס זאָל דינען ווי אַ מורה־דרך, ווי אַ וועגווייזער פֿאַר יעדן וואָס האָט נאָך אַן אינטערעס אין אונדזער פֿאָלקס־שפּראַך.

יעפֿים ישורין איז, אַלזאָ, דער בוכהאַלטער פֿון דער יידישער ליטעראַטור. ער איז דער שליסל־טרעגער פֿון אונדזער קולטורעלער ווירטשאַפֿט. זאָל ער אַזוי ווייטער פֿילע, פֿילע יאָרן אָנגיין מיט זיין ביבליאָגראַפֿישער ניצלעכער און וויכטיקער אַרבעט מיט יענער ליבע און התמדה, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי פֿיל פֿאַרדינט ביי אונדז.

**י. פּאָגעל,**
אַרבעטס־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״

# יעפים ישורין — דער סימבאָל פון פריינדשאַפט און לאָיאַליטעט

פאַראַן צוויי מידות, צוויי אייגנשאַפטן, וואָס איך שאַץ שטענדיק אָפּ פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן. איינע איז די פעאיקייט פון אַרויס־וויזן אמתע פריינדשאַפט אין מאָמענטן פון גרויס נסיון, און די צווייטע איז צו דעמאָנסטרירן ווירקלעכע לאָיאַליטעט, ווען דער קרבן פאַר דעם איז גרויס.

איןביידע פאַלן — אין פריינדשאַפט און לאָיאַליטעט — איז יעפים ישורין דער אויסדרוק און דער סימבאָל פון די דאָזיקע נאָבעלע, מענטש־לעכע שטריכן. ישורין קען פון זיך, אין גורלדיקע סיטואַציעס, אַרויס־כישופן פריינדשאַפט און לאָיאַליטעט, און טאַקע צוליב דעם ווערט ער אַזוי שטאַרק אָפּגעשאַצט און אַזוי טיף געליבט און געאַכטעט.

פאַראַן אין ענגליש אַ שפּריכוואָרט: אום כדי צו האָבן אַ פריינד, מוז מען זיין אַ פריינד. און פון דעם שטאַנדפּונקט דאַרף מען מיט אַ פול מויל זאָגן, אַז ישורין האָט פאַר זיך קיין עין הרע אָפּגעשפּאָרט אַ גרויס פאַר־מעגן. ער פאַרמאָגט אַ גרויסן קרייז פון פאַרערער־פריינד מחמת דעם, ווייל ער לאָזט זיינע נאָענטע ניט פאַלן ווען זיי בויטיקן זיך אין זיין הילף אַזוי שטאַרק. ישורין פאַרמאָגט אין זיך דעם אינערלעכן פייער און איז פאַרפאַנצערט אין זיין אינערלעכן ווערן מיט אַ זאַפּאַס פון פריינדשאַפט און לאָיאַליטעט, וואָס איז ניט אָפט צו געפינען אין אַנדערע, וואָס זיינען אַקטיוו אין אונדזער סביבה.

מען מעג אָן גוזמא באַהויפּטן, אַז עס זיינען טאַקע די דאָזיקע כאַראַק־טער־שטריכן מיט וועלכע ישורין איז באַשאָנקען, וואָס האָבן גורם געווען צו שטאַרקן די אָרגאַניזאַציעס וואו ער איז טעטיק און די אידעאַלן, וועלכע ער דינט כסדר מיט האַרטנעקיקער איבערגעבנקייט. וואָרים אַלס צוגאָב צו זיינע זעלטענע מידות פון פריינדשאַפט און לאָיאַליטעט וואָס ער באַזיצט אין אַזאַ גרויסער שפע, איז ער אויך די פאַרקערפּערונג פון אַ מערקווירדיקער טבע, וואָס רופט זיך פרינציפּן־טריַהייט.

עס איז, אַלזאָ, דער דאָזיקער באַגאַזש, וואָס ישורין טראָגט אויף זיינע פּלייצעס פאַר די ערשטע 75 יאָר פון זיין לעבן וואָס האָט געשטאַרקט און געקרעפטיקט דעם אַרבעטער־רינג, דעם „פאָרווערטס״, און די פילע אַנדערע קערפּערשאַפטן, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק צו באַקומען זיין שטיצע. ער האָט צו די דאָזיקע קערפּערשאַפטן געבראַכט אויפריכ־טיקע ווידמונג, טיפע ערנסטקייט, וועלכע איז באַקליידט געוואָרן, ווי שוין פריער דערמאָנט, מיט די אייגנשאַפטן פון פריינדשאַפט, לאָיאַליטעט און פּרינציפּן־טריַהייט.

מען מעג אָן איבערטרייבונג באַהויפּטן, אַז עס איז געוועזן אַ דאַנק

זיין איינגעשאַפּט פון פּרינציפּן־טריישאַפט מיט אַ צומיש פון פריינדשאַפט און לאָיאַליטעט — וואָס האָט דעם אַרבעטער־רינג ניט איין מאָל געראַ־טעוועט פון אַ קריזיס וואָס האָט אים באַדראָט. ישורין איז קיינמאָל ניט געווען פון די וואַקלדיקע און שרעקעוודיקע, און עס איז די דאָזיקע מעלה פאַר וואָס די אַרבעטער־קערפּערשאַפטן, וועלכע ער האָט געדינט, זיינען פאַרבליבן פעלזן־פעסט. ישורין האָט זיך קיין מאָל ניט געלאָזט פאַנגען פון די כוואַליעס פון פּאָפּולערע לאָזונגען. ער איז טאַקע מאַנכעס־מאָל געשטאַנען אַליין, אָבער זיין אמת און זיין עקשנות זיינען געווען געבויט אויף אַזוי פיל לאָגיק און אויפריכטיקייט — אַז ער איז ניט לאַנג געווען אַליין, ווייל באַלד האָבן דאָס אויך אַנדערע איינגעזען, אַז ער, ישורין, איז געווען אויסגעהאַלטן און גערעכט.

ישורין ווייסט, אַזוי צו זאָגן, וואו אַוועקצושטעלן אַ פּינטעלע. מיט דעם מיין איך צו זאָגן, אַז ער ווערט קיין מאָל ניט פאַרגוואַלטיקט פון עמאָציעס, נאָר ער באַהערשט שטענדיק דאָס וואָס ער וויל און ער ווייסט אַלע מאָל וואוהין ער וויל גיין. מיר האָבן דאָ הויפּטזעכלעך אין זינען דעם ענין מדינת ישראל. ווען ער איז צום לעצטן מאָל געוואָרן פּרעזי־דענט פון אַרבעטער־רינג, האָט ער תיכף באַזוכט די יידישע מדינה. ער איז פון דאָרטן צוריקגעקומען מיט פּאָזיטיווע פּאָרשלאָגן צו העלפן דעם יידישן לאַנד, אָבער ער האָט אין דער זעלבער צייט אָנגעהאַלטן זיין אידעאָלאָגישע באַציאונג צו די ענינים פון נאַציאָנאַליזם, וואָס ער האָט פון זיין פריסטער יוגנט געשטיצט. דאָס זעלבע איז אויך חל אויף דער באַוועגונג פון אַן אַרבעטער־רינג היים פאַר עלטערע מיטגלידער. ער האָט זיין מיינונג און זיין שטאַנדפּונקט, גערעכט אָדער אומגערעכט, האַלט ער זיך טריי צו זיין מיינונג.

אין משך פון זיין פּרוכטבאַרן לעבן האָט ישורין געהאַלטן הויך די חשיבות פון אונדזערע יידישע קולטור־ווערטן, סיי אַלס ביבליאָגראַף און סיי אַלס שומר פון ציכטיקער אָפּהיטונג פון יידיש לשון. אין יעדן פּרט פון זיין שעפערישער אַקטיוויטעט האָט ער אַריינגעטראָגן אויפריכ־טיקייט, ערנסטקייט, פּרינציפּנקייט, פריינדשאַפט און לאָיאַליטעט.

דערפאַר טאַקע איז ישורין אַזוי באַליבט און געאַכטעט, און טאַקע צוליב דעם האָב איך דעם כבוד זיך צו באַטראַכטן אַלס איינער פון זיינע צאָלרייכע פאַרערער.

**י. פאָגעל,**
אַרבעטס־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״

# יידישע אַרבעטער־באַוועגונג באַגריסט יעפים ישורין

גענדרוקט אין „פאָרווערטס״ דעם 20סטן דעצעמבער, 1960

יעפים ישורין, געוועזענער פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג, איז געערט געוואָרן צו זיין 75 יאָריקן געבוירנטאָג ביי אַ באַנקעט, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט חברשאַפט, ליבע, און וועלכער האָט דעמאָנסטרירט דעם פאַקט, אַז דער יובילאַר האָט אַ סך חסידים און פאַרערער.

צו דעם באַנקעט, וועלכער איז פאָרגעקומען אין סטאַטלער האָטעל, ניו יאָרק, איז געקומען אַן עולם פון אַן ערך 500, וועלכער האָט מיט זיך רעפּרעזענטירט כמעט אַלע טיילן פון דער היגער אַרבעטער־רינג, קולטור און סאָציאַליסטישער משפּחה. דער פאַרשיידנאַרטיקער צוזאַמענשטעל פון דעם עולם האָט בולט באַוויזן ווי פאַרשיידנאַרטיק, ווי פילפאַרביק ס'זיינען די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, אין וועלכע דער יובילאַר איז שעפעריש און אין וועלכע ער האָט געמאַכט אַ באַשטימטן בייטראָג.

צווישן די רעדנער, וואָס האָבן באַגריסט דעם יובילאַר, זיינען געווען די פאָלגענדע: ישראל ברעסלאו, פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג, וועלכער איז געווען פאָרזיצער פון דעם צוזאַמענקום; אַלעקסאַנדער קאָהן, פאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס״; נ. כאַנין, גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג; רפאל אַבראַמאָוויטש, סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער, פּובליציסט און „פאָרווערטס״ מיטאַרבעטער, וועמעס 80 יאָריקער יובילֵיי וועט קירצלעך געפייערט ווערן; לואיס האָלענדער, וויצע־פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע און מענעדזשער פון דער דזשאָינט באָארד פון די מענער־שניידער אין ניו יאָרק; שלמה איזראַעלי, סעקרעטאַר פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין און מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, און ב. געבינער, געהילפס גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג.

צום סוף האָט ישורין באַדאַנקט פאַר דעם צוגעטיילטן כבוד און ער האָט אונטער רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן דערקלערט, אַז ער האָט ניט בדעה צו „רעטייערן״, און אַז ער וועט אין דער צוקונפט ווייטער ווידמען זיין גאַנצע ענערגיע אין אַלע טיילן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און ער וועט שענקען באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו זיין אַרבעט אַלס ביבליאָגראַף. ווי באַקאַנט גרייט ער איצט צו אַ ביבליאָגראַפישע אַרבעט וועגן י. ל. פּרץ.

צווישן די באַגריסונגען, וואָס זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן, זיינען געווען פון: הלל ראָגאָף, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״; דוד דובינסקי, פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן; דזשייקאָב ס. פּאָטאָפסקי, פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אַמעריקאַ, און פון פילע אַנדערע.

די פילע רעדנער, וואָס האָבן געגעבן אָפּשאַצונגען וועגן דעם יובי־לאַר, האָבן אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען אומפּינקט־לעך צו באַגרענעצן ישורינס עפּנטלעכע טעטיקייט בלויז צו איין קער־פּערשאַפט, הגם דער אַרבעטער־רינג איז אָן צווייפל זיין ליבלינג־קער־פּערשאַפט, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין אַל־זייטיקער אַקטיוויטעט. אָבער ניט געקוקט דערויף קען קיין אינסטיטוציע ניט באַהויפּטן, אַז זי האָט אַ „מאָנאָפּאָל" אָדער חזקה אויף אים, ווייל דאָס פעלד וואָס נעמט אַרום ישורינס טעטיקייט טראָגט אַזאַ כאַראַקטער, אַז פילע אָרגאַניזאַציעס קענען אים „קלעימען" און זאָגן, אַז ישורין „באַלאַנגט" צו זיי...

רפאל אַבראַמאָוויטש האָט געשילדערט ישורינען ווי אַן איידעלער געגאָסע, וועלכער איז מיט אַלע פעדים פון זיין וועזן אַריינגעטאָן אין די קולטור אויפגאַבן פון אונדזער באַוועגונגס קרייז. פאַרשטעלנדיק אים, האָט ברעסלאַו אונטערגעשטראָכן, אַז עס זיינען געווען די אַרבעטער־רינג מענטשן, וואָס האָבן מיט צענדליקער יאָרן צוריק אויסגעקעמפּט פאַר אים צו דערציילן דעם אמת וועגן סאָוועט־רוסלאַנד און דער קאָ־מוניסטישער פאַרפעסטונג. געגאָסע אַבראַמאָוויטש האָט אַלס מוסטער פון ישורינס איידלקייט דערציילט, אַז מיט 10 יאָר צוריק האָט ער ביי אים געבאָרגט אַ בוך, און ער, ישורין, האָט אים קיין מאָל ניט דערמאָנט דאָס אָפּצוגעבן. פאַר ישורינען, ווי אַ בוך־מענטש, איז יעדער בוך חשוב, פון דעסטוועגן האָט ער אים ניט דערקוטשעט וועגן דעם „פאַרגעסענעם בוך". צום באַנקעט האָט ער טאַקע דאָס בוך אָפּגעגעבן.

ישראל ברעסלאַו האָט אויסגעדריקט דעם סענטימענט פון אַלע אָנוועזנדע ווען ער האָט באַמערקט, אַז ישורין „טראָגט" זיינע יאָרן זייער לייכט און אַז מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן אַז ער איז 75 יאָר אַלט.

געגאָסע אַלעקסאַנדער קאַהן האָט באַצייכנט ישורינען אַלס דעם „שרייבערס שרייבער". ער טוט זיין קולטור אַרבעט מיט גרויס חשיבות, ציכטיקייט און זאָרגפעלטיקייט. דער „פאָרווערטס" מענעדזשער האָט דעם יובילאַר געוואונטשן נאָך פילע יאָרן פון פּרוכטבאַרער טעטיקייט. ווי באַ־קאַנט האָט לעצטנס געגאָסע ישורין „רעטייערט" אַלס דער „פאָרווערטס" קאַסירער. ער האָט דעם פּאָסטן אָנגעהאַלטן מיט זיין כאַראַקטעריסטישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אָפּגעהיטקייט.

נ. כאַנין האָט מיט טעמפּעראַמענט געשילדערט די שטורעם און דראַנג פּעריאָדע וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט דורכגעמאַכט און די ראָל וואָס ישורין האָט דערין געשפּילט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם טרויעריקן קאַפּיטל וואָס דער קאַמף קעגן די לינקע און קאָמוניסטן שטעלט מיט זיך פאָר. ישורין איז געווען פון די, וואָס האָבן אין די אָנ־פאַנגס־שטופן שוין באַגריפן די געפאַר וואָס דער קאָמוניסטישער מאַרש שטעלט מיט זיך פאָר און ער, ישורין, איז געשטאַנען אין די אַוואַנגאַרד־פּאָזיציעס אָפּצושטעלן דעם דאָזיקן סם־מאַרש.

לואיס האָלענדער האָט געגעבן באַטאָנונג צו דעם פאַקט, אַז ישורין

שטעלט מיט זיך פֿאַר אַן אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט. ער איז אַ מענטש פֿון הויכער קולטור. ער בויטיקט זיך ניט אין דראַמאַטישע עפֿעקטן, מחמת דעם ווייל זיין אַרבעט רעדט פֿאַר זיך. ער האָט טאַקע אַלס מוס־טער גענומען זיין באַנעמונג ביי דעם ניט לאַנג צוריק פֿאַרגעקומענעם וועלט־צוזאַמענפֿאָר פֿון „אָרט" אין לאָנדאָן. זיין שטילקייט און זיין באַ־שיידנקייט, האָט ווי שטענדיק צו אים אַרויסגערופֿן רעספּעקט.

שלמה בן ישראל האָט זיך הויפּטזעכלעך אָפּגעשטעלט וועגן ישורין אַלס אחריותפֿולער שרייבער און ביבליאָגראַף. ער האָט אים אין נאָמען פֿון דעם י. ל. פּרץ שרייבער־פֿאַראיין דערמוטיקט און געבענטשט פֿאַר זיין צושטייער צו די יידישע קולטור־אוצרות.

ב. געבינער, ווי דער סעקרעטאַר פֿון דעם יובילײ־בוך לכבוד ישורין, וועלכער וועט קירצלעך דערשיינען, האָט באַצייכנט ישורינס אַרבעט אַלס ביבליאָגראַף ווי איינער „וואָס זאַמלט די פּערל פֿון אונדזערע קולטור־ווערטן".

די רעדנער האָבן אויך אונטערגעשטראָכן, אַז ישורין אונטערשײ־דעט זיך פֿון פילע אַנדערע: ערשטנס, מיט דעם וואָס ער אַליין איז אַ ביישפּיל אויף דעם געביט פֿון אַרבעטסזאַמקייט. ווען ער איז איבער־צייגט אין דער גערעכטיקייט פֿון אַ געוויסער זאַך איז ניטאָ קיין כוח אין דער וועלט וואָס זאָל אים קענען אָפּווענדן פֿון זיין ציל. ער איז אויך באַגאַבט מיט אַ גראַדן שכל און לאָגישן קאָפּ און דעם דאָזיקן כלי־זין באַנוצט ער ווען ער איז פּעסט אַנטשלאָסן צו דערגרייכן די אויפֿגאַבן וואָס ער האָט זיך געשטעלט צו פֿאַרווירקלעכן. דערפֿאַר טאַקע וועט ער זיך קיין מאָל ניט וואַקלען און מאַכן קאָמפּראָמיסן ווען ער איז איבערצייגט, אַז דאָס וואָס ער וויל דערגרייכן איז פֿאַר דער טובה פֿון דער באַוועגונג, און עס איז טאַקע אַדאַנק דעם דאָזיקן כאַראַקטער־שטריך פֿון אינערלע־כער פעסטקייט און זעלבסט־דיסציפּלין, וואָס דער אַרבעטער־רינג איז אַרויס גאַנץ און געשטאַרקט אין זיינע פֿאַרמעסטן מיט די קאָמוניסטן און אַנדערע שעדלעכע איינפֿלוסן. צווייטנס, האָבן די רעדנער באַטאָנט: רופֿט ישורין צו זיך אַרויס רעספּעקט מיט דעם וואָס ער איז לאָיאַל צו די אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וועלכע זיינען אין איר אַקטיוו.

טאַקע וועגן די דאָזיקע כאַראַקטער־שטריכן האָט זיך ישורין אָפּגע־שטעלט אין זיין באַדאַנקונגס־רעדע. ער האָט עפֿנטלעך פּראָקלאַמירט, אַז ער וועט ווייטער גיין זיין וועג. ער האָט אין נאָמען פֿון זיין פֿרוי, מיצי, אויסגעדריקט טיפֿע אָפּשאַצונג פֿאַר דעם כבוד וואָס מען האָט אים צו־געטיילט. „איך בין טיף גערירט, האָט ער געזאָגט, אויסצוהערן די אַלע שבחים וועלכע האָבן באַשטעטיקט די וואַרעמע באַציאונג וואָס מען האָט צו מיר". אין אַ וויציקן טאָן האָט ער דערביי געזאָגט: עס איז ניט אַזוי לייכט צו הערן ווי מענטשן באַרעדן אייך... ער האָט אויך אויסגעדריקט שטאָלץ וואָס ער איז אַ ווילנער און וואָס ער שטאַמט פֿון אַ סאָציאַליס־טישער משפּחה.

**ל. פאָגעלמאַן,**
פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״

# יעפים ישורין

(צו זיין 75־יאָריקן יובילײ)

ס׳איז גוט וואָס מיר האָבן ווידער די געלעגנהייט צו שרייבן וועגן ישורינען. ערשט מיט פינף יאָר צוריק האָבן מיר אים שריפטלעך באַגריסט צו זיין 70־יאָריקן געבוירנטאָג; און איצט באַגריסן מיר אים שוין



ל. פאָגעלמאַן און יעפים ישורין

צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג; און, לאָמיר האָפן, אַז אין פינף יאָר אַרום וועלן מיר אים ווידעראַמאָל באַגריסן צו זיין 80־טן געבוירנטאָג.

ס׳איז גוט אַזוי. ס׳איז גוט פאַר ישורינען; און ס׳איז אויך גוט פאַר אונדז אַליין; ס׳איז דאָך בכלל גוט צו לעבן אויף דער וועלט, אַפילו ווען די וועלט איז נישט אַזאַ צאַצקעדיקע; און ווען מען קען באַגריסן אַ נאָענטן פריינד צו אַ נייעם יובילײ, איז עס דאָך אַ סימן, אַז מען לעבט און אַז מען פילט די פריינדשאַפט צו מענטשן און פון מענטשן. און וואָס עלטער מען ווערט, וואָס קלענער, וואָס ענגער עס ווערט דער קרייז פון פריינד, מיט וועלכע מען איז אַרומגערינגלט, אַלץ טיפער פילט מען די

פריינדשאַפט צו מענטשן און אַלץ מער שאַצט מען אָפּ די פריינדשאַפט פון אַנדערע מענטשן צו זיך אַליין.

און דער יובילאַר ישורין איז שטענדיק געווען רייך אין פריינד. די צאָל פריינד זיינע איז שטענדיק איבערגעוואָקסן די גרענעצן פון אַן ענגן קרייז. ער האָט שטענדיק געהאַט אַ סך פריינד, ניט נאָר אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, און נישט נאָר אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון אַמעריקע, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער. פונקט ווי ער האָט שטענדיק פלייסיק און געדולדיק געזאַמלט די ווערק פון יידישע שרייבער ווי אַ ביבליאָגראַף, אַזוי האָט ער שטענדיק אויך פלייסיק און סיסטעמאַטיש געזאַמלט פריינד אין לעבן; און ער האָט זיי אַנגעזאַמלט אַזוי פיל, אַז ער האָט געקענט שענקען אַ סך פון זיי אויך צו אַנדערע מענטשן, וועלכע זיינען גראָד אָרעם אין פריינד. הלוואי וואָלט מען זיך נאָר געקענט טיילן מיט אַזעלכע זאַכן!...

פון וואַנען נעמט זיך עס ישורינס מערקווירדיקע פעאיקייט צו שאַפן פריינד? ער איז, דוכט זיך, גאָרנישט פון די שטענדיקע שמייכלער, אָדער פון די, וואָס קלאַפּן אַנדערע איבער דער פּלייצע גוטברודעריש, און אויך נישט פון די, וואָס מאַכן קאָמפּלימענטן און חנפענען; פאַרקערט, ער מאַכט גאָר דעם איינדרוק פון אַ צוריקגעהאַלטענעם, מער פון אַ שווייגער ווי פון אַ ריידער, מער פון אַ מענטשן, וואָס באַטראַכט און באַרעכנט זיך איידער ער רעדט אַרויס אַ וואָרט, ווי פון אַ מענטשן, וואָס וואַרפט זיך מיט ווערטער און פראַזן; טאָ ווי קומט עס, וואָס ער האָט אַזוי פיל פריינד?

דער קוואַל פון זיין פּאָפּולאַריטעט ליגט, דוכט מיר, אין דעם, וואָס ער אַליין האָט אַן ערנסטע באַציאונג צו מענטשן; ער הערט־אויס אויפמערקזאַם וואָס איר זאָגט צו אים, ער טראַכט זיך גוט אַריין אין דעם, וואָס איר זאָגט צו אים, און ער ענטפערט אייך. דערנאָך, מיושבדיק און ערנסט; אַזוי אַז איר פילט אין זיינע געציילטע ווערטער ערנסטקייט, פאַראַנטוואָרטלעכקייט און פעסטקייט פון איבערצייגונג.

איר מוזט דעריבער רעספּעקטירן אים און אויך זיין וואָרט, אויף וועלכן איר האָט זיך פאַרלאָזן; און אַפילו ווען איר זייט מיט אים נישט איינשטימיק, מוזט איר אויך אָנערקענען, אַז דאָס איז זיין מיינונג, זיין שטעלונג, און זיין איבערצייגונג, און ער דרייט נישט מיט דער צונג אַהער־און־אַהין צו געפעלן זיין.

אַנדערע מענטשן קען אפשר נישט זיין צום האַרצן אַזאַ פעסטקייט, אַזאַ גראַדליניקייט און עקשנות, אָבער די, וואָס האָבן ליב מענטשן מיט כאַראַקטער, מיט פעסטע איבערצייגונגען און מיט אַן אייגענער שטעלונג, געפינען אין ישורינען אַ פּערזענלעכקייט, וואָס אימפּאָנירט זיי און וועמעס פריינדשאַפט זיי שאַצן־אָפּ; איבערהויפּט נאָך, אַז זיי ווייסן, אַז אויף ישורינס פריינדשאַפט קען מען זיך פאַרלאָזן.

מיר האָבן אַלע ליב פריינד לאָיאַלע, פאַרלעסלעכע און געטרייע. און ישורין קען זיין אַזאַ מין פריינד. ער קען אפשר מאַכן דעם איינדרוק פון

אַ קילן, צוריקגעהאַלטענעם מענטשן; אָבער גראָד אַזעלכע קילע, צוריק־געהאַלטענע מענטשן קענען אַ מאָל זיין מער לאָיאַל, מער פאַרלעסלעך און איבערגעגעבן אַלס פריינד ווי די, וואָס שמייכלען נאָכאַנאַנד, ווי די, וואָס דערקלערן זיך לייכט אין ליבע און וואָס קענען אייך גלייכצייטיק פאַרראַטן הינטער די פלייצעס ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

ישורין איז אַ מענטש מיט זעלבסט־ווירדע און זעלבסט־רעספעקט; און ער וועקט אויך אין אַנדערע די זעלבע געפילן פון רעספעקט צו אים. ער איז אַ „דזשענטלמען" אין אונדזער סביבה; ער איז אַ מענטש מיט גוטע מאַניערן; ער פאַראייניקט אין זיך די גוטע יידישע מידות פון אַ וועלטלעכן ייד פון ווילנע מיט די גוטע זיטן פון אַ קולטורעלן רוסיש־יידישן אינטעליגענט; ער איז אין דער אמתן אַנגעהויכט מיטן גייסט פון דריי קולטורן — פון יידישער, רוסישער און אַמעריקאַנער; און אָט די דרייענדיקע קאָמבינאַציע האָט געשאַפן אַ פיינע געשטאַלט פון יעפים ישורין, וואָס מיר שאַצן אַלע אין אַ פולער מאָס.

ער פאַרמאָגט אויך אַנדערע מעלות; אָבער זיי וועלן מיר שוין אָפּ־לייגן צו זיין 80־יאָריקן געבוירנטאָג, מיט פינף יאָר שפּעטער, ווען מיר וועלן ווידער פייערן זיינעם אַ יובילײ.

און דערווייל לאָמיר אים ווינטשן אַלדאָסגוטס צו זיין איצטיקן 75־יאָריקן יובילײ!

---

**חיים לייב פוקס**

# ווי וואָלט אויסגעזען די יידישע ביבליאָגראַפיע אָן ישורינס אַרבעטן?

ליבע און טייערע חברים!

מיטן גאַנצן האַרצן בין איך מסכים אַריינצוגיין אין קאָמיטעט פאַר ישורינען.

גלייבט מיר, אַז ער איז ווערט פיל, פיל מער, ווי לויב. איך ווייס נישט ווי אַזוי די יידישע ליטעראַטור־ביבליאָגראַפיע וואָלט אויסגעזען בזמן הזה, אין דער איצטיקער צייט, ווען נישט ישורין, וואָס היט אָפּ פון שכחה די אַלע טייערע נעמען, וואָס האָבן גרויס געמאַכט דאָס יידישע לעבן פאַר די לעצטע 100 יאָר; די אַלע טרעגער און אויפהייבער פון מענטש, וואָס איז דורך דער יידישער ליטעראַטור און געזעלשאַפטלע־כע באַוועגונגען געקומען צו דער מדרגה פון אַ גלייכן מענטש אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט בכלל.

די אַלע אידעאַלן געפּרעדיקט און אויסגעטראָגן דורך אונדזערע מנהיגים, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק אין זייערע שריפטן, היט אָפּ ווי אַ טייל פון זיין אייגן לעבן אונדזער טייערער חבר ישורין — ווי קיינער ביז אים.

**הערי פישער,**
פּאַרוואַלטער פון לאָקאַל 9 א. ל. ג. וו. יוניאָן

# יעפים ישורין האָט טריי געדינט אַלע צווייגן פון אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן

עס איז באמת פאַר מיר אַ פאַרגעניגן צו האָבן די מעגלעכקייט צו באַגריסן מיין פריינד יעפים ישורין, צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג, און אויסדריקן אָנערקענונג ווי צו אַ פאַרדינסטפולן געזעלשאַפטלעכן און קולטור־טוער.

ישורין פאַרקערפּערט מיט זיך דעם אידעאַליסטישן טוער, וואָס האָט געווידמעט צענדליקער יאָרן פון זיין לעבן לטובת אַלע צווייגן פון אונדזער יידישן אַרבעטער־ און פאָלקס־לעבן אין אַמעריקע, קיין מאָל ניט אויסנוצנדיק די באַוועגונג פאַר אייגן נוצן אָדער צוועקן.

רעדט מען וועגן אַרבעטער־רינג, מוז מען דערמאָנען ישורינס גרויסע פאַרדינסטן פאַר אונדזער אָרדן, וואו ער האָט עטלעכע מאָל פאַרנומען דעם פּרעזידענט־אַמט. זיכער דאַרף מען באַטאָנען זיינע פאַרדינסטן ביים היטן און פאַרהיטן, אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל ניט צעבראָכן און צעריסן ווערן פון שונאים און פון אַלע שטורעמס וועלן די קאָמוניסטן האָבן זיך געהאַט אויף אים פאַרלייגט.

רעדט מען וועגן דער „אָרט״ פעדעראַציע און זיין גרויסן באַדייט אין יידישן לעבן, אין העלפן איינאָרדענען יידן אויף אַ פּראָדוקטיוון אופן, דאַרף מען אוודאי דערמאָנען ישורינען מיט זיינע טעטיקייטן, באַזונדערס מיטן אַריינברענגען דעם „אָרט״ אין די יידישע אַרבעטער קרייזן.

רעדט מען וועגן „פאָרווערטס״, דאַרף מען דאָך געוויס באַטאָנען ישורינס פאַרבינדונג מיט דער גרעסטער און איינפלוסרייכסטער יידישער צייטונג אין דער וועלט.

רעדט מען וועגן דער יידישער ליטעראַטור, איז ישורין היינט־צו־טאָג דער איינציקער אָנגעזעענער ביבליאָגראַף.

ישורינס יובילייַ איז דעריבער דער יום־טוב פון אונדזער יידישן אַרבעטער־ און פאָלקס־לעבן אין אַמעריקע, ווייל אומעטום האָט ישורין צוגעטראָגן זיין חלק ווי אַ בויער און אַ שאַפער.

צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג שליס איך זיך אָן אין דער גרויסער צאָל פון זיינע פריינד און פאַרערער צו ווינטשן אים נאָך אַ סך יאָרן פון געזונט און פרוכטבאַרע טעטיקייטן.

**ל. פיינבערג**

# אַ באַגריסונג

עס איז פאַר מיר אַ גרויסע פרייד און אַ נחת־רוח צו באַגריסן מיין ליבן קאָלעגע און חבר, יעפים ישורין, צו זיין 75־יאָריקן יובל פאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט אויפן געביט פון קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט בכלל און אַלס ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור בפרט.

צו זיין אַ ביבליאָגראַף ביי די אומות־העולם איז אָפטמאָל אַ פּראָפיטאַבעלער ענין. צו זיין אַ ביבליאָגראַף ביי יידן, דאַרף מען זיין אַ ריינער אידעאַליסט.

וויל איך דאָ באַגריסן יעפים ישורינען, דעם אייביקן אידעאַליסט, און וויל אים ווינטשן, אַז ער זאָל נאָך פיל־פיל יאָרן (ביז מאה ועשרים) פאַרצייכענען די געווינסן פון דער יידישער ליטעראַטור.

---

**י. פרידלאַנד** (לאָם אַנדזשעלעס), רעדאַקטאָר פון „חשבון“

# אַ פאַרדינסטפולער קולטור־עסקן און ביבליאָגראַף

די פייערונג פון דעם פינף און זיבעציק־יאָריקן געבוירנטאָג, וואָס דער ספּעציעלער יובל־קאָמיטעט פון די פירנדע טוער ביים אַרבעטער־רינג אָרדענען איין, לכבוד דעם פאַרדינסטפולן קולטור־עסקן און וועטעראַן פונעם אַרבעטער־רינג, — יעפים ישורין, איז באמת לויבנסווערט צו באַגריסן.

ישורינס פאַרדינסטן זיינען ניט נאָר גרויסע ביים אַרבעטער־רינג און אין יידיש קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע, נייערס אַלס ערנסטער ביבליאָגראַפער, פון די שאַפער פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, איז ער מחוץ דעם גבול פון אַ באַשטימטן סעקטאָר אין יידישן קולטור־לעבן; ער האָט זיכער זיין פאַרדינטן אָרט אין מזרח־וואַנט פון די געציילטע פאַרצייכענער, לעקסיקאָגראַפער פון אונדזער אַלוועלטלעך יידיש קולטור און ליטעראַטור־שאַפער.

לייענט איר דורך זיינע ביז־איצט אָפגעדרוקטע עלף בראָשורן, מיט קאָמפּאַקטע ביבליאָגראַפיעס פון די חשובע שרייבער און דיכטער, ווי: מאַני־לייב, נחום־ברוך מינקאָוו, ב. ריווקין, הערמאַן פראַנק, דר. יעקב שאַצקי, ש. יאַנאָווסקי, אַב. קאַהאַן, שמואל ניגער, ע״ה. און זיי צו לאַנגע יאָר: מלך ראַוויטש, הלל ראָגאָף, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי און אַ צאָל צוגאָבביבליאָגראַפיעס, באַגלייט אין די ניי־דערשינענע ביכער פון שרייבער און דיכטער, דערזעט מען פאַר זיך וואָס פאַר אַ שלל מיט וויכטיקע פאָרש־אַרבעט און זאַמל־מאַטעריאַל, האָט ישורין געמוזט אויפזוכן און נאָכזוכן און ברענגען אָט די אַלע ידיעות אין אַ סדר.

ס'איז באמת אַ קאָלאָסאַלער אויפטו פון אַן אחריותפולער אַרבעט!

ביי די אומות העולם וואָלט מיט אַזאַ אַרבעט זיך פאַרנומען אַ געזעלשאַפט מיט אַ סטאַף מיטאַרבעטער. ישורין האָט עס געטאָן אַליין מיט אַ סך חשיבות, פּרעציזקייט און פּיעטעט.

אַב. קאַהאַן

# געגנאָסע ישורינס 60־יאָריקער געבוירנטאָג

## ביי זיינע „פֿאָרווערטס"־גענאָסן און זיינע ווילנער לאַנדסלייט איז דאָס אַ יום־טוב, און זיי פֿייערן דאָס מיט אַ ספּעציעלן באַנקעט. — צוויי ווילנעס, צוויי דורות. — אַ שייכות צווישן זיי.

(געשריבן צו ישורינס 60סטן געבוירנטאָג און געדרוקט אין „פֿאָרווערטס", ניו יאָרק, אָקטאָבער דעם 14טן, 1945)

יעפּים ישורין איז איינער פֿון די וויכטיקסטע פּערזאָנען אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון „פֿאָרווערטס" און פֿון אַרבעטער־רינג. ער איז באַשעפֿטיקט אין אַ העכסט־וויכטיקן אַמט אין דער ביזנעס־אָפּטיילונג פֿון



יעפּים ישורין מיט זיין לאַנדסמאַן אַב. קאַהאַן, פֿאַרשטאָרבענער רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָרווערטס", פֿאָטאָגראַפֿירט אויף דעם 65סטן יובילייִ פֿון יעפּים ישורין אין 1950

„פֿאָרווערטס" און ער גיט־אָפּ אַ סך צייט און מי דערביי. ער איז אומגעהייער פּינקטלעך און אומדערמידלעך. אַ חוץ דעם, טוט ער אַ סך טרייע אַרבעט פֿאַר דער באַוועגונג און ספּעציעל פֿאַר דעם אַרבעטער־רינג. אַלע גענאָסן פֿון די פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען האָבן דעם העכסטן רעספּעקט און ליבע צו אים. זיין אומגעהייערע באַשיידנקייט איז איינע

פון אַ גאַנצער רייע אייגנשאַפטן, וועלכע מאַכן אים ליב און טייער ביי יעדן פון אונדז.

די ווילנער לאַנדסלייט רעדן אימער וועגן זיין וואַרעמער צוגע־בונדנקייט צו זיין געבורטסשטאָט. ווי באַקאַנט, האָט ער אָן אַ שיעור אָוונטן אָפּגעגעבן אויף שרייבן און אַרויסגעבן ביכער וועגן ווילנע, וועל־כע זיינען דערשינען מיט אַ געוויסער צייט צוריק.

ווען מען זאָל בעטן ביי די ווילנער, זיי זאָלן אויסרעכענען די לאַנדס־לייט וועלכע זיינען זיי אַלעמען נאָענט און טייער, וועט געוויס ישורינס נאָמען זיין איינער פון די ערשטע, וועלכע זיי וועלן אָנרופן.

אין פאַרבינדונג מיט דעם דערמאָנט מען זיך וועגן ישורינס פילע וויכטיקע אויפטואונגען צו גונסטן פון שרייבער, וועלכע האָבן מיט זייערע שריפטן געצויגן ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו די אַלע וויכ־טיקע זאַכן, פאַר וועלכע ווילנע האָט אַ נאָמען.

ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש, אַ באַלעזענער און אַן אַנטוויקל־טער, און לעזן לעזט ער אויף דריי שפּראַכן — יידיש, רוסיש און ענג־ליש. ער לעזט און שרייבט אויף די דאָזיקע שפּראַכן מיט דער זעלבער פרייהייט און גענויקייט, מיט וועלכער מען געברויכט אַ מוטער־שפּראַך.

זיין פאָטער איז געווען אַן אַנטוויקלטער מענטש און אַ פרייגעזאָנע־נער, און אין דעם דאָזיקן גייסט האָט ער אים דערצויגן. דער פאָטער האָט גערעדט און געשריבן רוסיש אַזוי גוט ווי יידיש און העברעאיש. אַלס יינגל האָט ישורין זיין בילדונג באַקומען אין דער ווילנער באַ־טשאַלנאָיע אוטשילישטשע (אָנפאַנג־שולע), אין וועלכער די לערע איז פאָרגעקומען אויף רוסיש. דאָרטן האָט ער פאַרבראַכט ביי אַ 4 יאָר צייט.

נאָך דעם ווי געוויסן פון ספּעציעלן ישורין־קאָמיטעט האָבן מיך איינגעלאַדן צו שרייבן עטלעכע ווערטער וועגן אים, בין איך, צווישן אַנדערן, פאַראינטערעסירט געוואָרן אין דער פראַגע וועגן די צוויי וויל־נעס — די, וואָס איז אַמאָל געווען מיין היים, און די, אין וועלכער ער, ישורין איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. איך רעד דאָ וועגן די צוויי ווילנעס, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן צוויי פאַרשיידענע דורות. איצט, ווען מיר פייערן זיין 60־יאָריקן געבוירנטאָג, האָב איך אין זינען דאָס פאָל־גענדע:

ווען יעפּים ישורין איז געבוירן געוואָרן אין מיין שטאָט ווילנע, בין איך שוין אַלט געווען 25 יאָר און האָב שוין דאַן געהאַט פאַרבראַכט דריי יאָר אין ניו יאָרק. יאָ, עס האַנדלט זיך דאָ וועגן צוויי פאַרשיידענע דורות, און מיך האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט די פראַגע, ווי ווייט איך קען געפינען אַ שייכות צווישן די ביידע דורות.

וואָס מער איך האָב געטראַכט, אַלץ מער האָט איך געפונען. עט־לעכע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו גיין צוריק צו ישורינס דעסק אין „פאָרווערטס"־אָפיס, שטעלן אים פראַגן און פאַרצייכענען די אַנטוואָרטן. און איך האָב געמאַכט אַנטדעקונגען, וועלכע זיינען מיר זייער אינטערע־סאַנט.

ערשטנס, ישורינס דערציאונג אין דער „נאַטשאַלנאַיע אוטשילי־שטשע", אין דער אָנפאַנג־שולע, וואו אַלץ האָט מען געלערנט אויף רו־סיש. אַזעלכע רעגירונגס־שולן האָבן זיך געפונען אין פאַרשיידענע שטעט, און אין איינער אַזעלכער (אין וויטעבסקער גובערניע) בין איך געווען אַ לערער ביי אַכט מאָנאַטן, ביז מיין עמיגרירן פון רוסלאַנד. אַ חוץ דעם: אין ווילנע האָט די רוסישע רעגירונג געהאַט אַ 4־יאָריקן לערער־אינ־סטיטוט צוצוגרייטן לערער פאַר די דערמאָנטע אָנפאַנג־שולן פאַר יידן. דעם דאָזיקן לערער־אינסטיטוט האָב איך דורכשטודירט. איך האָב אים געענדיקט מיט אַ יאָר אומגעפער פאַר מיין אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. איינער פון די לערער, וועלכע ישורין האָט איבער זיך געהאַט אין דער דערמאָנטער „נאַטשאַלנאַיע אוטשילישטשע", האָט געהייסן לאַזאַרעוו, און אין זיינע יונגע יאָרן האָב איך אים גוט געקענט. ווען איך בין נאָך געווען אין ווילנע, האָט ער געוואוינט גאַנץ נאָענט צו דער קוואַרטיר פון מיינע עלטערן.

אין דעם געשפּרעך וואָס איך האָב איצט געהאַט מיט ישורינען וועגן דעם גאַנצן ענין, האָט ער דערמאָנט דעם פאַקט, וועלכער איז אַלע ווילנער גוט באַקאַנט, אַז לאַזאַרעוו איז געווען אַ שוואָגער פון דעם וועלט־באַרימטן יידישן סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי.

איך האָב דאָ אויבן געזאָגט אַ פּאָר ווערטער וועגן ישורינס פאָטער. רעדנדיק וועגן זיין מוטער, האָט ישורין, פאַרבייגייענדיק, געזאָגט, אַז זי איז די טאָכטער פון דעם געשעפטסמאַן באַרעל.

„באַרעל" — האָב איך איבערגעפרעגט, — „יאַנקל באַרעל?"

„יאָ, יאַנקל באַרעל", — האָט ער געענטפערט מיט אַ ביסל איבער־ראַשונג פון דעם פאַקט, אַז איך געדענק זיין ערשטן נאָמען.

דאָס איז געווען דער נאָמען פון אַ גרויסן געשעפטסמאַן אין ווילנע, צו וועמען די גאַנצע שטאָט האָט זיך באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט. שפּעטער אַביסל, ווען איך האָב געטראַכט דערפון, האָב איך זיך דער־מאָנט אָן אַ יונגנמאַן מיטן נאָמען באַרעל, וועלכער איז געווען אַ מיט־גליד פון דעם זעלבן סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָנערן פאַראיין, צו וועלכן איך האָב געהערט זייענדיק אין דער היים. ווען איך האָב זיך מיט ישורינען ווידער געזען און האָב אים איבערגעגעבן, אַז באַרעלס אַ זון איז געווען מיט מיר צוזאַמען אין דעם זעלבן סאָציאַליסטישן „קרוזשאָק", האָט ער געמאַכט אַ קאָרעקשאָן: „נישט אַ זון איז ער געווען, נאָר אַן איי ניקל".

* * *

גענאָסע ישורין איז אַן אמת־סימפּאַטישער מענטש. ער רעדט נישט צו־פיל, און דאָס וואָס ער זאָגט, מיינט ער פון טיפסטן האַרצן, און די, וועלכע הערן זיינע ווערטער, פילן דאָס. דער, וואָס שרייבט די דאָזיקע שורות, פילט פון זיין טיפסטן האַרצן אַ הויכן רעספּעקט און וואַרעמע פריינדשאַפט צו אים. ענלעכעס פילן אַלע אין אונדזער באַוועגונג.

**יאָסל קאָהן**

# דער סאָלדאַט־גענעראַל

יעפים ישורין איז הן אַ סימבאָל, הן אַ לעגענדע. זיינע טואונגען און אויפטואונגען זיינען בולט און קאָנטיק אין אויפשטייג, אויפקום און אויפבוי פון דעם יידישן ישוב, באַזונדערס אין ניו־יאָרק.

ווען ישורין וואָלט ניט געווען אין פאָדער פון אויספורעמען דעם יידישן מאָדערנעם־וועלטלעכן איינשטעל, וואָלט זיין צושטייער שטאַרק אויסגעפעלט, מחמת זיין אַקטיווקייט, אָנגעזעענדיקייט און אָנפירערשאַפט האָבן צוגעגעבן גאָר אַ סך צו דער גרייטקייט, אימפּעט און מסירת־נפש מיט וועלכע עס איז געבויט און געפורעמט געוואָרן דער ראַדיקאַל־וועלט־לעכער טייל פון אונדזער אַמעריקאַנער־יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

ישורינען האָט דער גורל צוגעטיילט אַ גאָר מזלדיקע ראָלע: ראשית, איז ער געקומען קיין אַמעריקע אין אַ רוישיקן פּעריאָד; עס איז געווען דער אָנהויב פון גרויסן שטראָם וואָס האָט געבראַכט צום נייעם לאַנד הונדערטער טויזנטער יידישע מענטשן פון דער גאָרער וועלט, באַזונדערס פון מזרח־אייראָפּע. ישורין האָט זיך תיכף פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיטן גורל פון די ניי־אָנגעקומענע; ער איז ניט געוואָרן קיין זייטיקער, צוזאַ־מען מיט זיי האָט ער דורכגעלעבט און דורכגעליטן דעם סוועט־שאָפּ, די טענעמענט־הויז, די בענקעניש און פאַרלוירנקייט פון יידישן אימיגראַנט.

יעפים ישורין האָט ניט אָנגענומען דעם צושטאַנד און די לאַגע פון דעם שטייגער וואָס האָט דערדריקט דעם אַריבערגעקומענעם. ער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם מצב, און האָט געשלאָסן אחדות מיט די וואָס האָבן געשטורעמט קעגן די עוולות וואָס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן דעם יידישן אימיגראַנט. ישורין איז געוואָרן אַ טייל פון דער מחנה וואָס האָט געוועקט דעם יידישן מענטשן און אים געזוכט צו דערהויבן און אָנווייזן אַ וועג צו אַ לעבן מיט מערער זיכערקייט און חשיבות.

יעפים ישורין האָט ניט באַקאַנט זיך מיט דער געשיכטע פון אַמע־ריקאַנער לעבן און דעם היגן יידישן ישוב, ער האָט צוגעטראָגן אַ חלק אין פורעמען די געשיכטע. ער איז געווען אַן עדות צום אויפשטייג פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם. ער איז געקומען אַהער ווען סיי דאָס לאַנד און סיי דער קאַפּיטאַליזם זיינען נאָך געווען יונג. ער האָט זיך קעגנ־געשטעלט דער אכזריות פון אַגרעסיוון אויפקומענדיקן קלאַס און איז אַוועק מיט דער חברה וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו באַשיצן דעם דערשלאָגענעם, הילפלאָזן און ברוטאַליזירטן אַמעריקאַנער אַרבעטער. אין יענער צייט איז אַזאַ פאַרבינדונג ניט געווען קיין שפּילכל, עס האָט געדראָט געפאַר פון תפיסה און די סכנה פון ווערן באַפאַלן פיזיש.

יעפים ישורין, וועלכער האָט זיך פאַרבונדן מיט די אידעאַליסטן וואָס האָבן געחלומט און זיינען טאַקע אַרויס פעכטן כדי צו דערשלאָגן זיך אַז דער גלויבן אין אַ שענערער, בעסערער און יושרדיקער געזעלשאַפט

זאָל אויפגעשטעלט ווערן, האָט אָבער זיין צייט, מי, גלויבן און אויפ־מערקזאַמקייט געבראַכט צום יידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן; זיי האָט ער ליב געהאַט מיט אַ פייערדיקער ליבשאַפט און אָט די ליבשאַפט איז נאָך קיין מאָל ניט אָפּגעשוואַכט אָדער פאַרבלאַסט געוואָרן.

טאַקע אָט די אהבה האָט עס גורם געווען אַז יעפים ישורינס צו־שטייערן זאָלן ניט נאָר זיין קאָנטיק, נאָר אָנגעזען פאַר יעדן צו באַקענען זיך און באַוואונדערן.

ישורינס ליכטיקע ליבע צום יידישן פאָלקס־מענטשן האָט אים אָפּ־געהיט פון ווערן געניזקט. ער האָט די ליבשאַפט ניט געוואָלט פאַרבייטן אויף אַ קאַריערע, און ישורין האָט באמת געהאַט די געלעגנהייט צו פאַר־זאָרגן זיך מיט גרויס רחבות און זיכערן מאַטעריעלן וואוילזיין.

יעפים ישורין איז ניט געוואָרן קיין דראָגיסט מחמת קאַריערע, נאָר כדי ער זאָל קאָנען מיט זיין וויסן דינען און באַדינען דעם יידישן אימי־גראַנטישן מענטשן. אָבער ווען די באַוועגונג, ווען די אידעאַליסטן האָבן אים גערופן איז ער תיכף געקומען פאַרנעמען זיין אָרט אין די רייען. מ׳טאָר ניט פאַרגעסן, אַז צו ווערן אין יענער צייט אַן אָנגעשטעלטער אין „פאָרווערטס" און עס פאַרבייטן פון מאַטעריעלער זיכערקייט אויף אומ־זיכערקייט, ווי עס איז דעמאָלט געווען די „פאָרווערטס"־אונטערנעמונג, איז זיכער געווען אַ גאָר גרויסער נסיון.

יעפים ישורין האָט אַלע מעלות און אפשר אויך חסרונות פון אונדזער יידישן אַמעריקאַנער מענטשן; ישורין איז סיי אַ סאָלדאַט, ער איז אין די רייען, און סיי אַ גענעראַל, אַ פירער און אַ טאָן־געבער. ער איז אַ גענעראַל מיט דער זעלבער באַשיידנקייט און עניוות ווי עס איז און עס פירט זיך אויף איינער פון די רייען, און ווען ער איז אין די רייען, פירט ער זיך ניט אויף מיט גענעראַלסקער פאַרריסנקייט.

יעפים ישורין האָט ניט באַגרענעצט זיין פאַרבינדונג מיטן יידישן לעבן נאָר דורך אָרגאַניזאַציאָנעלער און געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויקייט. ער האָט אַ סך פון זיין אינטערעס און ליבשאַפט געשענקט דער יידישער ליטעראַטור און דעם יידישן שעפערישן מענטשן.

יעפים ישורינס ביבליאָגראַפישע אויפטואונגען שטעלן אים אַוועק אויף אַ באַזונדער אָרט. די ביבליאָגראַפישע אַרבעט וואָס ער טוט מיט אַזוי פיל פינקטלעכקייט, ליבשאַפט און זאָרג, האָט ניט נאָר פאַרכאַפט די אויפמערקזאַמקייט פון יידישן שרייבער, נאָר אויך זיין אַכטונג, אָפּשאַצונג און אָנערקענונג.

אין אַ באַגריסונג־אַרטיקל קען ניט אַרומגענומען ווערן די פאַרשיידנ־אַרטיקייט און די קאָלירפולקייט פון בעל־יובל, מ׳קען נאָר אָנווייזן אויף עטלעכע מאָמענטן אין די אויפטואונגען, פאַרדינסטן און צושטייערן וואָס יעפים ישורין האָט צוגעבראַכט און געשענקט דעם יידישן מענטשן און דער יידישער וועלטלעכער געזעלשאַפטלעכקייט.

אַז מ׳ווערט אַלט 75 יאָר איז מען נאָך אַ צוציק, אַזוי זאָגן די חכמים. טאַקע דערפאַר איז באַשטימט אַז יעפים ישורין וועט זיך ניט אָפּשיידן

פון זיינע אַלע געלעגנהייטן צו מאַכן נאָך צושטייערן צום היגן יידישן ישוב, און ער וועט ניט אָפּשוואַכן זיין וואַכזאַמקייט און איבערגעגעבנקייט צום יידישן שעפערישן מענטשן און צום שעפערישן וואָרט.

ווי פאַר יעדן אויפטוער, וואַרט נאָך פאַר ישורינען אַ וועלט מיט אַרבעט. צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג דאַרפן אים אָנקומען אַלע ברכות און וואונטשן פאַר אריכת ימים ושנים וואָס זאָלן זיין רוישיק און אָנגעלאָדן מיט אימפעט און שעפערישקייט.

---

**סאָלאָמאָן קאַהאַן** (מעקסיקאָ)

# סילועטן פון אַ ביבליאָגראַף

(געווידמעט יעפים ישורין, דעם ביבליאָגראַף פאַר עקסעלאַנס)

ביבליאָגראַפיע איז אין אַ געוויסער הינזיכט ענלעך צו סטאַטיסטיק, און דאָס געמיינזאַמע צווישן דעם ביבליאָגראַף און דעם סטאַטיסטיקער איז זייער ביידענס „פּאַרליבטקייט" אין זייער אָביעקט. אָן אַ געוויסן ראָמאַנטישע געפיל צו אים, וואָלטן נישט דער ערשטער און נישט דער צווייטער געקענט פאַרטראָגן די „טרוקנקייט" פון זייער אַרבעט.

דער ביבליאָגראַף האָט אָבער בכלל אַ בעסערע מערכה פון דעם סטאַ־טיסטיקער, ווייל ער האָט צו טאָן מיט „קעפּ". צי דאָס זיינען „קעפּ" פון קירצערע אָפּהאַנדלונגען, צי דאָס זיינען „קעפּ" פון ביכער; פון דער־ציילונגען צי פון לידער, — אַרבעט ער מיט אַ מאַטעריאַל, וואָס איז מער קאָנקרעט און קען אפשר מער צינדן די פאַנטאַזיע.

ווען ער האָט פאַר זיך די אויפגאַבע צו שאַפן די ביבליאָגראַפיע פון אַ שרייבער אָדער אַ דיכטער, אין וועלכן ער איז, ווי אַ געניסער פון עסטעטישע ווערטן, „פאַרליבט" (און אַנדערש וואָלט ער דאָך אויף אַזאַ שווערע מיסיע נישט גענומען), פאַרשווינדט פאַר אים די „טרוקנקייט" פון זיין אַרבעט, און ער פילט זיך בעת דעם גאַנצן פּראָצעס פון אויפ־שטעלן זיין „העלדס" ביבליאָגראַפיע, יום־טובדיק געשטימט, ווי בעת אַ מלאכת הקודש. בעת דער גאַנצער טראַיעקטאָריע פון אָט דער אַרבעט זעט דער ביבליאָגראַף מיט זיין גייסטיקן אויג נישט נאָך די איינצלנע בוימער, נאָר טאַקע דעם גאַנצן וואַלד: די פּערזענלעכקייט פון זיין אָביעקט, געזען דורך זיין ביבליאָגראַפיע.

בלויז אַזאַ „פאַרליבטקייט" קען באַווייזן צו געבן דעם ביבליאָגראַף מוט און אויסדויער אין זיין, פון שטאַנדפּונקט פון דעם מענטשן וואָס איז נישט באַקאַנט מיט דעם מיזאַמען, אָנגעשטרענגטן ביבליאָגראַפישן זוכן און נאָכזוכן, „מאָדנער" אַרבעט, וואָס פאָדערט אַזוי פיל פּינקטלעכקייט, סיסטעמאַטישקייט, זעלבסט־דיסציפּלין און ליבע צו אָרדענונג, געפּאָרט מיט אַ באַוואוסטזיין פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט צום ביבליאָגראַפירטן מחבר.

פראָפ. מרדכי קאָסאָווער

# איך זע זיך מיט ישורינען כמעט יעדן טאָג, ניט פערזענלעך, נאָר דורך זיין „קרבן־מנחה" ספר „ווילנע"

עס איז פאַר מיר אַ גרויסער פאַרגעניגן צו באַגריסן אייך צו אייער 75־יאָריקן יובל. 75 יאָר איז ניט קיין קלייניקייט. עס רעדט זיך לייכט אַרויס, אָבער אַז מען טראַכט זיך אַריין אין דעם ציפער איז עס אַ סימן מובהק פון אריכת־ימים. דאָס אַליין איז שוין אַ פיינע דערגרייכונג, און זי ווערט נאָך מער חשוב מיט דעם וואָס מען דערמאָנט זיך, אַז איר, דער בעל־היובל, זייט שוין אַזוי פיל יאָרן אַקטיוו אין היגן יידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

איך וואָלט מיט צופרידנקייט אָנגעשריבן מער ווי עטלעכע ווערטער צו אייער יובל. אָבער צוריק געדעדט, האָב איך שוין חרטה: 75 יאָר איז עפעס ניט קיין „גלייכער" חשבון, אַמער — לאָמיר עס בעסער טאָן ווען איר וועט זיין אַ „בן שמונים לגבורה". עס וועט טאַקע זיין וואָס צו שרייבן אויך, ווייל אינצווישן וועט איר דאָך „ניט זיצן ליידיק", נאָר ווייטער אַרויסגעבן, ווי אייער שטייגער איז, נאָך ביבליאָגראַפיעס פון און וועגן יידישע שרייבער. אַז איר וועט שוין האַלטן טאַקע אָט ביי יענעם ציפער, וועלן מיר שוין, אויפן עכט־יידישן שטייגער, אייך צואווינטשן: זאָל זיין ביז הונדערט מיט צוואַנציק!

דערווייל וויל איך אייך אויסזאָגן אַ סוד. איך זע זיך מיט אייך כמעט אַלע טאָג — ניט פערזענלעך, פאַרשטייט זיך, נאָר דורך אייער „קרבן־מנחה"־ספר „ווילנע", אָט דעם בוך פון איבער טויזנט זייטן, וואָס איר האָט רעדאַקטירט, און וואָס דער ווילנער ברענטש 367 אַרבעטער־רינג האָט אַרויסגעגעבן, אין יאָר 1935. ער שטייט ביי מיר אויבן־אָן אויף דער פאָליצע ביכער וועגן ווילנע. ווער האָט דאַן געקענט אָנען אפילו, אַז דער „זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט ווילנע" זאָל בלייבן אַ מצבה נאָך אונדזער טייערער ירושלים דליטא. בלעטער איך דעם בוך „ווילנע", און איך זע ווי איר האָט דאָרט אַריינגענומען אַלע אונדזערע חשובע לאַנדסלייט, געשילדערט אַלע וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע, פאָליטישע און קולטור־באַוועגונגען, און — עס טרויערט דאָס האַרץ: ניטאָ מער אונ־דזער ווילנע...

ווילנע פאַרבינדט אונדז ביידן: אייך — דעם בעל־היובל, און מיך וואָס שרייבט די עטלעכע ווערטער צו אייך. וויל איך אייך ווינטשן איר זאָלט זוכה זיין, אַז מיר אַלע, אייערע פריינד און לאַנדסלייט, זאָלן שרייבן וועגן אייך צו אייער ווייטערדיקן יובל — ביז הונדערט מיט צוואַנציק!

בידידות, אייער בן־עיר,

מרדכי קאָסאָווער.

**בענדזשאַמין קאַפּלאַן**

פּאַרוואַלטער פון לאָקאַל 117 א. ל. ג. וו. יוניאָן

# יעפים ישורין פּערזאָניפיצירט מיט זיך די שענסטע כאַראַקטער־שטריכן פון אונדזערע באַוועגונגס־טוער

איך האָב דעם פאַרגעניגן צו באַגריסן פריינד יעפים ישורין צו זיין 75 יאָריקן געבוירנטאָג. זינט איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם אַרבעטער־רינג, באַוואונדער איך שטענדיק געניאָסע ישורינס זאַפּאַס פון אַרבעטסזאַמקייט און געטריישאַפט צו אַלץ, וואו ער האָט זיינע פרוכטבאַרע יאָרן געווידמעט. פריינד ישורין פערזאָניפיצירט מיט זיך די שענסטע כאַראַקטער־שטריכן פון אונדזערע באַוועגונגס־געניאָסן. ער האָט שטענדיק געשטעלט די אינטערעסן פון אַרבעטער־רינג העכער פון זיינע אייגענע זעלבסטזיכטיקע אינטערסן.



בענדזשאַמין קאַפּלאַן און יעפים ישורין

דערפאַר טאַקע איז ער אַזוי באַליבט. דער אַרבעטער־רינג איז אים אַ גרויסן דאַנק שולדיק פאַר איבערטראָגן פילע קריזיסן און געפאַרן. ישורין האָט, ווי אַ געטרייער סאָלדאַט, תמיד אָפּגעהיט אונדזערע פּאָזיציעס.

ער האָט אויך די זעלבע מעלה אַרויסגעוויזן אַרום אונדזער „פאָרווערטס"־באַוועגונג און אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען אַ טייל פון אונדזער משפחה־קרייז. שטענדיק איז ער אַ ביישפּיל צו אַנדערע אויף די געביטן פון איבערגעבנקייט און פּרינציפּן־טרייהייט.

צו זיין 75 יאָריקן יובילעי שליס איך זיך אָן צוזאַמען מיט די אַנדערע צו ווינטשן אים נאָך פילע יאָרן פון ווייטערן ווירקן און שאַפן צו אַלץ וואָס איז אים און אונדז אַלעמען ליב און טייער.

מזל־טוב!

ד. קריוויצקי

# יעפים ישורין

ניט פרעג דעם בוים פאַרוואָס ער וואָרצלט טיף און ברייט,
פאַרוואָס ער צווייגט, פון וואַנען קומט זיין דראַנג ?
ער איז אַזוי און פרעג אים ניט פאַרוואָס ער שפּרייט
די שאָטנס פאַרן מידן וואַנדערער אין גאַנג.

אויך ער, דער קוים־דערהערבאַרער, וואָרצלט טיף און ברייט,
און שפּרייט אַרום די רואיקייט פון אייגענעם געמיט,
און פרעג אים ניט פאַרוואָס ער טוט, פאַרוואָס ער זייט
די קערנער פאַר אַ וועלט וואָס האָט קיין קייטן ניט.

ער האָט דערהערט דעם גרויסן רוף פון פרייהייטלעכן קלאַנג,
פון די אוראַלטער בערג צום מעקסיקאַנעם גאָלף,
און האָט זיך אָפּגערופן מיט ליבע און געזאַנג
באַקעמפן דעם פאַרצוקערישן טיגער, ווילדן וואָלף.

ער האָט געהאָלפן אויפבויען דעם גרויסן פּיראַמיד,
פון רינגען אויסגעקייטלט אַ ליכט־טורעם אין נאַכט
פאַר דעם פון חשך און פון פיין אַנטלאָפענעם איד,
און אין דער פינצטערניש אים ליכטיקייט געבראַכט.

ער זאַמלט פון דער אייביקייט און טראָגט עס צו דער אייביקייט,
דאָס גרויסע קינסטלערישע וואָרט פון דעם פּאָעט,
דאָס וואָרט וואָס איז אַ דורותדיקע הייליגקייט
פון פריעסטן אַמאָל ביז אין ווייטסטן שפּעט.

ער היט דאָס קינסטלערישע וואָרט זאָל קיינמאָל ניט פאַרגיין,
אַז אייביק לעבן זאָלן די וואָס צירן אונדזער וועלט,
און צווישן זיי גייט ער אַריין אין אייביקייט אַליין,
דער מאָנומענט פאַר יענעם און זיך אַליין געשטעלט.

**יעקב ראָבערטס**

# יעפים ישורין, דער פּאָליטישער און סטראַטעגישער שומר פונעם אַרבעטער־רינג

די מערסטע איצטיקע אַקטיווע טוער אינעם אַרבעטער־רינג קענען ישורינען אַלס „טשיף" פונעם „נאַציאָנאַל־סאָציאַלן קלוב", אָדער אַלס פּאָרזיצער פונעם קאָנסטיטוציאָנס קאָמיטעט, וואָס גריבלט זיך אין יוריס־פּרודענץ און געזעצלעכקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. אַנדערע ווערן פּאַר־ציטערט ווען זיי דערהערן דעם נאָמען ישורין. ווייל זיי דענקען, אַז צוליב אים האָבן זיי ניט געהאַט די זכיה צו זיין מיטגלידער אין דער פּאַרוואַל־טונג פונעם אַרבעטער־רינג אָדער דעלעגאַטן צו די קאָנווענשאָנס פונעם אַרבעטער־רינג. אָבער זייער ווייניק טוער און מיטגלידער אינעם אַרבע־טער־רינג געדענקען אָדער ווייסן, אַז יעפים ישורין איז געווען איינער פון די ווייניקע אינטעליגענטע און פּראַקטישע אַרבעטער־רינג טוער און בויער, וואָס האָבן געשפּילט אַן אַנטשיידענע ראָל אין דעם וואוקס, אין דער אַנטוויקלונגס־פּעריאָדע פונעם אַרבעטער־רינג, אין דער צייט ווען די פיזאָגנאָמיע און דער גורל פון דער אָרגאַניזאַציע איז געהאַנגען אויפן וואָגשאָל. ס'איז געווען אַ צייט, ווען אַ ניט־געלונגענער אָדער אַ ניט־דורכגעטראַכטער שריט האָט געקענט גורם זיין צו שאַפן אַ גאַנץ אַנדער פּנים און אַ גאַנץ אַנדער פּראָגראַם פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

איך וויל דערפאַר, צו ישורינס 75סטן געבוירנטאָג, פאַרצייכענען בקיצור עטלעכע עפּיזאָדן און מאָמענטן אינעם לעבן פונעם אַרבעטער־רינג, ווי ישורינס אינטעליגענץ און פּראַקטישע עקשנות און וויזיע, האָבן ממש געראַטעוועט דעם לעבן און געזונטן עקזיסטענץ פונעם אַרבעטער־רינג.

דאָס איז געווען אין יאָר 1913, נאָך דער טרויעריקער „ווייַנטרויב אַפעיר", ביי דער פילאַדעלפיער קאָנווענשאָן. די „יונגע" באַוועגונג, און ספּעציעל די סטייט קאָמיטע אין ניו יאָרק, האָט געקראָגן די אויבערהאַנט אינעם אַרבעטער־רינג, די דאַן באַרימטע 15ער קאָמיטע, וואָס האָט פאַר חדשים אונטערזוכט דעם צושטאַנד פונעם גענעראַל אָפיס, איז באַשטאַ־נען אין אַ גרויסער צאָל פון מיטגלידער פונעם סטייט קאָמיטעט. און מיט דער מאָראַלער און פאַקטישער הילף פון אַזעלכע באַקאַנטע אינטע־ליגענטן ווי וויליאַם עדלין, מאָריס ווינטשעווסקי און דר. חיים זשיטלאָוו־סקי, האָט דער קאָמיטעט צוגעגרייט אַ ריי רעקאָמענדאַציעס און פּלענער, וואָס וואָלטן אין גאַנצן געענדערט דעם גאַנצן מעכאַניזם און צוזאַמענ־שטעל פון דער אָרגאַניזאַציע. און אַלס איינער וואָס איז געשטאַנען נאָענט אָדער אין דערמיט פונעם „יונגן קאַמף", מעג איך היינט אויסזאָגן דעם סוד, אַז ניט נאָר האָט עס זיך געהאַנדלט וועגן איבעראַנדערשן דעם אַר־בעטער־רינג, נאָר אַז עס האָט זיך אויך געהאַנדלט וועגן פּלענער צו גרינדן אַ נייע יידיש־סאָציאַליסטישע צייטונג אַלס אָפּאָזיציע צו דעם שוין

שטאַרקן און איינפלוסרייכן „פאָרווערטס״, וואָס איז געשטאַנען נאָענט און ענג פאַרבונדן מיטן אַרבעטער־רינג.

אינעם יאָר 1914 האָבן די „יונגע״ שוין געהאַט פאַרכאַפּט די מער־הייט אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פונעם אַרבעטער־רינג, און אָט־אָט האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די יונגע זיינען אינעם זאָטל, און וועלן דער־פירן זייערע פּלענער. די 14טע קאָנווענשאָן אין ניו היוואען האָט געדאַרפט זיין קאָנטראָלירט פון די יונגע, און דער פונדאַמענט פאַר אַ נייער פּעריאָדע אינעם אַרבעטער־רינג האָט געדאַרפט געלייגט ווערן. עס איז מיין ערנסטע איבערצייגונג, אַז הגם צווישן דער אַלטער גוואַרדיע זיינען געווען אַ היפּשע צאָל באַקאַנטע טוער און דורכגעטריבענע פּאָליטיקער, האָט אָבער ישורינס אינטעליגענץ, זיין קאַלטע, אויסגערעכנטע, פּראַקטישע סטראַ־טעגיע און אָנפירערשאַפט ביי דער ניו היוועגער קאָנווענשאָן, און ספּע־ציעל זיינע פּראַקטישע האַנדלונגען נאָך דער קאָנווענשאָן, האָבן גורם געווען און דערפירט אַזוי, אַז די יונגע זיינען ביי דער 15ער קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ דורכגעפאַלן מיט אַ „קנאַק״, און אַלע חלומות זייערע זיינען געבליבן צו גאָרנישט. זיכער וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו דערציילן די איינצלהייטן פון יענעם קאַמף און די מעטאָדן וואָס ישורין האָט אָנ־געווענדעט צו באַזיגן די „יונגע״, ס'וואָלט אָבער פאַרנומען צו פיל פּלאַץ. צום 80־יאָריקן געבוירנטאָג פון ישורינען וועלן מיר דאָס טאָן. איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז יעפים ישורין מעג זיך נעמען דעם קרעדיט פאַר אָפּשטעלן דעמאָלט דעם ברודער־קאַמף און איינשטעלן אָרדענונג אינעם אַרבעטער־רינג.

ס'איז אויך שווער היינט צו דערקלערן די סיסטעם פון פאַרוואַלטן מיטן אַרבעטער־רינג אין יענע יאָרן.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו־קאָמיטע האָט געדאַרפט זיין די פאַר־וואַלטונגס־קאָמיטע, וואָס האָט געזאָלט אָנפירן מיט די געשעפטן און שאַפן די פּאָליסיס פאַר דער אָרגאַניזאַציע. עס איז אָבער דאַן געווען אַ קאָנטראָל־קאָמיטע, וואָס האָט געהאַט די „וויטאָ רעכט״ איבער די באַ־שלוסן פון דער עקזעקוטיווע. יעפים ישורין איז געווען דער אָנפירנדער כוח אינעם קאָנטראָל־קאָמיטעט און ער איז געווען דער שומר, אַז אַלע הוצאות און בכלל באַשלוסן זאָלן זיין קאָרעקט און לטובת דער אָרגאַני־זאַציע. און ניט אַלע מאָל איז דאָס געווען אַ לייכטער „דזשאַב״. זייער אָפט האָט דאָס געפירט צו שטאַרקע מחלוקת און שאַרפע חילוקי דעות. ישורין איז אָבער אין די מערסטע פאַלן געווען דער געווינער, ווייל ער האָט אַלעמאָל געהאַט אַ געזונטן חוש פאַר יושר און אָרגאַניזאַציע־מעסי־קייט. ער האָט זיך אָפט געשאַפן קעגנער, אָבער ניט קיין שונאים, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז זאָגאַר דאַן ווען ער טוט איינעם ווי איז דאָס ניט פון ביזוויליקייט, נאָר פון זיין איבערצייגונג, אַז ער טוט אַ גערעכטע זאַך. דער שרייבער פון די שורות איז אין די יאָרן 1913, 1914 און 1915 געווען אַ מיטגליד און סעקרעטאַר פון דער פּרעס און עדיוקיישאָנעל קאָמיטע. און איך ווייס, אַז אונדזער קאָמיטעט וואָלט זיכער צוליב די שאַרפע

חילוקי דעות און פאַרטייאישקייט געווען באַגאַנגען אַ סך טעותן, ווען ניט די שטרענגע אויפפאַסונג און אויפזיכט מצד דער קאָנטראָל־קאָמיטע, אָדער בעסער געזאָגט, ווען ניט די שאַרף־קאָנטראָלירטע האַנט פון יעפים ישורין.

דער שרייבער פון דעם אַרטיקל איז פאַר עטלעכע יאָר געווען אַוועק פון ניו יאָרק, אין דער צייט ווען די קאָמוניסטישע מגפה האָט געפלאַקערט אויף דער יידישער גאַס און ממילא אויך אינעם אַרבעטער־רינג. אויב דער קאַמף איז געווען אַ ביטערער און אַ שווערער אין ניו יאָרק, איז ער אָבער זיכער געווען אַ סך שווערער און פיינלעכער אויף דער פּראָווינץ אין די גרעסערע שטעט פון אַמעריקע. פשוט דערפאַר, וואָס אונדזערע כוחות און פערסאָנאַל אין די פאַרשיידענע שטעט איז געווען זייער באַשרענקט. ליידער, איז דאָס אויך געווען אַ פאַקט, אַז אַ סך אינטעליגענטע באַוועגונג־טוער זיינען אַוועק צו די קאָמוניסטן. ספּעציעל איז דאָס געווען אמת אין די אַרבעטער־רינג רייען. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך דיפּלאָמאַטיע, אויסגעהאַלטנקייט, סטראַטעגישע שאַרפקייט און איבערהויפּט אַ קאַלטן שכל הישר בייצוקומען די קאָמוניסטישע וואַקכאַנאַליע.

איך בין אָפט אין יענער צייט געקומען פּנים אל פּנים מיט די פאַרשיידענע שווערע סיטואַציעס וואָס די אַרבעטער־רינג טוער האָבן געדאַרפט אַנטקעגנקומען, און איך ווייס, אַז בלויז דער שטענדיקער קאָנטאַקט פון די טוער מיט ישורינען, די אָפטע בריוו, אינפאָרמאַציע און עצות ווי אַזוי דעם קאַמף צו פירן, האָבן געהאָלפן בייקומען די שונאים און ראַטעווען דעם אַרבעטער־רינג. צו יעדער צייט ווען ס׳איז געווען שווער אויפן האַרצן אָדער ס׳האָבן זיך געוויזן סימנים פון פאַרצווייפלונג, האָט מען זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט ישורינען טעלעפאָניש, און נאָך עטלעכע מינוטן שמועסן האָט ער די טוער אַריינגעבלאָזן אַ נייע נשמה, נייעם מוט אָנצוגיין מיטן קאַמף ביז אַ זיג.

איך וואָלט געקענט פון מיין נאָטיץ־ביכל מיט זכרונות שרייבן צענדליקע זייטן וועגן יעפים ישורינס ראָל אינעם אַרבעטער־רינג און זיין ביישטייער צו דעם איינפלוס און שטאַרקייט פונעם אַרבעטער־רינג אויף דער יידישער גאַס. איך ווייס אָבער, אַז דער פּלאַץ איז באַגרענעצט. איך וויל אָבער האַרציק באַגריסן ישורינען צו זיין 75סטן געבוירנטאָג, איך וויל אים פאַרזיכערן, אַז הגם איך בין אָפט ניט געווען איינשטימיק מיט אים אין געוויסע פראַגן, און האָב צייטנווייז געפירט אַ פּאָלעמיק מיט אים דורך קאָרעספּאָנדענץ אויף אַ פריידלעכן אופן, האָב איך אָבער אַלעמאָל געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ פאַר זיינע מעשים טובים. איך ווינטש יעפים ישורין נאָך לאַנגע, געזונטע יאָרן צוזאַמען מיט זיין משפּחה. זאָל ער נאָך לאַנגע יאָרן זיין אַקטיוו און פּראָדוקטיוו אויף אַלע געביטן וואָס זיינען אים נאָענט.

מיין האַרציקע באַגריסונג!

**הלל ראָגאָף,**
רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס"

# צו מיין פריינד און קאָלעגע יעפים ישורין

ווען דער אַרבעטער־רינג וואָלט געפאָלגט דעם אַמעריקאַנער מנהג און עטאַבלירט אַ „האָל אָוו פעים" צו ערן די מיטגלידער, וואָס האָבן אַם טרייסטן געדינט און אַם מייסטן בייגעשטייערט צו זיין עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג, וואָלט יעפים ישורין זיכער דאָרט פאַרנומען אַן אָרט אין דער סאַמע ערשטער ריי. אין דער אָפיציעלער פירערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך ישורין זעלטן באַטייליקט. ער איז געזעסן עטלעכע טערמינען אין דער עקזעקוטיווע, מאַנכעסמאָל אַלס פרעזידענט. און ער



הלל ראָגאָף באַגריסט י. ישורינען צו זיין 70סטן געבוירנטאָג אין 1955.
פון רעכטס מאַדאַם ישורין

האָט, פאַרשטייט זיך, דאָרטן דורכגעפירט זיינע פליכטן און אויפגאַבן אין דער פולער מאָס. אָבער ניט אין דעם באַשטייען זיינע ריזיקע פאַרדינסטן. זיין גרויסע אַרבעט האָט ער געטאָן אין דער שטיל, הינטער די קוליסן, וואו ער איז אַלע יאָרן געשטאַנען אויף דער וואַך און געהיט, אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל ניט באַשעדיקט ווערן, ניט פיזיש און ניט גייסטיק דורך אינעווייניקסטע צעטרייסלונגען און אויסערלעכע אָנפאַלן. אויב דעם אַרבעטער־רינג איז געלונגען בייצוקומען די גאָר שווערע קריזיסן פון די לעצטע פאָר צענדליק יאָר, איז דאָס אין גרויסן טייל צו פאַרדאַנקען ישורינס אומדערמידלעכער און פעאיקער „דעפענס" סטראַטעגיע, זיין איבערגעבנקייט צום אַרבעטער־רינג און פאַרשטענדעניש פון זיינע פרינציפן און אידעאַלן.

די איצטיקע פּייערונג פאַר יעפּים ישורין ווערט אַראַנזשירט פון אַרבעטער־רינג, אָבער זי איז ניט באַגרענעצט צום אַרבעטער־רינג. אַלס פאָרשטייער פון אַרבעטער־רינג און פון „פאָרווערטס״ אַסאָסיאיישאָן האָט ישורין אָפט געדינט פאַרשיידענע אַנדערע אַרבעטער, געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען און אונטערנעמונגען.

פאַרטראָטן אין גייסט זיינען ביי דער שמחה אויך אַ באַדייטנדע צאָל יידישע שריפטשטעלער, וועלכע באַטראַכטן אים ווי אַ קאָלעגע. איך האָב אין זינען די שרייבער, פאַר וועמען ער האָט צונויפגעשטעלט ביבליאָגראַפיעס פון זייערע ווערק און פון אַלץ, וואָס איז וועגן זיי געשריבן געוואָרן. געטאָן די אַרבעט האָט ער אומזיסט, און אַפילו אָן דעם וויסן פון די שרייבער. ער האָט עס געטאָן אויס ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור און אויס פריינדשאַפט אָדער פאַרערונג פון די באַטרעפנדע שריפטשטעלער. בלויז אַ מענטש מיט אַ ליטעראַרישן געשמאַק און ליטע־ראַרישער אינטעליגענץ האָט געקאָנט אונטערנעמען און דורכפירן די אַרבעטן אַזוי גוט ווי ישורין האָט עס געטאָן.

אַלס אַ פריינד אין אַרבעטער־רינג און אַלס אַ קאָלעגע אין דער שרייבער פאַמיליע ווינטש איך ישורינען נאָך לאַנגע יאָרן פון טעטיקייטן אויףביידע געביטן.

---

**א. א. ראָבאַק** (קעימברידזש, מאַס.)

## עס וואָלט געווען אַ יושר אַרויסצוגעבן זיין י. ל. פּרץ ביבליאָגראַפיע פון איבער 11 טויזנט פּאָזיציעס

פריינד ישורינס ביבליאָגראַפישע אַרבעטן ווערן אָפּגעשאַצט פון אַלע וואָס די יידישע ליטעראַטור איז זיי טייער. אָן זיינע פאַרצייכענונגען וואָלט מען גאָרניט געוואוסט ווי ווייטלויפיק און ווי פאַרצווייגט די יידישע ליטעראַטור איז. ער באַדינט די שרייבערס, כאָטש ער וואָלט געקאָנט שרייבן פונקט ווי אַנדערע, אָבער זיין אופן איז ניצלעכער, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס קיין אַנדערע זיינען ניטאָ וואָס זאָלן זיך אָפּגעבן מיט אַזאַ אַרבעט. און ער טוט עס ניט פון אויפנאויביק, נאָר גאַנץ כוללדיק און פאַרקוקט ניט די פּאָזיציעס אַפילו אין פרעמדע שפּראַכן, און באַמיט זיך צו זיין אָביעקטיוו און נייטראַל אַפילו ווען די קוואַלן זיינען אים אידעאָ־לאָגיש ניט צום האַרצן.

מיר האָבן עטלעכע ביבליאָגראַפן, אָבער פריינד ישורין האָט פאַר־דינט צו שטיין בראש, אַפילו ווען ער איז ווייניקער געשולט פון אַ פּאָר אַנדערע, מחמת ער לייגט אַריין אין דער אַרבעט זיין געטריישאַפט צו דער זאַך.

עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז מען זאָל שאַפן די מיטלען אַרויסצו־געבן זיין פּרץ־ביבליאָגראַפיע פון אַרום 7000 פּאָזיציעס. לאָמיר האָפן, אַז דאָס וועט געשען אין גיכן, און אַז דאָס וועט אים געבן די כוחות אָנצו־גיין מיט זיינע פאַרצייכענישן — יאָרן־לאַנג.

מלך ראַוויטש (מאָנטרעאָל)

# דער ברידערלעכער באַגלייטער פון דער יידישער ליטעראַטור

מיר לעבן אין אַ וועלט, וואָס איז פול, אפשר אַביסל צופיל מיט אָנפירונג. מיר לעבן אין אַ וועלט פול מיט אַמביציעזע מענטשן, וואָס רייסן זיך צו די ערשטע פּאָזיציעס און ווילן פירן, פירן. זיי זאָלן פירן און אַנדערע זאָלן נאָכגיין. אַוודאי דאַרף די וועלט אַביסל אָנפירונג אויך, אָבער מיר האָבן פון דעם צופיל, ווייל פון אָנפירונג ביז פירונג, און פון אָנפירער ביז פירער איז געפערלעך נאָענט. נאָר לאָמיר צוגיין צו אונדזער טעמע. און אונדזער טעמע איז: יעפים ישורין — דער ברידערלעכער באַגלייטער פון דער יידישער ליטעראַטור.

מיר ווייסן, אַז ישורין — אונדזער ישורין — איז געוועזן און איז טעטיק אויף אַ סך געזעלשאַפטלעכע יידישע געביטן — לאָמיר אָנרופן נאָר דריי אינסטיטוציעס: אַרבעטער־רינג, ווילנער לאַנדסמאַנשאַפטן, „פאָרווערטס". און וועגן אָט די געביטן — און אומעטום האָט ער גע־שטרעבט צו זיין, לויט זיין כאַראַקטער, מער ברידערלעכער, ליבעפולער באַגלייטער ווי אָנפירער — וועלן אַנדערע שרייבן אין דעם יובל־בוך, וואָס האָבן ישורינען מער געקענט אויף אָט די וועגן פון זיין טעטיקייט. מיר וועלן שרייבן וועגן דעם ברידערלעכן באַגלייטער פון דער יידישער ליטעראַטור.

יעפים ישורין — דער ביבליאָגראַף.

ווען און וואו איז ישורינען געקומען דער איינפאַל צו זיין דער ביבליאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור — ווייס איך נישט. סיי ווי איז גוט, וואָס דער איינפאַל איז געקומען צו ישורינען, ווייל ער האָט, חוץ אַלע טעכנישע מעלות, געהאַט אין זיך די גרעסטע מעלה, וואָס איז נייטיק אין אַזאַ אַרבעט: חברישע ליבשאַפט, אויסדויער און געדולד. ער האָט עס אָן אַ מאָס.

ביי אַנדערע אַרבעטן זעען זיך די רעזולטאַטן באַלד. נישט אַזוי איז עס אויפן געביט פון ביבליאָגראַפיע. דאָ מוז מען האָבן די געדולד פון אַ גערטנער, וואָס פאַרזעצט אַ בוים... עס האָט לאַנג געדויערט ביז עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין דרוק — צוערשט אין צייטשריפטן און זאַמלביכער — ישורינס ביבליאָגראַפיעס, און שפּעטער אין באַזונ־דערע בראָשורן.

אָבער אַז די ישורין־ביבליאָגראַפיעס האָבן זיך איין מאָל אָנגעהויבן צו באַווייזן, האָט מען זיך אַזוי צוגעוואוינט צו זיי, אַז זיי באַגלייטן שוין היינט־צו־טאָג כמעט יעדער אויסגאַבע פון אַ יידיש בוך, וואָס האָט אַ זאַמל־כאַראַקטער, אַ כאַראַקטער פון אַ דעפיניטיווער אויסגאַבע.

אָט־אָ די ביבליאָגראַפיעס ציילן שוין אין די צענדלינקער היינט און וועלן ציילן אין די הונדערטער — מאָרגן. ישורין האָט זיך ספּעציאַ־

ליזירט אויף איין געביט: ער האָט פאַרצייכנט בעיקר נישט די שריפטן גופא פון אַ געגעבענעם מחבר, און נייערט די אַרטיקלען — און אָפטמאָל אַפּילו נאָטיצן — וואָס זיינען וועגן אים געשריבן געוואָרן. אַזאַ יחידישע ביבליאָגראַפיע איז ממש אַ זילבערנער שליסל אָפט צום ווערק פון אַ שרייבער. עס באַנוצן זיך מיט אָט די שליסלען די קריטיקער, וואָס שרייבן וועגן די באַטרעפנדיקע מחברים. אָבער וואָס עס איז נאָך וויכטיקער פון אַלץ — אַלע די ביבליאָגראַפיעס צוזאַמען וועלן זיין דער גאָלדענער שליסל צום גאַנצן גאָרטן פון דער יידישער ליטעראַטור, ווען עס וועט אַמאָל — פון אַ יחיד, אָדער פון אַ קאָלעגיום — געשריבן ווערן די גרויסע געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

ערשט דעמאָלט וועט מען דערשאַצן אין דער פולער מאָס די אַרבעט און דעם אויפטו פון יעפים ישורין אויף דעם געביט.

נישט אַלע ישורין־ביבליאָגראַפיעס זיינען דערשינען אין באַזונדערע אויסגאַבעס, אָדער אַפילו אין צייטשריפטן, זיי זיינען אָבער דאָ אין דעם אוצר פון דעם אַרכיוו פון יעפים ישורין — דעם ברידערלעכן באַגלייטער. אָט איז אונדז, למשל, באַקאַנט, אַז די גרויסע ביבליאָגראַפיעס פון י. ל. פּרץ און שלום אַש, וואָס האַלטן טויזנטער איינסן, זיינען נאָך נישט אַרויס. זייער צייט וועט אָבער קומען. קיין אַרבעט, געטאָן מיט ליבשאַפט, ווערט סוף כל סוף נישט פאַרלוירן — און מכל שכן אַזאַ אַרבעט, וואָס האָט אַ קולטור־נאַציאָנאַלן באַטייט.

מאָנטרעאָל, סעפּטעמבער, 1960

---

**י. ראַפּאָפּאָרט** (מעלבורן)

# ביבליאָגראַפיע איז די אומדאַנקבאַרסטע ליטעראַרישע אַרבעט אין אונדזער אומדאַנקבאַרער יידישער ליטעראַטור

צום 75 יאָריקן כשר־פאַרדינטן יובילײ פון יעפים ישורין, דעם אומדערמידלעכן קולטור־געזעלשאַפטלעכן טוער, באַרימטן ביבליאָגראַף און האַרציקן פריינד, שיק איך אים מיינע האַרציקסטע באַגריסונגען און בעסטע וואונטשן.

מיר ווייסן אַלע (און דער יובילאַר ווייס דאָך דאָס געוויס), אַז די אומדאַנקבאַרסטע ליטעראַרישע אַרבעט אין אונדזער אומדאַנקבאַרער ליטעראַטור, איז די אַרבעט פון ביבליאָגראַף. אויב יעדער שרייבער ביי אונדז מוז זיין אַרבעט טאָן לשמה, אָן האָפענונג אויף שכר, מוז דאָס דער ביבליאָגראַף ביי אונדז טאָן צענפאַך, ווייל נאָר אין זיין אַרבעט, וואָס ער האָט ליב און ער ווייס איר וויכטיקייט, קאָן ער געפינען באַפרידיקונג און באַלוינונג. איך ווינטש פריינד יעפים ישורין ער זאָל נאָך לאַנגע יאָרן טאָן זיין וויכטיקע אַרבעט לשמה, ווי ער טוט דאָס ביז איצט.

**כי לכך נוצרת!**

ל. ראָזאָף,
רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „זיין"

# יעפים ישורין

(אַ פּען־שטריך)

אַ יעדעס מאָל, ווען כ'פלעג ברענגען אין „פאָרווערטס" די פערטל־יאָר שריפט „זיין" פאַר ישורינען, איז ער געזעסן ביי זיין דעסק פאַרטיפט אין זיין טעכנישער אַרבעט און ערנסט פאַרטראַכט, ווי אין אַנדערע עולמות.

אַ מאָל פלעג איך אים זען אַרונטערגיין די „פאָרווערטס" טרעפּ. כ'האָב געקוקט אויף אים מיט פאַרוואונדערטן אויפמערקזאַם. ישורין מיט פעסטע טריט, אַ נידעריקער, פון מיטעלן וואוקס אָבער מיט צוויי לאַנגע הענט ווי באַשערט אומאַרמען דעם חשבון פון יידישע שרייבער און דער ליטעראַטור.

ביי יאַנקאָוויטשן אין בוך־געשעפט פלעגט ישורין ערנסט און פאַר־טראַכט נישטערן אין יידישע פעריאָדיקס. אָפּט האָט אַ פריילעכער שמייכל אָפּגעווישט דעם ערנסט פון זיין פנים און די רעכטע האַנט זיך אַראָגעלאָזט טיף אין קעשענע. ישורין פלעגט צוריק צו זיין אַרבעט אַוועק אַ גרינגער, אַ פלינקער, ווי מיט דער פרייד פון אַ ווילדער מציאה.

מיט עטלעכע חדשים צוריק האָב איך שוין ישורינען אין „פאָר־ווערטס" ניט געטראָפן — ער האָט זיך שוין צוריקגעצויגן פון דער אַר־בעט — האָט מען מיר געזאָגט. מיר האָט זיך קוים געגלייבט, אַז ער איז שוין פינף און זעכציק יאָר.

היינט ליגט פאַר מיר אַ מעלדונג און אַן איינלאַדונג צו באַטייליקן זיך אינעם — יעפים ישורין יובל־קאָמיטעט.

פון דער מעלדונג געפין איך אויס, אַז דער בעל־היובל איז שוין, ביז הונדערט און צוואַנציק, פינף און זיבעציק יאָר. ניט אַנדערש, אַז די יידישע ליטעראַטור צאָלט איר רעגיסטראַר, פאַר זיין וויכטיקער, אומ־דערמידלעכער אַרבעט, — מיט אריכת ימים.

---

יוסף רובינשטיין

# ישורין האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ביבליאָגראַפיע

מיט אַ באַזונדער צופרידנקייט באַגריס איך מיין חשובן פריינד, יעפים ישורין, צו זיין 75 יאָריקן יובילעי און ווינטש אים פון גאַנצן האַרצן נאָך אַ סך געזונטע און שעפערישע יאָרן.

איך שליס זיך געדן אָן צו די פּילצאָליקע אויסדרוקן פון אָנערקע־נונג צו אים פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכ־קייט און באַזונדערס פאַר זיינע גרויסע אויפטואונגען אויפן געביט פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע.

שמואל ראָזשאַנסקי (בוענאָס איירעס)

# יעפּים ישורין דער ביבליאָגראַף — אַן אידעאַליסטישער מעצענאַט

מעצענאַטן זיינען על פּי רוב איינגעבעטענע בעלי־טובהניקעס. זיי שטיצן אַרבעטן, וואָס אַנדערע האָבן פאַרטראַכט. ס'איז פיין פון זייער זייט, אויב זיי מישן זיך ניט צופיל און גיבן דאָס געלט בכבודיק. און מען לויבט זיי פאַר שטיצן פרעמדע איניציאַטיוועס, אַפילו ווען זיי האָבן נישט פאַר זיי קיין איבערלעכע באַציאונג, פאַרשטענדעניש, באַדערפעניש.

ווי־זשע און וויפל־זשע קומט צו לויבן און דאַנקען אַזאַ מעצענאַט, וועלכער איז גאָר אַליין דער איניציאַטאָר און דער פינאַנצירער פון אַן אַרבעט, וועלכע דאַרף געטאָן ווערן פון אַן אינסטיטוציע, און ער גיט זיך צו איר אָפּ מיט אַ זעלטענעם אידעאַליזם ?

יעפּים ישורין איז אַזאַ אידעאַליסטישער מעצענאַט אויפן פעלד פון יידישער ביבליאָגראַפיע. אין דער שטיל האָט ער אַ סך יאָרן געזאַמלט און געטאָן אַרבעטן, וואָס באַרופענע אינסטיטוטן האָבן נישט געטאָן. מיט אייגענע מיטלען. זוכנדיק. נאָכשפּירנדיק. רעגיסטרירנדיק. מיפּול. אומ־דערמידלעך. האַרעווענדיק.

וואו האָט ער גענומען פאַר דעם צייט ? אַזוי פיל צייט ? אַז בסך־הכּל איז ער כּל ימיו געווען געצוואונגען אַוועקצוגעבן דעם גאַנצן אַרבעטס־טאָג פאַר גאָר עפּעס אַנדערש (הגם אין אַ צייטונג) און נאָך דער שטעלע האָט אים פאַרשלונגען געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ווי־זשע, און טאַקע ווי־זשע, האָט יעפּים ישורין געקענט און באַוויזן אָפּצוטאָן און אויפצוטאָן אַזוי פיל פאַר דער יידישער ביבליאָגראַפיע ?

מער ווי קשיא איז דאָס אַ חידוש. נישט אַנדערש, אַז ביבליאָגראַפיע איז ביי ישורינען געווען, און איז, דאָס סאַמע וויכטיקסטע פון זיין אויפ־טועריש לעבן. די אידייע באַגלייט אים אויף אַלע וועגן. וואו ער איז געגאַנגען און וואָס ער האָט געטאָן — האָט ער זי געהאַט אין זינען. איז אַלץ, וואָס האָט זיך געמאַכט און אונטערגעקומען, אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט אויסניצן פאַר ביבליאָגראַפיע ביים אָפּגעבן זיך פאַר אַנדערע אַרבעטן און פליכטן, פון אים אויסגענוצט געוואָרן. טיכטיק. געשיקט. מיטן קלאָרן באַוואוסטזיין. שטענדיק פליכטגרייט. דיסציפּלינירנדיק זיך מיט וואונדערלעכער פּינקטלעכקייט. כאָטש נישט אַרויס פון אַקאַדעמיע. כאָטש אָן דער צוגרייטונג פון אַ ספּעציאַליטעט. כאָטש אימפּראָוויזירנדיק. כאָטש אָדער ווייל עס וועגט ביי ישורינען אַריבער די עמאָציאָנעלע באַציאונג. כאָטש אָדער ווייל ער ווערט נישט געפירט פון דער „טרוקן" וויסנשאַפטלעכער קאָנצעפּציע פאַר ביבליאָגראַפיע.

דאָס איז די ליבשאַפט צו אונדזער פאַלקסטימלעכקייט און שעפע־רישקייט די טרייבקראַפט אין יעפּים ישורינען אָפּצוגעבן זיך מיט לייב און לעבן צו ביבליאָגראַפיע.

ווי שווער עס איז דאָס דאָזיקע געביט, קען מען אילוסטרירן צום בעסטן מיט דעם 10טן און צום באַדויערן ביז איצט איינציקן באַנד „ביב־ליאָגראַפּישע יאָרביכער פון ייוו"אָ" (פּ׳ „קולטור־ליגע", וואַרשע 1928), וואָס באַציט זיך דער עיקר צום יאָר 1926, האַלט אַ קנאַפּע פינפהונדערט זייטן, אין צוויי קאָלומס ס׳רוב, מיט פּעטיט־שריפט דערצו, און פון דעסטוועגן זיינען זייער אַ סך פאַקטן נישטאָ אין דעם יאָרבוך פאַר ביב־ליאָגראַפיע, זיכער נישט דערגאַנגען צו דער ייוו"אָ־צענטראַלע. נישט אויפגעכאַפּט אַפילו פון אַזאַ אומפאַרגלייכלעכן נאָכשפּירער פון דער יידי־שער וועלט־פּרעסע און זשורנאַלן ווי ס׳איז געווען זלמן רייזען, וועלכער איז אי געשטאַנען ביי דער ייוו"אָ־אָנפירונג אי רעדאַקטירט אַ טעגלעכע צייטונג און באַקומען (אַזוי האָט עס באַדאַרפט הייסן) „אַלץ". מ׳זאָל אָבער זיין מיט טויזנט קעפּ איז נישט מעגלעך אַלץ אַרומנעמען, אַלץ דערזען, אַלץ פאַררעגיסטרירן.

יעפים ישורינס לײדנשאַפט אין זיין גוואַלדיקער אַרבעט פאַר ביב־ליאָגראַפיע איז אָבער גענערט פון אַזאַ אידעאַליזם און אינטואיטיווער סאָלידקייט, אַז דער קלענסטער פּרט קען אים פאַרכאַפּן און האַלטן גע־שפּאַנט נישט ווייניקער ווי אַ גרויסער ענין. און דאָס איז אין תוך אַ וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג.

דער 75יאָריקער יעפים ישורין קען דינען פאַר גאַר־יונגע פון אונדז ווי אַ ביישפּיל פון פּינקטלעכקייט און דרך־ארץ. ווי אַ וואָרט איז הייליק. ווי מ׳טאָר נישט לאָזן יענעם וואַרטן אויף אַן ענטפער. היינט איז היינט און מאָרגן איז מאָרגן.

ווי אַ וואָרטפּולער בייטראָגער פאַר די מוסטערווערק פון דער יידי־שער ליטעראַטור, אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון יוסף ליפשיץ־פאָנד, דורך זיינע ביבליאָגראַפיעס בין איך נישט איין מאָל נשתומם געוואָרן פון דער הויכער מדרגה פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט און וואונדערלעכער איבערגעגעבנקייט, וואָס יעפים ישורין האָט אַרויסגעוויזן. טאָמער איז געווען די קלענסטע אָנמערקונג וועגן אַ נומער אין דער ביבליאָגראַפיע, איז איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, איז שוין אָנגעקומען פון פריינד ישורינען אַ תשובה מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַ רעזולטאַט פון נאָכפרעגן, נאָכקוקן, איבערשרייבן, קאָנטראָלירן. טאָמער געווען אַ ספק, ווי עס זיינען די טראַנסקריפּציעס פון געוויסע ווערטער, נעמען, און ער האָט נישט געהאַט קיין שרייבמאַשין, האָט פריינד ישורין אַ מין פעדער און טינט, ווי כינעזישע טינט, און שרייבט קידוש־לבנהדיק און קאַליגראַפיש נאָר ווי צו מאַכן אַ קלישע און אָפּדרוקן... ישורינס אַ בריוו מיט האַנט־שריפט קען מען דערפאַר דערקענען „אַ מייל די וויַיט".

יעפים ישורין פאַרלאָזט זיך אָבער נישט בלויז אויף זיין אייגענער צייט. ווי קען אַ מענטש איינער אַליין אַזוי פיל זאַכן: פאַרצייכענונגען, רעגיסטראַציעס, אָפּשריפטן און קאָנסולטאַציעס מאַכן? צייט ער צו טעכ־נישע מיטהעלפערס. שטיל און טיכטיק גייט ער מיט דעם אָן אַ סך יאָרן. כ׳ווייס ביט געגנוי ווי און וואָס ער טוט אין דעם זין, אָבער ער טוט עס,

ווייל נאָר אַ דאַנק דעם האָט ער געקאָנט באַווייזן אויפצוזאַמלען הונדער־טער טויזנטער פאַרצייכענונגען וועגן אָן אַ שיעור שרייבערס פון דער יידישער ליטעראַטור. בלי שום ספק באַצאָלט ער פאַר דער דאָזיקער טעכ־נישער הילף. פריינד ישורין האָט אָבער קיין מאָל וועגן דעם נישט איבער־גערעדט. שאַ, שטיל, ווי ס׳וואָלט געווען זיין חוב צו פינאַנצירן די רי־זיקע אַרבעט פאַר ביבליאָגראַפיע, וואָס וואָלט מסתמא אָפּגעקאָסט זייער אַ סך געלט, און אַזוי ווי פאַר אָט־דעם צוועק וואָלט מסתמא דאָס געלט נישט געווען אין אונדזערע באַרופענע אינסטיטוטן, וואָלט דאָס אין גאַנצן נישט געטאָן געוואָרן...

דער אידעאַליסט ישורין טוט דעריבער מיט זיין מעצענאַטישקייט זייער אַ וויכטיקע אַרבעט, וועלכע וואָלט נישט געטאָן געוואָרן, ווען ער וואָלט זי נישט געטאָן אין דער קרבנות־פולער פאָרעם ווי ער טוט זי. מ׳וואָלט טויזנט מאָל איבערגעחזרט „צום באַדויערן" און מ׳וואָלט זי נישט געטאָן...

מיר דאַרפן זיך דעריבער פרייען מיט יעפים ישורינס יובילעי ווי מיט אונדזער געזונט.

ווינטשנדיק אים, ווינטשן מיר זיך.

---

**שלמה ראָזענבערג**

# יעפים ישורין

(אַ קליין בילדל)

דער נאָמען יעפים ישורין איז מיר נאָך באַקאַנט געווען אויף יענער זייט ים, און געהערט צום ערשטן מאָל דעם דאָזיקן נאָמען האָב איך פון שלום אַש ז״ל.

עס איז דערמיט פאַרבונדן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע:

פאַר קיינעם איז קיין סוד נישט, אַז שלום אַש איז פון די פריסטע יאָרן אָן זיינע געווען אַ קאָנטראָווערסאַלע פּערזאָן, און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ האַנט און אַ פּוס האָט אים ביי אַ געלעגנהייט אַ שטורכע געטאָן.

צום מיינסטן זיינען אים אָבער דערגאַנגען די יאָרן זיינע אייגענע קאָלעגן־שרייבער. צי דאָס איז געווען אויס קנאה אָדער עפּעס אַנדערש, איז איצטער נישט וויכטיק. וויכטיק איז אָבער, אַז אַש איז אַרומגעגאַנגען צוליב דעם שטאַרק פאַרביטערט, און דער עיקר — וואָס מ׳האָט אים, אים דעם גרעסטן פּראָזע־מייסטער אויף יידיש, באַשולדיקט אַז ער האָט פאַר־ראַטן יידיש, ער קען נישט קיין יידיש און האָט נישט ליב די יידישע שפּראַך, און אַזוי ווייטער...

האָב איך, אַלס אַשס סעקרעטאַר, משפּיע געווען אויף אים, אַז ער זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַרויסקומען מיט אַ שאַרפן ענטפער. אַזוי

אַרום איז געבוירן געוואָרן זיין באַרימט אַרטיקל „אַראָפּגערעדט פון האַרץ". דאָס דאָזיקע אַרטיקל האָט אַרויסגערופן צווישן דעם עולם שריי־בער אַ גרויס גערודער. ש. ניגער האָט אין „טאָג" אָנגעשריבן צוויי ריי־זיקע אַרטיקלען. אַלס באַזינגער פון אַשס טאַלאַנט, האָט ער זיך אָנגענומען פאַר דעם כבוד זיינעם.

אַש איז אין יענער צייט, אין 1937, געפאָרן קיין אַמעריקע צום 40־יאָריקן יובילײ פון „פאָרווערטס". אין אַמעריקע האָט אים דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", אַב. קאַהאַן, געזאָלט פריינדלעך אויסמוסרן, הלמאי ער האָט דעם אַרטיקל אָנגעשריבן. „עס פּאַסט גאָרנישט פאַר שלום אַשן, עס איז נישט לפי כבודו אַוועקצושטעלן זיך אויסטענהן מי די האָלעדרי־געס!..."

אָט אַזוי אומגעפּער האָט מיר אַש איבערגעגעבן. אַש איז אָבער צוריקגעקומען פון אַמעריקע אַן אָנגעבלאָזענער אויף מיר. ער האָט זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו מיר, פאַרוואָס איך האָב אים צוגערעדט אָנצושרייבן דאָס אַרטיקל „אַראָפּגערעדט פון האַרץ". ער האָט מיר פאַרגעוואָרפן, אַז איך גיב אים שלעכטע עצות און דערצו צווינג איך נאָך אויף אים אַרויף מיינע עצות, ער זאָל זיי אויספירן.

— זעט איר, אין „פאָרווערטס" — האָט אַש צו מיר געטענהט מיט כעס — האָב איך אַ גוטן פּראַאַנט, יעפים ישורין, ער איז מיר אַן אמתער פּראַאַנט. ער וואָלט מיך צו אַזעלכעס נישט צוגערעדט. און אַ חוץ דעם, היט ער מיך אָפּ ווי נאָר אַ פּראַאַנט קאָן אָפּהיטן. ער שיקט מיר צו אַלע צייטונגס־אויסשניטן וואָס מען שראַאַבט וועגן מיר, און איר האָט דאָס דאָס אַפילו נישט אין זינען!...

דער נאָמען פון יעפים ישורין איז צוליב דעם דעמאָלטדיקן כעס פון שלום אַשן מיר שטאַרק אַריין אין זכרון, און איך האָב פון ווייטנס נאָך, איידער ס'האָט זיך מיר נאָך אַפילו געחלומט צו קומען אַמאָל קיין אַמעריקע, געפילט צו יעפים ישורינען אַ געוויסע נאָענטקייט. און איך האָב אים זייער געוואָלט קענען־לערנען. איך האָב אים באַטראַכט ווי אַ שטילן שותף צו מיין אינטימער פריינדשאַפט צו שלום אַשן, וועמען איך האָב באמת פאַרערט סיי אַלס גרויסן יידישן שרייבער און סיי אַלס פריינד — נישט געקוקט אויף זיינע אָפטע כעס־אויסברוכן בעת אונדזער צוזאַ־מענאַרבעט.

ווען כ'בין אין 1941 אָנגעקומען קיין אַמעריקע און צום ערשטן מאָל דערזען דעם פריינד יעפים ישורין זיצן אין זיין אָפּגעצוימטער אָפּטיילונג אונטן אין דער „פאָרווערטס"־געביידע, האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס שלום אַש האָט אים אַזוי ליב געהאַט און גערעדט וועגן אים מיט גרויס פריינדשאַפט און רעספּעקט.

אָבער איך וועל דאָ איצט דערציילן אַ שטיקל סוד: כ'ווייס נישט פאַרוואָס און פאַרוועןְ — מסתמא צוליב עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש — בין איך אַ ביסל אָנגעצויגן געוואָרן אויף דעם האַרציקן יעפים ישורין און איך האָב זיך דערווייטערט, אויסגעמיטן אים צו באַגעגענען. דאָס איז

געווען די צייט ווען ער איז געווען פרעזידענט פון אַרבעטער־רינג. איך האָב אים אויף איסט בראָדוויי עטלעכע מאָל באַגריסט, און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער איז עפּעס אָנגעברוגזט אויף מיר. איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס, אָבער איך האָב אים אָנגעהויבן שטילערהייט אויסצומיידן.

ווען איך האָב אָנגעהויבן שרייבן מיין בוך „שלום אַש פון דער נאָענט" און געדאַרפט האָבן געוויסע מאַטעריאַלן וועגן שלום אַשן, איז ווער נאָך אַזאַ בקי אין ענין שלום אַש, ווי יעפּים ישורין!...

בין איך אַריין צו אים אין זיין אָפּגעצוימטער אָפּטיילונג אין ביוראָ פון „פאָרווערטס" און אים פאָרגעלייגט מיין בקשה. האָט ער מיין בקשה געענוג־געטאָן מיט אַזאַ פריינדשאַפט און איבערגעגעבנקייט, ער האָט אַפילו אַריינגעלייגט אַרבעט (ער האָט דאָך געדאַרפט די אַלע מאַטעריאַלן איבערשרייבן!) און בתשואות־חן מיר דאָס געגעבן. איך האָב ממש גע־פילט, ווי ער האָט גרויס הנאה פון דער טובה וואָס ער טוט מיר, און איך האָב מיך פאַרשעמט פאַר די אַלע טעג, וואָס איך האָב געטראַכט וועגן אים שלעכטס... געמיינט בטעות אַז ער ברוגזט זיך אויף מיר. יעפּים ישורין קאָן זיך גאָרנישט ברוגזן אויף אַ מענטש. ער איז די גוטסקייט און תמימותדיקייט אַליין. ווי קאָן אַ מענטש מיט אַזאַ שעמעוודיקן בליק אין זיינע אויגן ברוגזן און זיין בייז אויף עמעצן?!... און איך האָב זינט יענעם טאָג אָנגעהויבן יעפּים ישורינען ליב צו האָבן און פאַרערן. ער איז מיר נאָך נענטער געוואָרן, ווי דעמאָלט ווען איך בין נאָך געווען אויף יענער זייט ים און געפילט אין אים אַ שטילן שותף צו מיר. און כאָטש זיין אויסטערלישער צונויפגעפּאָרטער נאָמען „יעפּים", וואָס איז רו־סיש און „ישורין", וואָס איז העברעאיש, האָט מיר דעמאָלט געקלונגען פרעמד און מאָדנע, קלינגט ער מיר היינט אַזוי היימיש ווי דער צונויפ־געפּאָרטער נאָמען „שלום אַש"!...

איך ווינטש אים (און מיר אַליין אויך...), מיר זאָלן פייערן זיין 100־יאָריקן געבוירנטאָג, וואָס איז דאָך גאָרנישט אַזוי ווייט, סך הכל 25 יאָר!...

משה רובינשטיין (מעקסיקע)

# דער זעלביקער ישורין

עס איז אַ חיות צו פייערן דעם 75־יאָריקן געבוירנטאָג פון דעם חשובן פריינד, יעפים ישורין, איינעם פון די אַריסטאָקראַטן פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג.

— וואָס קען איך, אני הקטן, צוגעבן צו דעם, וואָס איך האָב גע־שריבן וועגן דעם ליבן יובילאַר מיט פינף יאָר צוריק, אינעם יובילײ־בוך צו זיין דאַמאָלטדיקן ווערן אַ בן־שבעים.

— בלויז דאָס, אַז במשך פון די פינף יאָר איז מיין ביבליאָטעק (און די ביבליאָטעקן פון פיל הונדערטער קולטור־פריינט און געניסער



משה רובינשטיין און יעפים ישורין

פון דער יידישער ליטעראַטור) געוואָרן באַרייכערט מיט נאָך אַ סעריע ווערטפולע ביבליאָגראַפיעס, פון דער ריינער און אַזוי זאָרגפולער פעדער פון יעפים ישורין.

אין די לעצטע פינף יאָר איז מיר, ווי אַ תושב אין מעקסיקע, אויס־געקומען צו באַגעגענען ישורינען בלויז צוויי מאָל, ביי מיינע נישט אָפטע וויזיטן אין ניו יאָרק — און ביידע מאָל בלויז אויף אַ קורצער ווײלע. דאָס זיינען אָבער געווען מאָמענטן, וועלכע בלייבן אין זכרון, לאָזן אי־בער אַן אָנגענעמען איינדרוק, ווען איר הערט דאָס שטילע קול פון אַ

מענטשן, וועלכער איז אויסגעוויקסט אין יידישן קולטור־לעבן, און ווי איינער פון זיינע שאַפער און בויער, האָט ער אַ טיפן אינטערעס פאַר יעדן ווינקעלע וואו יידיש לעבן גייט אָן.

ישורין, דער אַמעריקאַנער יידישער קולטור־טוער דורך און דורך, איז דאָך געבליבן דער ווילנער קולטור־עילוי. דאָס האָט ער דאָך גע־שטעלט אַזאַ גרויסן מאָנומענט ירושלים־דליטע, מיט דעם פעדאַנטישן און באַהבהדיקן רעדאַקטירן דאָס בוך „ווילנע״, נאָך פאַרן מבול, וואָס האָט זיך אויף אונדז אויסגעגאָסן אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. נישט ער, נישט מיר, נישט קיינער האָט דאַן געאַנט, אַז פון אָט דער לעבעדיקער, מיט קולטור־שפּראָצנדער ווילנע, און נאָך פיל הונ־דערטער „ווילנעס״ וועט בלייבן בלויז יזכור־ביכער. אָבער, „ווילנע״ אונטער ישורינס רעדאַקציע איז אפשר געוואָרן און געבליבן דאָס גרעסטע יזכור־בוך.

* * *

אויפן פאָן פון ישורינס לעבנס־געשיכטע שפּיגלט זיך אָפּ די רומ־רייכע, צערפולע און גרויס־פריידיקע געשיכטע פון אונדזער דור — פון אַ גרויסן יידישן דור.

עס וועלן וועגן ישורינען שרייבן זיינע נאָענטע פריינד און פאַר־ערער, אַ סך וואָס קענען אים און זיין שאַפונג, בעסער ווי דער שרייבער פון אָט די קורצע שורות. אָבער זאָגן ווילט זיך, אַז עס איז אַ זכות צו קענען דעם יובילאַר און זיך באַטייליקן אין דעם יום־טוב פון זיין ווערן אַ פינף־און־זיבעציקער.

אין דעם דאָזיקן זכות — און אין אויסדריקן אים אַ וואַרעמען יישר־כח פאַר זיין וואונדערבאַרער אַרבעט אַלס דער כמעט איינציקער ביב־ליאָגראַף פון אונדזער ליטעראַטור — ווינטש איך דעם האַרציקן יעפים ישורין, אַז ער זאָל ווייטער, אַזוי ווי ביז איצט, בלייבן דער זעלבער ישורין און עס זאָל אונדז אַלע באַשערט זיין צו פייערן זיין הונדערטסטן געבוירנטאָג, און דאַן וועלן מיר אים ווינטשן: — עד מאה ועשרים!

ס. רעגענסבערג

# דער שומר פון אונדזערע קולטור־אוצרות

פאַר די פאַר צענדליק יאָר וואָס איך האָב דאָס פאַרגעניגן צו קענען יעפּים ישורינען, קומט מיר אויס יעדע פינף אָדער צען יאָר, וואָס די אַרבעטער און קולטור באַוועגונג פייערן מיט אַזוי פיל האַרציקער יום־טובדיקייט, צו שרייבן מיינע „גוט יום־טוב" ווערטער און אַריינשטעקן מיין באַשיידן בלימעלע אין דעם בוקעט פון כשר־פאַרדינטע שבחים, וואָס ווערט פאַר אים אויסגעפלאָכטן. איז עס פאַר מיר נישט קיין ווידער־האָלונג צו רעדן אָדער שרייבן וועגן זיינע געבענטשטע און מיט אַזוי פיל מעשים־טובים באַלאָדענע יאָרן, נאָר איך האָב דאָס געפיל פון איינעם, וועלכער איז פאַרליבט אין אַ שיין לידעלע און וועלכער ווערט נישט מיד עס צו זינגען און איבערזינגען ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל.

איז ער דאָך, אונדזער ישורין, אַזוי פילזייטיק און אַזוי קוועק־זילבערדיק, אַז איר הייבט נישט אָן צו וויסן וועגן וועלכער פון זיינע מעלות איר זאָלט צו ערשט זינגען.

געקומען איז ער קיין אַמעריקע מיט 55 יאָר צוריק, אַלס אַ יונגער סטודענט, אָנגעזאַפּט מיט דער הייליקייט פון ווילנע, די ירושלים ד׳ליטע. אַ פאַרליבטער אין זיין שטאָט פון תורה און חכמה, האָט ער נישט אויפ־געהערט צו טראָגן אין זיין האַרץ די בענקשאַפט נאָך איר, אַ בענקשאַפט וואָס איז, נאָך דעם גרעסטן חורבן אונדזערן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טיפן צער און אין אַ דראַנג צו שטעלן זיין ווילנע וואָס מער מאָנומענטן. יענער ווילנער בחורל איז שנעל געוואַקסן און האָט זיך פונאַנדערגעבליט אויף אונדזער אַמעריקאַנעס באָדן. אונטער דער השפּעה פון די פונקען, וואָס די היימישע פלאַמען פון „בונד" האָבן געוואָרפן אויף אים, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין וועלכער ער האָט דערגרייכט הויכע פּאָזיציעס. און איצט, צו זיין 75סטן יובל, זיצן ווידער אַמאָל ביים יום־טוב טיש די לערער, מנהיגים, שרייבער, קולטור־שאַפער און קולטור־טוער, פאָרשטייער פון גרויסע יידישע אָר־גאַניזאַציעס, וועלכע פאַרצייכענען און באַזינגען זיינע גרויסע דער־גרייכונגען.

קאָן מען רעדן און שרייבן וועגן יעדער פאַזע פון זיין טעטיקייט באַ־זונדער, אָבער אַזאַ אויפגאַבע איז אַ צו שווערע פאַר אַ באַשרענקטער באַגריסונג אין זיין יובל־בוך. מען וועט רעדן און שרייבן וועגן יעפּים ישורין אַלס אַרבעטער־רינג פּרעזידענט, אַלס טוער אין „אָרט", אַלס אומ־דערמידלעכער טוער פאַר ווילנע, וועמענס אַמבאַסאַדאָר ער איז גע־בליבן ביז היינט־צו־טאָג, אַלס אַ פאַרקאָכטער אין יידישע שאַפונגען און יידישער פאָרשונג.

פאַר מיר, אַלס שרייבער, איז דאָס וויכטיקסטע, לויט מיין באַשיי־דענער מיינונג, דאָס אין דעם מאָמענט פון זיין און אונדזער יום־טוב, אָנצוטאָן אויף זיין קאָפּ די קרוין אַלס דער גרעסטער ביבליאָגראַף וואָס

מיר יידן פאַרמאָגן היינט־צו־טאָג. ווי אַ געטרייער שומר פון אַ וויינ־גאָרטן, נישטערט ער און זוכט, קלייבט מיט התלהבות אויף דאָס געשריבענע וואָרט פון אונדזערע שריפטשטעלער, אונדזערע משוררים און מקוננים, און צילעוועט די ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור ווי פערל אויף אַ שנירל, קלאַסיפיצירט זיי און ברענגט זיי אַרויס אין געדרוקטער פאָרמע; ער ברענגט אַרויס אַלץ וואָס דער שרייבער האָט געשריבן און וואָס אַנדערע האָבן געשריבן וועגן אים. אָט דאָס אַליין וואָלט געווען דער גרעסטער אויפטו זיינער. אָבער ער איז אַזוי פילפּאַרביק, אַזוי פיל־געשטאַלטיק און אַזוי פאַרדינסטפול, אַז זיין לעבן און די פּערזענלעכקייט זיינע, זיינען ווי אַ ליכטיקער, שימערירנדיקער אבן־טוב.

אונדזער פרייד איז אַ טאָפּלטע, ווייל ער קומט צו זיין 75סטן יובל ווי אַ זיגער פון אַ שלאַכטפעלד, האָבנדיק באַזיגט די קראַנקייטן וואָס באַפאַלן אַ באַיאָרטן מענטשן. טוליען מיר זיך צו אים ווי אַ פאָטער צו אַ בן יקיר, אַ געצערטלטן זון, און לייגן אים אַרויף אויף זיין קאָפּ דעם לאָרבערקראַנץ פון אונדזערע ברכות פאַר נאָך אַ סך געזונטע און פרוכט־באַרע יאָרן צוזאַמען מיט זיין פרוי, זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

גוט יום־טוב אייך, טייערער ישורין! ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

---

**יעקב רייך**

## יעפים ישורין איז אַ מענטש וועמען עס איז שווער צו דערקענען ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט

יעפים ישורין איז אַ מענטש וועלכן עס איז שווער צו דערקענען ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט. זיין געפיל פאַר זויבערקייט און פּינקט־לעכקייט איז אַזאַ וואָס דער דורכשניט מענטש, און באַזונדערס מענטשן אין דער שרייבערישער פּראָפעסיע, קענען ניט באַנעמען. ביי ישורינען איז דאָס ניט־געניויע און ניט־אָפּגעהיטע כמעט אַ פּערזענלעכע באַליי־דיקונג.

אַלע קענען, פאַרשטייט זיך, ישורינס לעבנס־אינטערעס אין ביב־ליאָגראַפיע. אַלע וויסן פון דעם. וואָס דער דורכשניט מענטש וועט מעג־לעך ניט באַגרייפן איז, וויפיל טיפע אינערלעכע רעגונג עס פאָדערט אום צו באַשעפטיקן זיך מיט אַזאַ פּנקס פון קולטור. מען דאַרף אַליין זיין אַ מענטש פון הויכער קולטור, אַ מענטש מיט ראַפינירטן געשמאַק און אַ נאָבעלע באַציאונג צו דעם שעפערישן אין לעבן צו פאַרנעמען זיך מיט אַזאַ אַרבעט.

יעפים ישורין, וועלכער פירט מיט אַזאַ איבערגעבנקייט אַ רשימה פון אונדזער יידישער קולטור, איז אַליין אַ טייל פון אונדזער געשיכטע און אונדזער קולטור אויף דער וועלט.

ער, וועלכער האָט אַנדערע צוגעטיילט אייביקייט, האָט זיך אין אונדזערע הערצער פאַראייביקט מיט זיין פאַרשטאַנד, זיין זאָרגפעלטי־קייט און אחריות פאַרן יידישן וואָרט.

**פנחס שוואַרץ**

# יעפים ישורין — דער ביבליאָגראַף

יעפים ישורין איז לאַנגע יאָרן געווען פאַר מיר אַ רעטעניש. אין משך פון אַ יאָר צוואַנציק פאַר מיין קומען קיין אַמעריקע (און געקומען קיין אַמעריקע בין איך אין 1940) האָב איך אויף טריט און שריט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זיין, יעפים ישורינס נאָמען.

דאָרט, אין וואַרשע, האָבן מיר אַלע געוואוסט, אַז יעפים ישורין איז איינער פון די פאָדערשטע מענטשן אין דעם „אַרבעטער־רינג" (אַ קלייניקייט: דער „זקן"!) און אין דער אַדמיניסטראַטיווער „פאָרווערטס"־מאַשין. גלייכצייטיק האָבן מיר געהאַט אַ סך זיך אָנגעהערט וועגן אים ווי וועגן אַ זייער פרוכטבאַרן ביבליאָגראַף.

ווען עס איז אין די דרייסיקער יאָרן אָנגעקומען דאָס באַרימטע בוך „ווילנע", וואָס ער האָט רעדאַגירט, האָבן מיר זיך ניט געקענט אָפּלויבן פון דער אַלזייטיקייט פון דאָזיקן ספר. יעדער איינער פון אונדז האָט זיך געפרעגט: פון וואַנען נעמט דער מענטש צייט אויף די דאָזיקע אַלע זאַכן? וואָסער מענטש איז דאָס — דער דאָזיקער יעפים ישורין — וואָס באַוויזט צו פאַראייניקן אין זיך אַזוי פיל פאַרשיידנאַרטיקע אינטערעסן?

היינט, נאָך דעם ווי איך קען פּערזענלעך יעפים ישורינען צוואַנציק יאָר צייט — די דאָזיקע צוואַנציק יאָר, וואָס איך געפין זיך צוזאַמען מיט אים אין איין שטאָט — האָבן אַלע רעטענישן פאַר מיר אויפגעהערט צו זיין אַ רעטעניש. ווער עס קען יעפים ישורינען פּערזענלעך — זיין אויסער־געוויינלעכע פּינקטלעכקייט, זיין „שטרענגקייט" צו זאַכן און צו זיך אַליין, זיין אָרגאַניזירטקייט און זיין ענערגיע — פאַרשטייט ווי אַזוי ער קען זיך אינטערעסירן מיט די אַלע זאַכן, וואָס פאַרנעמען אים, און ווי אַזוי קיין איינע פון די דאָזיקע זאַכן ליידט ניט אויפן חשבון פון דער צווייטער.

מען קען אָן איבערטרייבונג זאָגן, אַז יעפים ישורין איז אַ יחיד במינו. מען דאַרף אָנקוקן זיין ביבליאָגראַפישע זאַמלונג, מען דאַרף זיך צוקוקן צו דער סיסטעמאַטישקייט זיינער אין דער דאָזיקער אַרבעט, כדי צו ווערן אויפסניי פול מיט באַוואונדערונג פאַר אים.

ער איז ניט דער איינציקער ביבליאָגראַף ביי יידן, אָבער עס וועט בלי־ספק ניט זיין קיין גוזמא ווען מען וועט זאָגן, אַז ער איז דער אַרבעטס־זאַמסטער צווישן זיי אַלע. דער סימן מובהק פון יעדער זאַך, וואָס יעפים ישורין טוט, קען זיך אויסדריקן אין איין וואָרט: סיסטעמאַטישקייט. כדי צו זיין אַזוי סיסטעמאַטיש ווי יעפים ישורין איז אין אַלע זיינע טואונגען, דאַרף מען האָבן אַן אויסערגעוויינלעכן געדולד און שטייפע נערוון. מער ווי יעדע אַנדערע זאַך ווייזט טאַקע יעפים ישורין אַרויס געדולדיקייט, באַהערשטקייט און סיסטעמאַטישקייט.

אַלע קענען יעפים ישורינען, דעם פאַרדינסטפולן וועטעראַן פון „אַר־בעטער־רינג", דעם מענטש פון גרויסער אָרגאַניזאַציאָנעלער טרייש־אַפט, דעם אומדערמידלעכן קאַפּיטאַן פון דעם „זקן". וועגן דעם וועלן שרייבן אַ סך — אַלע זיינע מיטבויער פון דעם גרויסן „אַרבעטער־רינג"־אָרדן.

מאַרק שווייד

# ישורינען אַ דאַנק פון דער יידישער ליטעראַטור

בלויז פון צייט צו צייט שווימט אַרויף אויף דער אויבערפלאַך פון לעבן אַזט זעלטענע געשטאַלט ווי יעפים ישורין, שעפעריש, פּינקטלעך, פּילזייטיק און באַרופן צו בויען זיין אייגענע קולטור־געביידע, לויט זיין אייגענעם פּלאַן, ווייל ער איז סענסיטיוו צו די באַדערפענישן פון דער סביבה, אין וועלכער ער לעבט.

אַזאַ אייגנאַרטיקע געשטאַלט איז יעפים ישורין, וועלכער איז געקומען צו דער יידישער ליטעראַטור אין אַ דרינגלעכן מאָמענט, ווען עס איז מער ווי אַלץ געוואָרן נייטיק אונטערצוציען דעם באַלאַנס פון דעם גאַנצן קולטור־קערפּער פון דער יידישער ליטעראַטור. עס ווערט איצט קלאָרער ווי ווען עס איז פריער, אַז ווען ניט די זעלבסטלאָזע אַרבעט פון יעפים ישורין, וואָלטן פאָרשער, קריטיקער און אַנדערע שרייבער אַרומגעבלאָנקעט אין וואַלד פון אונדזער ליטעראַטור אָן דער מעגלעכקייט צו קענען זיך אָריענטירן אין די לאַבירינטן פון די שעפערישע וועגן, אויף וועלכע עס איז אַוועק די גאַנצע יידישע ליטעראַטור.

פאַר דעם זיינען ישורינען שולדיק אַ דאַנק ניט בלויז יחידים שרייבער, וועמענס צוואָרפענע אַרבעטן ער האָט צונויפגעזאַמלט אין אָרדענונג און, אַזוי צו זאָגן, געבראַכט זיי אונטער איין דאַך. שולדיק אַ דאַנק איז אים די יידישע ליטעראַטור אַלס אַ גאַנצע, וועלכע ער האָט דערהויבן אַ דאַנק זיינע קאָנסטרוקטיווע ביבליאָגראַפיעס פון שעפערישע מענטשן און זייערע אויפטואונגען. אין דעם ווערט גיך איבערצייגט יעדער שרייבער, וואָס זוכט די נייטיקע מאַטעריאַלן צו וועלכער עס איז ליטעראַריש־קריטישער אַרבעט. מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז ישורינס ביבליאָגראַפישע אַרבעטן האָבן צום ערשטן מאָל געמאַכט גרינטלעכע פאָרשונגען פון די ווערק וואָס ער האָט ביבליאָגראַפירט.

עס איז אַן אָנגענעמע איבעררעשונג צו זען ניט נאָר די צענדליקער אויספירלעכע ביבליאָגראַפיעס, איבער וועלכע ער האָט מיזאַם געאַרבעט אין פאַרלויף פון יאָרן, נאָר עס עפענען זיך אויך פּערספּעקטיוון פאַר ווייטערע אַרבעטן פון דעם זשאַנר און די נוצן וואָס זיי קענען ברענגען, אַז די ליטעראַטור זאָל ניט פאַרבלייבן קיין וואַלד וואָס ווערט פאַרשטעלט פון די ביימער.

ישורין האָט געהאַט חשובע און באַדייטנדע פאָרלויפער אויף דעם געביט פון יידישער ביבליאָגראַפיע. צווישן זיי זיינען געווען די צוויי פּיאָנערן אויף דעם געביט: ב. באָראָוו און דר. יעקב שאַצקי.

פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר זיינען רעגלמעסיק פאָרגעקומען, יעדע פינף יאָר, די פייערונגען צו די געלעגנהייטן פון זיינע יובילייען און עס איז געווען אַ גוטער געדאַנק צו באַגלייטן זיי מיט די באַקאַנטע יובילייאויסגאַבן, וועלכע זיינען אָנגעפילט מיט פאַרשיידענע אינפאָרמאַציע, וועלכע באַגלייט דעם העלד פון זיינע ערשטע טעג ביז די לעצטע.

**משה שטאַרקמאַן**

# אַריינבליק אין דער אייביקייט

ווען מיר פייערן ישורינס 75־יאָריקן יובל איז כדאי אָנצואווייזן, אַז ביבליאָגראַפיע איז אַ סגולה צו אריכת ימים. ס׳זיינען פאַראַנען אַ היפּש ביסל ראיות. שבתי באס, דער גרונדלייגער פון ביבליאָגראַפיע ביי יידן, — מיט זיין ספר „שפתי ישנים״, אין וועלכן ער האָט פאַרצייכנט 2,200 ספרים, — האָט דערגרייכט צו 77 יאָר אין אַ סביבה, וואו מען האָט ניט געוואוסט וועגן ספּעציעלע דיעטעס פאַר עלטערע מענטשן, און אין זיין דרוקעריי האָט מען מסתמא ניט מקפּיד געווען אויף סאַניטאַרע באַ־דינגונגען. דער וואַנדערנדיקער ביבליאָגראַף, ר׳ חיים יוסף דוד אזולאי (חיד״א), האָט געלעבט 81 יאָר, און משה שטיינשניידער, דער גרעסטער פון די ביבליאָגראַפן ביי יידן, איז אַוועק פון דער וועלט צו 91 יאָר. קען זיין, אַז ביבליאָגראַפיע איז אַ סגולה צו אריכת ימים, ווייל דאָס פאַרנעמען זיך מיט דעם געדרוקטן וואָרט לאָזט איבער ווינציק צייט צו פאַרקירצן די אייגענע יאָרן דורך ערגערן זיך פון די רייד און רכילות פון מענטשלעכע מיילער. אויב ישורין איז צו 75 יאָר, ביז 120, יונגטלעך און פריש, האָט ער דאָס מסתמא צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס אין זיין ביבליאָגראַפישער קאַרטאָטעק לעבן בשלום די מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט אָנגעקליבן וועגן יידישע שרייבערס פון פאַרשיידענע דורות, שולעס, ריכטונגען, פאַרטייען און באַוועגונגען. דאָס גיט די האָפענונג, אַז ישורין וועט נאָך אַ סך יאָרן באַרייכערן אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג מיט ביב־ליאָגראַפיעס, פאַר וועלכע ס׳וועלן אים דאַנקבאַר זיין אַלע, וואָס זוכן אַ וועג צום לעבן און שאַפן פון די יידישע קולטור־שאַפערס.

שרייבנדיק וועגן ישורינען ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט, — ווען מ׳האָט געפּראַוועט זיין 70־יאָריקן יובל, — האָב איך אָנגעוויזן, אַז אַלע וואָרצלען פון יידישער גייסטיקער טעטיקייט דאַרף מען זוכן אין תנ״ך, — און דאָס איז אויך דער פאַל מיט ביבליאָגראַפיע. די ערשטע ביבליאָ־גראַפישע פאַרצייכענונג אין די כתבי הקודש געפינט מען אין ספר „במדבר״ (כ״א, י״ד), וואו ס׳ווערט דערמאָנט דאָס לידער־בוך „ספר מלחמות ד׳״. אינאיינעם מיט דער ביבליאָגראַפישער אָנווייזונג ווערט דאָרט אויך געבראַכט אַ פערז פונעם „„בוך פון גאָטס מלחמות״:

ואת והב בסופה
ואת הנחלים ארנון;
ואשד הנחלים,
אשר נטה לשבת ער,
ונשען לגבול מואב.
(וּוהב אין סופה,
און די טאָלן פון ארנון;
און דער אַראָפּגאַנג פון די טאָלן,

וואָס בייגט זיך צו דער וואוינונג פון ער,
און לענט זיך אָן געמאַרק פון מואב).

— תרגום יהואש).

ווען אַ צווייט לידער־בוך, וואָס האָט געהייסן „ספר הישר", דער־ציילן אונדז די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונגען אין „יהושע" (י', י״ג) און אין ספר ב' פון „שמואל" (א', י״ח). לעבן איין פאַרצייכענונג ווערט געבראַכט אַן אויסצוג פון יהושע' בן נונס באַפעל צו דער זון, אַז זי זאָל זיך אָפּשטעלן אין גבעון, און צו דער לבנה, אַז זי זאָל שטיל שטיין אין איילון־טאָל; נאָך דער אַנדערער פאַרצייכענונג ווערט ציטירט דודס קלאָגליד אויפן טויט פון מלך שאול און זיין זון יהונתן. אין „מלכים", ווידער, זיינען ביבליאָגראַפיש פאַרצייכענט דריי געשיכטע־ביכער: „דברי שלמה", „דברי הימים למלכי ישראל" און „דברי הימים למלכי יהודה".

אַן ערשט־קלאַסיקן ביבליאָגראַפישן מקור האָט אונדז איבערגעלאָזט דער מחבר פון דער תנ״ך־כראָניק „דברי הימים". אין די צוויי טיילן פון דער דאָזיקער כראָניק זיינען פאַרצייכנט זיבעצן ספרים, וואָס קענען איינגעטיילט ווערן אין דריי קאַטעגאָריעס: היסטאָרישע ווערק וועגן די קיניגלעכע דינאַסטיעס און וועגן איינצלנע מלכים, נביאים־שריפטן, לידער־זאַמלונגען.

ווען נישט די ביבליאָגראַפישע אינפאָרמאַציע, וואָס איז פאַראַנען אין תנ״ך, וואָלטן מיר איצטער ניט געהאַט דעם מינדעסטן באַגריף וועגן אַ רייכער ליטעראַטור, וואָס יידן האָבן פאַרמאָגט אין דער ביבלישער תקופה, אין צוגאָב צו די ספרים, וואָס זיינען אַריין אין די כתבי הקודש. אמת, די 22 ספרים, וואָס זיינען ביבליאָגראַפיש פאַרצייכנט אין „במדבר", „יהושע", „שמואל", „מלכים" און „דברי הימים", זיינען פאַרלוירן גע־גאַנגען, — אָבער זייערע טיטולן אַליין זיינען גענוג, אַז מיר זאָלן לער־נען וועגן זייער כאַראַקטער און אינהאַלט. פון די ביבליאָגראַפישע „פאַ־זיציעס" אין תנ״ך דערוויסט מען זיך, למשל, אַז אין צוגאָב צו די כראָני־קעס וועגן די דינאַסטיעס פון יהודה און ישראל, זיינען אויך געווען באַ־זונדערע ספרים וועגן די מלכים דוד און שלמה; וועגן יהושפט, — גע־שריבן פון יהוא בן חנני; וועגן עוזיה, געשריבן פון נביא ישעיה בן אמוץ. אַחוץ זיי זיינען אויך געווען: צוויי אַנטאָלאָגיעס, — איינע פון נביאותן, און אַ צווייטע פון טרויער־בילדער; באַזונדערע נבואה־ספרים פון שמואל, נתן, גד, אחיה השילוני, ועד, עידו און שמעיה.

צווישן די פיל זאַכן, וואָס מיר קענען לערנען פון אונדזער ספר הספרים, איז אויך פאַראַנען די לערע וועגן דעם גרויסן באַטייט פון ביב־ליאָגראַפיע.

אין דער היינט־צייטיקער יידיש־פאָרשונג האָבן מיר אַ ריי ביב־ליאָגראַפן, אָבער כמעט איטלעכער פון זיי פאַרנעמט זיך ביבליאָגראַפיש בלויז מיט באַשטימטע שרייבער־יחידים אָדער מיט באַשטימטע געביטן פון געדרוקטן יידישן וואָרט. מיטן אויסנאַם פונעם ירושלמי דב סדן, איז ישורין, דוכט זיך, דער איינציקער, וואָס די יידישע ליטעראַטור ווי אַ

גאַנצקייט און איטלעכער פון אירע שאַפערס זיינען אָביעקטן פון זיין פאָרשערישער באַמיאונג.

בלויז דער, וואָס האָט אַליין עוסק געווען אין ביבליאָגראַפיע, האָט אַ באַגריף וויפיל עבודת פרך, גייסטיקע און פיזישע האָרעוואַניע, ס׳איז פאַרבונדן מיט ישורינס ביבליאָגראַפישע טעטיקייט. ער דאַרף אַליין איבערקוקן אַלץ, וואָס איז געדרוקט געוואָרן ביז איצט אין דער נייער יידישער ליטעראַטור און פרעסע, — אַלע ביכער, צייטונגען און זשור־נאַלן, וואָס זיינען דערשינען אין אַלע עקן פון דער יידיש־וועלט. באַקו־מען דאָס אַלץ איז ניט פון די גרינגע זאַכן. יעדער ווערטפולער טיטול פון איטלעכן מחבר און וועגן אים דאַרף פאַרצייכנט ווערן אויף אַ באַ־זונדער קאַרטל. דאָס זעלביקע דאַרף ער אויך טאָן בנוגע דער לויפנדי־קער יידישער דרוק־פּראָדוקציע אויף אַלע קאָנטינענטן פון ערד־קיי־לעך, — ווייל יידישע צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער ווערן געדרוקט אין צפון־און דרום־אַמעריקע, אין אייראָפּע, אַזיע, אַפריקע און אין אויסטראַליע.

מיטן לייענען אַלץ און פאַרצייכענען דאָס געלייענטע, ענדיקט זיך נאָך ניט ישורינס אַרבעט. ער דאַרף יעדער באַזונדער קאַרטל אַוועק־שטעלן אין דער ביבליאָגראַפישער זאַמלונג וועגן באַשטימטן שרייבער; און דאָס מאַטעריאַל וועגן יעדן באַזונדערן שרייבער דאַרף ער איינטיילן אין ביבליאָגראַפיעס: די ביכער, וואָס דער באַטרעפנדיקער שרייבער האָט פאַרעפנטלעכט; די אויסגאַבעס, וואָס ער האָט רעדאַקטירט; די ווערק, וואָס ער אַליין האָט פאַרעפנטלעכט אין צייטונגען און זשורנאַלן; פרעמד־שפּראַכיקע איבערזעצונגען פון זיינע ווערק; אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם שרייבערס שאַפן מצד רעצענזענטן און קריטיקערס.

אַזאַ ריזיקע פאַרצייכענונגס־אַרבעט ווערט, בדרך כלל, געפירט אומעטום דורך ביבליאָגראַפישע צענטראַלעס. אָבער מיר האָבן ניט קיין מלוכהשע פאָנדן אָדער פרייגיביקע מעצענאַטן צו פינאַנסירן אַזאַ „לוק־סוס״. ישורין האָט געהאַט דעם מוט צו ווערן זיין אייגנציקער מעצענאַט און די געוואַגטקייט צו טאָן די אַרבעט פון אַ גאַנצן שטאַב אין אַ ביב־ליאָגראַפישע צענטראַלע. אין דער עלטער, ווען אַנדערע באַפרייען זיך פון פאַרשיידענע אַרבעטן, האָט ישורין אויף זיך גענומען גרעסערע לאַסטן. אין די פינף יאָר צווישן זיין 70־יאָריקן יובל און זיין 75־יאָריקן יובל, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ צאָל וואָגיקע ביבליאָגראַפיעס, — אי צום סוף פון די געזאַמלטע ווערק פון באַשטימטע שרייבערס, אי ווי סעפּעראַט־אָפּדרוקן פון די באַטרעפנדיקע זאַמלונגען.

די פאַרעפנטלעכטע ביבליאָגראַפיעס גיבן בלויז אַ קליינעם באַגריף פון דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס ישורין האָט צונויפגעקליבן וועגן די שאַפערס פון דער יידישער ליטעראַטור און פרעסע. אַ רשימה פון די יחידים, וואָס זיינען רעפּרעזענטירט אין ישורינס ביבליאָגראַפישער קאַרטאָטעק, לייענט זיך ווי אַ לעקסיקאָן־רעגיסטער פון יידישן וואָרט אין די פאַרגאַנגענע הונדערט יאָר. אַלכסנדר צעדערבוים, מענדעלע מוכר ספרים, יצחק יואל לינעצקי, שלום עליכם און זייערע בני־דור באַגעגע־

נען זיך מיט היינצייטיקע יידישע שרייבערס פון ניו־יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס, בוענאָס איירעס און מעקסיקע, ריאָ דע זשאַנעיראָ און מאָנטרעאָל, קעיפּטאַון און מעלבאָרן, האַוואַנאַ און פּאַריז, לאָנדאָן און וואַרשע, בריסל און קיעוו, תּל־אָביב און ירושלים. די ביבליאָגראַפיעס, וואָס ישורין האָט שוין פאַרעפנטלעכט, זייִנען געווידמעט קלאַסיקערס פון דער יידישער ליטעראַטור, פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דיכטערס, דערציילערס, קריטיקערס, פּובליציסטן, דראַמאַטורגן און דענקערס פון אונדזערע טעג. זיין ביבליאָגראַפיע „50 יאָר צוקונפט" איז אַ פאַקטישער וועגווייזער צו דער יידיש־ליטעראַטור במשך אַ גורל־דיק האַלב יאָרהונדערט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

די שאַפונג פון יעדן אמתדיקן שריפטשטעלער איז געגליכן צו אַ לייכט־טורעם. דער ביבליאָגראַף ברענגט צונויף די ציגל צו בויען דעם לייכט־טורעם, און די אינספּיראַציע פון זיין אַרבעט איז דאָס פייער פון וועלכן דאָס ליכט אין טורעם ווערט אָנגעצונדן. יעדער גייסטיקער לייכט־טורעם גיט אונדז אַן אַריינבליק אין דער אייביקייט. ישורינס ביבליאָגראַפישע טעטיקייט גיט אונדז אַן אַריינבליק אין דער אייביקייט פון יידישן וואָרט. אַ דאַנק דער דאָזיקער אַרבעט האָט ישורין מיט דער אייביקייט פון יידישן וואָרט אויף אייביק פאַרבונדן זיין אייגענעם נאָמען.

---

**אברהם שולמאַן**

# דער ביבליאָגראַף, וואָס נייטיקט זיך אין אַ... ביבליאָגראַף

די ערשטע קוואַליטעט, וואָס אַ ליטעראַטור־ביבליאָגראַף דאַרף האָבן, איז די קוואַליטעט פון ליבע. און נישט סתם ליבע, נאָר אַ ליבע פון אַ ריינער און זעקס און אַכציקער פּראָבע. יעפים ישורין איז דער דאָזיקער „ראָמעאָ" פון דער יידישער ליטעראַטור, ער איז דער אָפּהיטער פון יידישן פּרוכט־גאָרטן, וואו ער קען פון אויסעווייניק נישט בלויז יעדן בוים, נאָר יעדע פּרוכט און יעדע נייע שפּראָצונג.

וואָס פאַר אַ באַלוינונג באַקומט דער גאָרטן־היטער פאַר זיינע מאָזאָליעס? איך ווייס נישט ווי דאָס איז ביי אַנדערע פעלקער, אָבער ביי אונדז איז די ליבע, מיט וועלכע יעפים ישורין רינגלט אַרום די יידישע ליטעראַטור — אַ קעגנזייטיקע. אויב יעפים ישורין איז פאַר דער יידישער ליטעראַטור דער ראָמעאָ איז די יידישע ליטעראַטור פאַר יעפים ישורינען — די דזשוליעט.

מען דאַרף האָבן אַ צווייטן יעפים ישורין, וועלכער זאָל אויפזאַמלען די אַלע צענדליקער און אפשר הונדערטער אַרטיקלען און נאָטיצן, וועלכע יידישע שרייבער האָבן שוין געשריבן וועגן זייער באַליבטן ביבליאָגראַף.

לאָמיר האָפן, און צו יעפים ישורינס אַכציק־יאָריקן יובל וועט זיך אַזאַ ביבליאָגראַף געפינען.

**י. שמולעוויטש**

# די פּערזענלעכקייט יעפים ישורין

אין וואָס באַשטייט דער סוד, וואָס אונדזער ליבער יובילאַר האָט טויזנטער און טויזנטער איבערגעגעבענע, אויפריכטיקע פריינד, סיי אין די רייען פון אַרבעטער־רינג און סיי אויך אין אַלע יידיש־געזעלשאַפט־לעכע און קולטורעלע קרייזן? מיט וואָס דערקלערט זיך, וואָס יעפים ישורין איז אַזוי באַליבט אין אַלע צווייגן פון דער היגער יידישער אַר־



י. שמולעוויטש און יעפים ישורין אין פּאַריז

בעטער־באַוועגונג, גלייכצייטיק אויך איבער גרענעצן און לענדער, ביי יידן איבעראַל?

איז עס דערפאַר, ווייל ער איז איינער פון די אומדערמידלעכע בויער, פירער און אָפּהיטער פון גרייסן אַרבעטער־רינג? איז עס אפשר דער־פאַר, ווייל ער איז ביי יידן געווען דער ערשטער און, ביז היינט צו טאָג, דערוויל דער איינציקער ביבליאָגראַף פון דער ליטעראַטור און פרעסע? איז עס גאָר דערפאַר, ווייל ער איז זינט צענדליקער יאָרן פאַרבונדן מיטן „פאָרווערטס", אויפן וויכטיקן אַמט וואָס עס איז אים אָנפאַרטרויט גע־וואָרן אַלס קאַסירער? אָדער אפשר איז עס גאָר דערפאַר, ווייל ער איז

אַלע יאָרן גלייכצייטיק אויך אַקטיוו אין אַנדערע פאַרשיידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס?

זיכער זיינען די אַלע וויכטיקע פּאָזיציעס, וואָס ער פאַרנעמט, פון גרויסן אָנזען פאַר זיין פערזענלעכקייט. מיר דוכט זיך אָבער, אַז ישורינס באַליבטקייט, זיין פערזענלעכקייט, וואָס רופט צו זיך אַרויס גרויס דרך ארץ, האָט אין דער ערשטער ריי צו טאָן מיט צוויי וויכטיקע פון זיינע אייגעבוירענע מעלות — כאַראַקטער און אינטעליגענץ. אָט די צוויי שטריכן, וואָס זיינען אַ וויכטיקער באַדינג פאַר יעדן פירער, האָבן ישורינען גרויס און באַליבט געמאַכט ביי אַלעמען.

מיט זיין אומבויגזאַמן כאַראַקטער און הויכער אינטעליגענץ, האָט ישורין ניט בלויז אַרויסגערופן, און רופט ווייטער אַרויס דרך ארץ צו זיין פּערזאָן, נאָר דערמיט האָט ער גלייכצייטיק אויך שטענדיק אַרויסגערופן חשיבות צו דעם אַמט, וואָס ער האָט באַקליידט, און צו דער באַוועגונג בכלל. ישורין איז איינער פון אַ זעלטענעם דור פירער און פערזענלעכקייטן וועמען מען מוז ליב האָבן, פאַר וועמען עס ווילט זיך אויפריכטיק האָבן דרך ארץ, נאָך דעם ווי מען קומט מיט אים אין באַרירונג. אַפילו פון דערווייטנס, ווען מען פירט מיט אים בלויז אַ קאָרעספּאָנדענץ, פילט מען פון זיינע וואַרעמע און פריינטלעכע בריוו אַרויס, אַז מען האָט פאַר זיך אַ מענטש מיט הויכער אויטאָריטעט און גלייכצייטיק מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ.

פּונקט ווי יעדער אַנדערער פירער, האָט אויך ישורין אין פאַרלויף פון זיינע יאָרן פירערשאַפט און אַקטיוויטעטן, דורכגעמאַכט פאַרשיידענע שטרייטן און מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אין דער באַוועגונג. אָפט מאָל האָט ער, צוליב דער גוטסקייט פון דער אָרגאַניזאַציע, געמוזט דורכפירן (און פירט ווייטער דורך) באַשלוסן, וואָס זיינען ניט שטענדיק אַלעמען געווען צום האַרצן. אָבער קיינער האָט קיין מאָל אויף אים ניט געטראָגן קיין „בייז האַרץ״; מען האָט אים ווייטער ליב, מען האָט פאַר אים ווייטער גרויס דרך ארץ.

דאָס איז דערפאַר, ווייל אין דער ערשטער ריי אַנטפּלעקט זיך ביי דעם ישורינס אומבויגזאַמער כאַראַקטער און אויסגעהאַלטנקייט. ווען אַפילו מען איז מיט אים ניט מסכים, איבערצייגט מען זיך אָבער גלייך, אַז אַלץ וואָס ער וויל און טוט האָט אין דער ערשטער ריי צו טאָן מיט דער טובה און אינטערעסן פאַר דער „קעיס״, פאַר וועלכער ער שטעלט זיך איין! אין זיין גאַנצער אַרבעט, אין אַלץ פאַר וואָס ער קעמפט און שטעלט זיך איין, האָט ער קיין מאָל ניט אין זינען קיין פערזענלעכע אינטערעסן. און דאָס איז אַ גרויסע, גאָר גרויסע מעלה פאַר אַ פירער פון אונדזער דור.

ישורין פירט אייך אַלץ דורך מיט טאַקט און אויפריכטיקייט, וואָס דערפירט דערצו, אַז ווען אַפילו מען ווערט דורך אים „באַזיגט״, מוז מען אים ווייטער ליב האָבן, פאַר אים האָבן גרויס דרך ארץ. אין אַלע יאָרן פון זיין פירערשאַפט האָט אונדזער יובילאַר, מיט זיין באַשיידנקייט און

שטילקייט, מיט זיין וואַרעמקייט און אויפריכטיקייט, פיל מער דער־גרייכט און אויפגעטאָן, ווי ער וואָלט זיין טאַקטיק אָנגעווענדעט אויף אַן אַנדערן אופן.

צו דערגרייכן דאָס אַלץ וואָס ישורין האָט דערגרייכט; צו שאַפן זיך אַזאַ באַליבטן נאָמען אין דער יידישער וועלט, און אַרויסרופן צו זיך אַזאַ דרך ארץ ווי ער רופט אַרויס, וואָלט ער ניט בלויז מיט זיין כאַראַקטער. אין דעם אַלעם שפּילט אויך אַ גרויסע ראָל די זעלטענע און הויכע אינ־טעליגענץ וואָס ער פאַרמאָגט, און וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט פון דער אַמאָל־שפּרודלדיקער, און איצט שוין חרובער, ירושלים דליטע.

יאָ, כאָטש יעפים ישורין איז אַוועק פון ווילנע מיט צענדליקער יאָרן צוריק, פאַרמאָגט ער נאָך אַלץ אין זיך די אייראָפּעאישע אינטעלי־גענץ, און אויך די אייראָפּעאישע מאַניערן, ווי דאָס איז מיט אַנדערע. און ווי שטאַרק מיר זאָלן ניט ליב האָבן אונדזער מעכטיקער און פרייער אַמעריקע, זעט עס אויס, אַז דאָס איז נאָך אַלץ אַ גרויסע מעלה. ישורין איז קולטורעל, באַשיידן, טאַקטיש, שטיל און אויך פּינקטלעך. זעלטן צו טרעפן אַ מענטש, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל אַרבעט ווי אונדזער יובילאַר, און ער זאָל צוגלייך זיין אַזוי פּינקטלעך ווי ער איז.

אויסער די טויזנטער און טויזנטער איבערגעגעבענע פריינד, וואָס ישורין האָט אין די רייען פון דער היגער יידישער אַרבעטער און געזעל־שאַפטלעכער באַוועגונג, האָט ער אויך אומצאָליקע פריינד אין אייראָפּע, ישראל, לאַטיין־אַמעריקע, אויסטראַליע, קאַנאַדע און אין אַנדערע לענ־דער. ער שטייט מיט זיי אַלעמען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט, האָט צייט און געדולד צו יעדן פון זיי צו שרייבן און צו ענטפערן אויף זייערע בריוו, וואָס ער טוט אויף אַ פּינקטלעכן און צוגלייך שטילן אופן, אָן טומל.

אין פאַרלויף פון טאָג און נאַכט זיצט ישורין איבער ביכער, זשור־נאַלן און יידישע צייטונגען פון אַלע וועלט־טיילן. מיט אַ זעלטענער רואיקייט און פּינקטלעכקייט „ציט" ער פון דעם אַלעם אַרויס נעמען און דאַטעס, וואָס ער פאַרצייכנט אויף די קאַרטלעך אין זיין רייכן ביב־ליאָגראַפישן פאַרמעגן. פון דער צווייטער זייט, ווידער, שיקט ער פאַר־שיידענע אויסגאַבעס, צייטונגען, זשורנאַלן און צייטונגס־אויסשניטן צו יידישע שרייבער, קינסטלער און קולטור־טוער אין פאַרשיידענע לענדער. אַלץ האָט ער אין זיין זעלטענעם זכרון; אַלץ ווערט דורך אים אָפּגעהיט מיט אַ גענויער פּינקטלעכקייט, גאָרניט ווערט דורך אים פאַרנאַכלע־סיקט.

זיכער איז דער אַרבעטער־רינג דער הויפּט־מחותן אויף יעפים ישורינס 75טן געבוירנטאָג־פייערונג. עס איז אָבער צוגלייך דער יום־טוב פאַר אַלעמען אין יידישן לעבן. ישורינס פּערזענלעכקייט און אָנזען איז ווייט אַריבערגעוואַקסן די גרענעצן; פון איבעראַל וועלן זיך, דערוי־בער, צו אים טראָגן די וואונטשן פאַר נאָך לאַנגע יאָרן דערפאָלג און גליק מיט זיין פאַמיליע.

ז. שניאור

# צייטן פּאַראַן...

(געווידמעט צו י. ישורין)

צייטן פּאַראַן, ווען מען דאַרף שווייגן,
איידער אויפן קול אַ פאָלק באַוויינען —
אויסגעמאָרדעט פון חזירים־שלעכטער.
בעסער שטייגן,
אויפן באַרג־פון־טרויער שטייגן
און זיך פאַרגיין אין פינצטערן געלעכטער.

אָרעמינקע ברידער־דיכטער,
שליסט די וואַסערדיקע טינטהאָרנס!
פאַרמאַכט די מיילער, פּלאַפּלער,
אויף פּראָטעסט־אסיפות!
ס׳איז אומזיסטע מי
צו שטויסן טרערן אין אַ שטויסל.
רויטער ווי דאָס בלוט, וואָס גיסט זיך נאָך,
וועט אייער וואָרט ניט זיין;
ניט ווייסער ווי די פּנימער פון מוטערס —
צו גאַז־אויוונס געשלעפּט;
ניט שוואַרצער ווי דער רויך פון פלאַקערס,
וואו קינדערלעך האָבן געברענט, ווי שפּענער,
מיט פליענדיקע אַרבע־כנפותלעך
אויף די שמאָלע, אויסגעדאַרטע לייבער.
און קיין איין פריהייטס־האָן האָט ניט געקרייעט,
קיין גוישקער הונט האָט ניט געבילט.

אויף דעם הויכן באַרג
פון זעקס מיליאָן קרבנות
שטייגט נאָר, אויב איר קענט!
און שפּייט פון דאָרטן, דריי מאָל אויס
אויף דער נייער וועלט, וואָס גייט אויף אונדז
מיט זיבן גליקן, ווי מען זאָגט אייך אָן,
מיט טויזנט וואונדער.
ניטאָ קיין גליק
אָן תשובה פון דער זעלבער וועלט;
אָן אַ ריין געוויסן
בליען ניט קיין וואונדער.

מען וועט מיט רויזן־אויל ניט פאַרפיומירן
די ברוד־געלעגערס פון שאַקאַלן,
חזירים־שטאַלן, וואו מען האָט
פאַרגריזשעט קליינע קינדער.

און נאָך אַמאָל שפייט אויס,
פון מאַרטירער־באַרג אַראָפּ, —
אויף דער פּראָצעסיע פון די שלום־קרעמער,
אויף די פירער, פּאָליטישנס, דיפּלאָמאַטן, —
אין שוואַרצע רעק און שניי־ווייסע קראַוואַטן,
אויף די אויסגעפּוצטע יענעראַלן, —
מיט כבוד אָנגעפּרעסענע, ווי די קאַניבאַלן;
וועמען בערג פון אונדזערע קדושים־ביינער
האָבן, אומעטום, ווי פעסטונגען געשיצט...
פריער שפּעטער
וועט אָט דער פאַראַכטונג־שפּיי
אויף זיי פאַלן, ווי אַ וואָלקן־ברוך פון בליי,
פון פאַראַכטן, שנאה און פאַרראַט
און אָנהויבן אַ בלוט־באָד פון דאָס ניי.

און איר, אונדזערע פרומע זיידעס,
לעשט אויס די נשמה־ליכטלעך!
צוריק אין שייד די מגילה „איכה",
און זעצט זיך אויף דער ערד און שווייגט.
ריכט אָפּ אין שטומען תשעה־באב
נאָך טויזנט אויסגעברענטע טעמפּלען,
נאָך צענדליקער ירושלימס חרובע,
נאָך וואַרשע, ווילנע, קראָקע,
לובלין און מינסק און קאָוונע...
דערנאָך שטייט אויף צוזאַמען —
איין פייערלעכע עדה; באָרוועס,
אין יום־כּיפּורדיקע, ווייסע קיטלען, —
און בלאָזט שופר אינעם נעפּל פון דער וועלט,
רופט אויס אַ שוואַרצן חרם, —
ער זאָל זיך איינקריצן אין אַלע הערצער,
דורי־דורות זאָל ער אָנהאַלטן;
דעם מערדערס ווייַן ניט טרינקען —
ער האָט אויף אונדזער אַש געדייעט.
ניט שניידן און ניט דרעשן זייער קאָרן, —
מיט אונדזער בלוט איז ער באַמיסטיקט.
זייער צייטיק־אויבסט ניט עסן, —
אונדזער פּיין האָט דאָס געזיסט.

זייער ליד ניט זינגען, זייער שפּראַך ניט ריידן, —
עס איז די שפּראַך פון מאָרד-באַפעלן.
זייערע געווענטער מער ניט טראָגן.
עס איז אַ מוראדיקער ש ע ט נ ז.
קוקט ניט! ... אין זיי זיינען פאַרוועבט
די האָר פון אונדזערע טעכטער.
ניט קיין שמייכל-טאָן אַפילו
צו זייערע ממזרים-בייבים,
מיט דעם בלויען מעסער-גלאַנץ
פון זייערע טאַטעס, אין די אויגן.
טמא זייערע פאַרברעכנס,
זייער דערנידערונג און שטראָף איז טמא!
אַפילו די חרטה זייערע זאָל טמא זיין.
תקיעה, תרועה, תקיעה גדולה...
אַזוי זאָל קלינגען די נקמה
פון אַ שטאָלצן פאָלק,
וואָס האָט געשוואוירן: „לעבן!"
און, מיט זיין אייביקייט,
דאָס שלעכטס פאַרניכטן.

---

**פּ. שראַגער** (פּאַריז)

## י. ישורין אויף די „אָרט"-קאָנגרעסן

אַנדערע פון מיר וועלן אין דעם דאָזיקן יובל-בוך זיך אָפּשטעלן באריכות אויף דער פילפאַרביקער טעטיקייט פון דעם בעל-יובל י. ישורין; די טוער פון דעם אַרבעטער-רינג, די פירער פון דער „פאָרווערטס"-אַסאָסיאיישאָן", די מיטגלידער פונעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, דער ווילנער קאָמיטעט א. אַ. וו., א. אַ. וו האָבן פיל צו זאָגן וועגן דעם איבערגעגעבענעם טוער י. ישורין, וואָס האָט אַזאַ אַקטיוון אָנטייל גענומען אין זייער אַרבעט.

די יידישע ליטעראַטור האָט באַזונדערס אים צו פאַרדאַנקען זיין גרויסן בייטראָג צו יידישער ביבליאָגראַפיע. עס איז ממש אַ וואונדער, ווי אַזוי אַ מענטש, וואָס איז אַזוי שפּרודלדיק אַקטיוו אויף פאַרשיידענע געביטן פון יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, האָט געפונען צייט צו קאָנען זיך ווידמען אַזאַ שווערער און קאָמפּליצירטער אַרבעט, וואָס איז די יידישע ביבליאָגראַפיע.

אויף וויפיל איך דערמאָן מיך, האָט ער ביז איצט נישט פאַרפעלט קיין צוזאַמענקונפט. ער איז שטענדיק געקומען פּינקטלעך און געענטפערט אויף יעדן רוף פון די אָרגאַניזאַטאָרן. ווי אַ „פּשוטער" דעלעגאַט, דיסציפּלינירט און אויפמערקזאַם, פאָלגט ער נאָך דעם פאַרלויף פון די פאַרהאַנדלונגען. ווערט ער צוגעטיילט צו אַ קאָמיסיע, נעמט ער אַן

אַקטיוון אָנטייל אין אירע באַראַטונגען און טראָגט צו זיין וואָגיקן בייַ־שטייער צו אַלץ וואָס ווערט געזאָגט און באַשלאָסן.

האָב איך עס געהאַלטן פאַר נויטיק אונטערצושטרייכן, ווייל, ווי גע־ווינלעך, איז נישט לייכט פאַר אַ פירער פון אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע



פ. שראַגער און יעפים ישורין אין פּאַריז

אויסצופירן באַשיידענע פונקציעס אין אַן אַנדערער. זייער אָפט דער־פירט עס דערצו, אַז מען באַנוגט זיך בלויז מיט אַ סימבאָלישן באַזוך. און עס איז דאָך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס: מ׳קאָן זיך נישט צערייסן אויף אַ סך חלקים. אָבער אונדזער בעל־יובל איז אַן אויסנאַם אין דער דאָזיקער הינזיכט. ער קומט ווען מען באַדאַרף אים און פילט אויס באַשיידן די אויפגאַבע, וועלכע איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן.

און צום סוף אַ ספּעציעלן „פּאַריזער" מאָמענט צו אונטערשטרייכן. — ישורין האָט ליב פּאַריז און קען טאַקע אויך זייער גוט אונדזער באַ־רימטע וועלט־שטאָט. — איך דערמאָן מיך זיין ערשטן באַזוך אין פּאַריז גלייך נאָך דער מלחמה. מיט וואָס פאַר אַ פרייד האָט ער באַזוכט יעדן ווינקל, אונטערשטרייכנדיק די ענדערונגען וואָס די יאָרן האָבן פאַראור־זאַכט דער אָדער יענער געביידע. און שפּעטער, — דער אַלטער „פּאַלעי־בורבאָן" (פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט). איך דערמאָן מיך שוין מער נישט, וועגן וואָס ס׳האָט זיך געהאַנדלט אויף דער פּאַרלאַמענט־זיצונג וואָס מיר האָבן צוזאַמען בייגעוואוינט. פריינד ישורין האָט מיט גרויס בייגער זיך צוגעהערט צו די דעבאַטן, געקוקט אויף דער באַרימטער טריבונע, וואָס האָט געקאָנט אַזוי פיל באַרימטע און גרויסע מענטשן, און ער האָט ווי הנאה געהאַט פון דעם איינטונקען זיך אין דער אַטמאָספערע פון דער אַלטער פּאַרלאַמענטאַרישער געביידע.

ווינטשן מיר אים נאָך לאַנגע יאָרן פון געזונט און שעפערישער טע־טיקייט.

# אויסצוגן פון קריטיק־אַרטיקלען וועגן זאַמלבוך „ווילנע", אַרויסגעגעבן אין 1395, רעדאַקטירט פון יעפים ישורין

יעקב באָטאָשאַנסקי. די פּרעסע, בוענאָס איירעס, יוני 5, 1935.

ניו יאָרק גיט אַרויס אַ ריזיק זאַמלבוך וועגן ווילנע

טויזנט מיט צוועלף זייטן האָט דאָס ערשט דערשינענע בוך... אונ־טער דער רעדאַקציע פון יעפים ישורין... דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן אַמעריקאַניש־רייך און פאַרוועניו־מעסיק... אין כלל גענומען איז דער מאַטעריאַל זייער אינטערעסאַנט. מען הויבט אָן לייענען און עס לייענט זיך. מ'האָט דאַכט זיך צו טאָן מיט פאַקטן און דאַטן און דאָך פילט מען גלייך מ'וואָלט געלייענט לעגענדן...

י. באָטניצקי — אַפריקאַנער אידישע צייטונג, יאָהאַנעסבורג, אָקט. 18, 1935.

ווילנע

...דער זאַמלבוך איז אַן אמתער צירונג אין דער יידישער ליטעראַ־טור און ס'קומט באמת אַ יישר־כח דעם רעדאַקטאָר פון זאַמלבוך פאַר אַזוי פיל אומדערמידלעכע און מיט ליבע־פולע אַרבעט וואָס איז אַריינ־געלייגט געוואָרן אין צונויפשטעלן דעם זאַמלבוך...

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — דער פריינד, יוני־יולי, 1935.

אַ וויכטיק בוך וועגן ווילנע

גלייך פון אָנהויב פון מיין איבערזיכט איבערן בוך וויל איך אָפּגעבן אַ יישר־כח... צום רעדאַקטאָר פון בוך, יעפים ישורין. ס'איז אַ מערק־ווירדיק זאַמלבוך! ס'איז דאָס וויכטיקסטע ווערק פון דעם מין, וואָס איז ווען ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יידיש... עס האָט זיך געפּאָ־דערט אַ סך ליבע, אַ סך צערטלעכקייט צו דער פאַרגאַנגענהייט, אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר יענע וואונדערלעכע הערצאישע יאָרן — פון וועל־כע אונדזער גאַנצער דור איז אַרויסגעוואַקסן — כדי צונויפצושטעלן אַזאַ מין בוך...

נ. י. גאָטליב — קענעדער אָדלער, מאָנטרעאַל, 1935

די געשיכטע פון אַ שטאָט

יעדע שטאָט פאַרמאָגט זיך איר געשיכטע. און פון יעדער שטאָט קען מען שרייבן אַ זאַמלבוך, אַ מאָנאָגראַפיע. ניט יעדע שטאָט אָבער קען געבן מאַטעריאַל פאַר אַ באמת ווערטפולן זאַמלבוך. פאַר אַ מאָנאָ־

גראַפיע פון גרויסער וויכטיקייט, אין דעם הינזיכט, איז דער גראַנדיעז־פּאַרנעמנדיקער זאַמלבוך „ווילנע", געווידמעט דער שטאָט „ווילנע", ניט נאָר אַ זעלטענע מאָנאָגראַפיע, נאָר — אַ זעלטענער מאָנומענט.

ב. געבינער — דער וועקער, נ. י., סעפּ. 23, 1935.

אַ קולטור אויפטו

י. ישורין האָט אַריינגעלייגט אַ מאַסע אַרבעט פול מיט סיסטעם, אינטעליגענץ און קולטורעלן פּאַרנעם נישט נאָר אין רעדאַגירן דאָס בוך, נאָר אַפילו אין די עטלעכע איבערזעצונגען און אָריגינעלע זאַכן אונטער זיין נאָמען. ווי עס זעט אויס, איז ישורין געקנאָטן פון אמתן טייג און דאָס מיינט... עקשנות...

א. י. גראָדזענסקי — אָוונט־קוריער, ווילנע, אויג. 21, 1935

דער קרבן־מנחה סידור: „ווילנע"

...ס'איז אַ ספר פון 1000 מיט צוועלף זייטן (בוכשטעבלעך), און מיר מוזן זאָגן דעם אמת: באַקומענדיק אַזאַ שווער בוך האָבן מיר זיך ערנסט דערשראָקן: אַזאַ ספר קען מען דאָך ניט כאַפּ־לאַפּ רעצענזירן. פון אַזאַ ספר קען מען דאָך ניט מאַכן קיין שהי־פּהי אַרטיקל, געשריבן העגדוס־פּעגדוס.

ב. צ. העריטאָן — „שיקאַגאָ", שיקאַגאָ, סעפּט.־אָקט., 1935

ווילנע — ירושלים דליטא

ווילנע איז אַ שטאָט וואָס שמט צווישן די יידן פון דער גאַנצער וועלט אַלס ירושלים דליטא. ניט אומזיסט האָט מען ווילנע געקרוינט מיט אַ נאָמען וואָס האָט אַזוי פיל געמיינט ביי יעדן ייד.

...דער רעדאַקטאָר פּאַרדינט אָן אַ שיעור קאָמפּלימענטן. זאָל דאָס דינען פּאַר אַ מוסטער און ביישפּיל, צו דער גרויסער צאָל אַר־בעטער־רינג ברענטשעס און אַפילו צום אַרבעטער־רינג אַלס גאַנצעס...

דר. יעקב וויגאָדסקי — די צייט, ווילנע, אָקט. 11, 1935

באַמערקונגען צו דעם בוך „ווילנע"

...זייער אַ שיינע אויסגאַבע: פּאַפּיר און שריפט ערשטקלאַסיקע, קאָרעקטור — אַ גוטע. ווייטער איז דער בוך פול מיט שיינע, על פּי רוב אינטערעסאַנטע בילדער... פון אַ סך אַרטיקלען טריפט אַרויס אַ וואונ־דערבאַרע ליבע צו ווילנע. דער אַרויסגעבער רירט מיך בפּועל־ממש טיף מיט זיין צוגעבונדנקייט צו ווילנע, וועלכע ער האָט פּאַרלאָזן מיט 35 יאָר צוריק... דער דאָזיקער רעדאַקטאָר, ה' יעפים ישורין, האָט די דערמאָנטע ריזיקע אַרבעט אַליין אָפּגעטאָן... מיר מוזן דאַנקען דעם ה' ישורין שוין פּאַרן פּרואוו אַליין...

פּ. ווערניק — מאָרגן־זשורנאַל, ניו־יאָרק, מאַי 5 1935

אונדזער פּילשפּראַכיקע ליטעראַטור

דער פּרעכטיקער באַנד „ווילנע", אַ זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט ווילנע, רעדאַקטירט פון יעפים ישורין... האָט מער ווי טויזנט

זייטן... און עס ווילט זיך וועגן אים שרייבן אַ לויב־געזאַנג גיכער ווי אַ רעצענזיע... דער רעדאַקטאָר פאַרדינט פולע אָנערקענונג פאַר אַ שטיק שיינע אַרבעט...

דניאל טשאַרני — ליטעראַרישע בלעטער, נומ. 38, וואַרשע, סעפט. 20, 1935

ווילנע

...קורץ און גוט. ווילנע איז אַ מין איינבענדיקע ענציקלאָפּעדיע וועגן דער יידישער ווילנע, וואָס האָט הינטער זיך אַ מאַרטירער־געשיכטע פון איבער 100 יאָר...

דעם רעדאַקטאָר פון זאַמלבוך — יעפים ישורין — קומט אַ יישר־כח פאַר דעם קאָלאָסאַלן אויפטו נישט נאָר צוליב דער מוטער־שטאָט ווילנע אַליין...

א. ל. — „דער וועג”, מעקסיקע, יוני 18, 1935.

אַלמאַנאַכן

אין ניו יאָרק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן... אַן אַלמאַנאַך, אַ זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט ווילנע... דאָס בוך איז רייך אַרויסגעגעבן אונטער דער רעדאַקציע פון יעפים ישורין...

יעקב לעשטשינסקי — דאָס נייע וואָרט, וואַרשע, נאָוו. 1, 1935

...דער זאַמלבוך איז אַ שיינע מתנה נישט נאָר פאַר ווילנע, נאָר פאַר דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. דעם רעדאַקטאָר, יעפים ישורין,... קומט אַ האַר־ציקער דאַנק און אַ יישר־כח!

ה[ירש] מ[ץ] — פאָלקסגעזונט, וואַרשע, נאָוו. 1 (218), 1935

דאָס זאַמלבוך „ווילנע”

...עס קומט אַ גרויסער יישר־כח דעם איניציאַטאָר און רעדאַקטאָר פון זאַמלבוך, דעם אומדערמידלעכן, ענערגישן און פאַרינסטפולן יעפים ישורין... פ׳ ישורין האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר די ווילנער קולטור־אַנשטאַלטן, ווי ווייניק ווער, און באַמיט זיך שטענדיק מפרסם צו זיין זיין געבוירנשטאָט ווילנע אין דער גרויסער וועלט.

דר. ישראל וו. מאַרקוס — אידישער קוריער, שיקאַגאָ, יוני 30, 1935

די קולטור־געשיכטע פון ירושלים דליטע אין אַ קאָלירפולן זאַמלבוך

לייענענדיק דעם אינהאַלטסרייכן, וואָגיקן און „בייכיגן” זאַמלבוך ווילנע, האָט איר דעם געפיל ווי איר וואָלט זיך געפונען אין אַ קונסט־גאַלעריי, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט אַזוי פיל מייסטערווערק, דאָס אייער עסטעטיש אויג איז ניט בכוח — מחמת דער גרויסער שפע פון איינ־דרוקן — זיך געגוג אָנצוטרינקען מיט דעם קונסט־געגוס פון איין בילד... אַ גרויסע, פאַרדינסטפולע אַרבעט האָט, נאַטירלעך, בייגעטראָגן יעפים ישורין, וועלכער האָט רעדאַקטירט דעם זאַמלבוך...

ד"ר א. מוקדוני — **דער מאָרגן זשורנאַל, נ. י., יולי 10, 1935**

ביכער און שרייבער

**די אַרטיקלען וועגן דער געשיכטע פון די יידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען פאַרנעמט לערך 350 זייטן. דאָ איז צום ערשטן מאָל צונויפגענומען געוואָרן דער גאַנצער מאַטעריאַל וואָס איז געווען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע אויסגאַבן און עס זיינען צוגעגעבן אַ היפּש ביסל גאָר נייער און זייער אינטערעסאַנטער און זייער וויכטיקער מאַטעריאַל און מיר האָבן פאַר זיך אַ פולע געשיכטע פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון איר שטילן, נאַאיוון אויסקוק ביז די לעצטע טעג.**

ש. מענדעלסאָן — **נייע פאָלקסצייטונג, וואַרשע, דעצ. 29, 1935**

ווילנע אין דער געשיכטע

**ס'ליגט פאַר אונדז אַ בוך, גאָר אַ גרויסער ספר פון קנאַפּע 1000 זייטן. אַ מאָנאָגראַפיע פון דער שטאָט ווילנע... מיר האָבן פאַר זיך אַ גרויסע אַרבעט וועלכע זאָגט ווידעראַמאָל עדות ווי ווייט די ווילנער זיינען פאַרליבט אין זייער שטאָט. דעריבער איז דאָס בוך אָנגעזאָפּט מיט אַ געפיל פון וואַרעמקייט, נאָך מער שטאָלץ... מיר האָבן אַ ריזיקע מאָנאָגראַפיע פון אַ שטאָט, די איינציקע אין דער יידישער שפּראַך. דערפאַר קומט... באַזונדערס דעם רעדאַקטאָר — יעפים ישורין — אַ האַרציקן דאַנק...**

ש. ניגער — **דער טאָג, נ. י., סעפּ. 15, 1935**

אַ געזעגענונג צו ווילנע

**...אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבן וועגן ווילנע מיט אירע גדולים, מיט אירע אויפטואונגען, מיט אירע לעגענדעס, — און דאָס וואָלט געהאַט אַ באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פונעם יידישן לעבן און שאַפן אין דער גאַנצער וועלט.**

**אָט אַזוי טראַכטנדיק האָב איך נאָך אַמאָל אַ בלעטער געטאָן דאָס זאַמלבוך „ווילנע"... און מיר האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז מיר אַלע באַגייען אַ זינד קעגן ווילנע — די זינד פון לועג לרש... אַ געזעגענונג צו ווילנע...**

ש. ניגער — **דער טאָג, ניו יאָרק, נאָוו. 24, 1935**

אַ האַלב יאָר יידישע ליטעראַטור

**עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ גרויס זאַמלבוך (איבער טויזנט זייטן!), געווידמעט דער שטאָט ווילנע (רעדאַקטירט פון יעפים ישורין...). עס איז גענוג אַריינצוקוקן אינעם לאַנגן אינדעקס פון בוך, צו זען, וויפיל פלייס און איבערגעבנקייט דער רעדאַקטאָר האָט אין אים אַריינגעלייגט...**

נ. סווערדלין — **די צייט, ווילנע, נאָוו. 15, 1935**

נאָך עפּעס וועגן זאַמלבוך „ווילנע"

**...דער זאַמלבוך איז זיך אַ גאַנץ בייכיקער פון אַן איבער 1000 זייטן. גאַנץ־פיין. קומט דעם רעדאַקטאָר טאַקע דערפאַר אַ יישר־כח, בפרט, אַז**

פון יעדן בלעטל און זייטל פילט אַרויס אַ גוואַלטיקע ליבע און פּיעטעט צו דער עיר ואם בישראל.

א. פינים — האַוואַנער לעבן, מאַי 10, 1935
וועגן דעם זאַמלבוך „ווילנע"

די פּאָסט האָט אונדז היינטיקע וואָך געבראַכט אַ ביז־גאָר טייערע מתנה, אַ זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט ווילנע. אַ גרויסער, רייכער בוך, 1000 זייטן, און אין אַ גאָלדענעם פּאַס איינגעראַמט דאָס כישוף־וואָרט „ווילנע" — וואָס דערמאָנט און דערציילט פון צענדליקער און הונדער־טער יאָר יידיש לעבן אין דער קליינער ליטע, וועלכע האָט זיך באַרימט מיט איר שטאָט ווילנע... און איז רעדאַקטירט פון יעפים ישורין...

א. פרומקין — פרייע אַרבעטער שטימע, נ. י., מאַי 31, 1935
ווילנע אין וואָרט און בילד

עס וואָלט בייטיק געווען אַ סך מער פּלאַץ, ווי איך האָב דאָ, צו געבן אַ געהעריקן איבערבליק איבער דעם מערקווירדיקן זאַמלבוך „ווילנע", וואָס איז אָקאָרשט דערשינען, אונטער דער רעדאַקציע פון יעפים ישורין... פאַר דער שווערער און זייער גענאָטענער אַרבעט פון צונויפ־קלייבן דעם מאַטעריאַל און פאַר דער געשמאַקפולער צוזאַמענשטעלונג פון דעם זאַמלבוך פאַרדינט די רעדאַקציע אַ גרויסן קאָמפּלימענט. עס איז אין אַלע פּרטים אַ געלונגענע אונטערנעמונג...

צביון — פאָרווערטס, נ. י., אָקט. 12, 1935
יידישע אינטערעסן

...דאָס זאַמלבוך „ווילנע"... איז אויף וויפיל איך בין באַקאַנט מיט יידישע ביכער, איז דאָס, דאַכט זיך, דאָס גרעסטע בוך וואָס איז אויף יידיש געדרוקט געוואָרן.

לאַזאַר קאַהאַן — אונזער עקספּרעס, וואַרשע, אָקט. 25, 1935
נאָר אַמעריקע קאָן זיך אַזוינס פאַרגינען

ווען איר גיט בלויז אַ קוק אויפן דאָזיקן אימפּאָזאַנטן זאַמלבוך קריגט איר דרך־ארץ פאַר די פּערזאָנען, וואָס האָבן אַזאַ אַרבעט אַרויסגעלאָזט אויף דער וועלט, באַזונדערס באַקומט אַ חשיבות אין אייערע אויגן דער רעדאַקטאָר פון זאַמלבוך „ווילנע", יעפים ישורין, וועלכער האָט אַזוי פיל כוחות פאַרוואַנדעט דאָס דאָזיקע גראָב־בייכיקע בוך צוזאַמענצושטעלן און עס אַרויסצופירן אויף דער ליכטיקער וועלט...

[פּסח קאַפּלאַן] חנן — אונזער לעבן, ביאַליסטאָק, יוני 28, 1935
דער 1000 זייטיקער בוך וועגן ווילנע

...עס איז אַ וואונדערבאַר־רייכער צושטייער צו דער געשיכטע פון ווילנע, אַפילו צו דער יידישער געשיכטע בכלל. בלויז אַדורכקוקנדיק דעם זוכצעטל פונעם אינהאַלט, וואָס פאַרנעמט 5 געדיכטע זייטן, הויבט אָן שווינדלען אין די אויגן... דער רעדאַקטאָר פון בוך, יעפים ישורין... האָט זיך געווענדעט צו יידישע שריפטשטעלערס, צו געבן

אים עפּעס וועגן ווילנע, האָבן זיך אָפּגערופן קאַריפּייער... [פון דער יידישער ליטעראַטור].

ש. קאַראַקושאַנסקי — אידישע פאָלקסצייטונג, ריאָ דע זשאַנעיראָ, יוני 21, 1935

ווילנע

...דער נאָמען פון דער אויסגאַבע און די דערקלערונג דערביי צו וואָס די אויסגאַבע איז געווידמעט, רעדן גענוג וועגן איר אינהאַלט, און עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אויסגאַבע האָט קודם־כל באַצוועקט פעסט־צושטעלן נאָך אַמאָל דאָס פּלאַץ, וואָס ווילנע, די יידישע ווילנע, פאַר־נעמט, וויל אָדער דאַרף פאַרנעמען אין דער יידישער נייער קולטור־געשיכטע.

י. קיסין — פאָרווערטס, נ. י., מאַי 5 1935

אינטערעסאַנטער זאַמלבוך וועגן דער שטאָט ווילנע

אין דעם זאַמלבוך „ווילנע", האָבן מיר ענדלעך אַ בוך וועגן דער אַלטער יידישער שטאָט... מיר מעגן זיכער גראַטולירן דעם צוזאַמענ־שטעלער פון בוך, יעפים ישורין, וואָס האָט די אַרבעט דורכגעפירט... דער רעדאַקטאָר פון דעם זאַמלבוך האָט געהאַט אַ באַשטימטן פּלאַן פון דער אַרבעט, קען מען זען פון עם אינהאַלט פון בוך...

ש. ראַבינאָוויטש — צוקונפט, נ. י., סעפּטעמבער, 1935

„ווילנע"

עס איז ממש צו באַוואונדערן וויפיל אַרבעט ער, איינער אַליין, האָט אַריינגעלייגט אין דעם בוך. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אַחוץ דער מי צו קריגן די בייטיקע אַרטיקלען און צוזאַמענשטעלן דעם בוך, האָט ער אַליין אויך בייגעטראָגן צו דעם בוך אַ סך פון ווערטפולן היסטאָרישן מאַטעריאַל... די אונטערשטע שורה איז — עס איז אַן אויסגעצייכנ־טער בוך.

דר. א. מ. ריווקין — ניויאָרקער וואָכנבלאַט, אָקט. 11, 1935

ווילנע

יעפים ישורין, דער רעדאַקטאָר פון דעם דאָזיקן זאַמלבוך, וואָס פאַרנעמט טויזנט, צוועלף הונדערט זייטן, האָט אויפגעטאָן אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט; ער האָט פאַקטיש באַשאַפן אַן ענציקלאָפּעדיע וועגן ווילנע, און עס איז דאָס איינציקע ווערק פון דעם מין אין דער יידישער שפּראַך...

אין אַלגעמיין איז דער זאַמלבוך איינער פון די אינטערעסאַנטסטע און פאַרביקסטע וואָס איז ווען ארויסגעגעבן געוואָרן וועגן אַ יידישער שטאָט...

י. ר[עזניק] — אייגנס, בעיאָן, נ. דזש., נאָוו.־דעצ., 1935

ווילנע — אַ זאַמלבוך געווידמעט דער שטאָט ווילנע

...„ווילנע" איז צוזאַמענגעשטעלט לויט אַ וואונדערבאַרן סיסטעם. אַלעס נאָטירט. און ווען דער לעזער פאַרטיפט זיך אין לייענען די כמעט

אַלע געלונגענע אַרטיקלען, ווערט ער באַהעפט מיט ווילנע און ווילנער. ער באַוואונדערט די גייסטיקע אוצרות, די גייסטיקע פירער...

ישראל שטערן — היינט, וואַרשע, אויג. 23, 1935

„ביי אונדז"

איבערלייענענדיק אַט דאָס בוך, וואָס מאַכט בכלל אַ שטאַרק אימ־פּאָנירנדיקן רושם, ווערט איר שוין מער נישט שמייכלען איראָניש, ווען אויך צוזאַמענפּאָרן, קאָנפערענצן, אין אַ קלוב, צי אין אַ געזעלשאַפט וועט איר הערן ווי מענטשן מיט טיף־ליטווישער אויסשפּראַך חזרן איבער אָפּט דאָס ווערטל: „ביי אונדז אין ירושלים" — פּאַרדאָן, כ'מיין ביי אונדז אין ווילנע...

דער היינט — וואַרשע, יולי 5, 1935

אַ גרויס זאַמלבוך איבער ווילנע

קיין שום אַנדערע שטאָט האָט נישט צווישן אירע יידישע איינוואוי־נער אַזעלכע פּאַטריאָטן ווי די יידישע ווילנע. נאָך פון אַמאָליקע יאָרן האָט מען זי אָנגערופן „ירושלים דליטע"; קיין שום אַנדערע שטאָט האָט נישט אַזוי פיל זאַמלביכער, באַשרייבונגען, פּאָעמען און לידלעך געוויד־מעט דער שטאָט ווי ווילנע.

איצט איז... אונטער דער רעדאַקציע פון יעפים ישורין דערשינען אַ גרויס זאַמלבוך אונטערן נאָמען „ווילנע"...

ווילנער טאָג — מאַי 26, 1935

דאָס זאַמלבוך „ווילנע"

אין דעם זאַמלבוך „ווילנע"... האָבן מיר ענדלעך אַ בוך וועגן דער אַלטער יידישער שטאָט. עס האָט שוין לאַנג געמעגט זיין אַ בוך אין יידיש וועגן ווילנע. ירושלים דליטע האָט עס כשר פאַרדינט... דער רעדאַקטאָר פון דעם זאַמלבוך האָט געהאַט אַ באַשטימטן, גוט־פאַר־טראַכטן פּלאַן פון דער אַרבעט, קען מען זען פון אינהאַלט פון בוך.

דער חבר — ווילנע, נומ. 6, 1935

ווילנע — אַ זאַמלבוך, געווידמעט דער שטאָט ווילנע, רעדאַקטירט פון יעפים ישורין... דאָס בוך איז אַ נוצלעכער האַנטבוך פאַר די אַלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט ווילנע.

*Prof. Majer Bałaban*

Nasz Prezegland, Warszawa, 17 Pazdziernika 1937.

*WILNO*

Wyrazem tej czci jest potezna ksiega, wydana w roku 1935 w Nowym Jorku . . . pod redakcia znanego literata Jefim Jeszurina, a obejmujacei nie mniej jak 1012 stron i mnostwo podobizn autorow.

# אַרבעטער „אָרט"־דעלעגאַטן צום וועלט־קאָנגרעס פון אָרט" אין לאָנדאָן אין 1960

די אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז זינט לאַנגע יאָרן נאָענט פאַר־בונדן מיטן „אָרט", איז געווען פאַרטראָטן מיט 6 דעלעגאַטן אויפן לעצטן וועלט־קאָנגרעס פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָנ־דאָן, אין אָקטאָבער, 1960.

פירער פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע פאַרנע־מען אַ וויכטיקן פּלאַץ און זיינען אַקטיוו אין „אָרט", האָבן זיך געפונען



דעלעגאַטן פון אַמעריקען אַרבעטער „אָרט" צו דעם קאָנגרעס פון „אָרט" אין לאָנדאָן אין 1960. ערשטע ריי, פון רעכטס צו לינקס, זיצנדיק: אַדאָלף העלד, יעפים ישורין און דזשוליוס האָכמאַן. צווייטע ריי, פון רעכטס צו לינקס, שטייענדיק: הערי גרינבערג, לואיס האָלענדער, ש. מילמאַן און דזשאָזעף טואווים

צווישן די דעלעגאַטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. קאָ־טשערמאַן פון דער דעלעגאַציע איז געווען אַדאָלף העלד, פאָרזיצער פון אַמעריקאַנער אַר־בעטער „אָרט", פּרעזידענט פון דער „פאָרווערטס" אַסאָסיאיישאָן און פאָרזיצער פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

צווישן די יוניאָן־פירער האָבן זיך געפונען לואיס האָלענדער, וויצע־

פאַרזיצער פון דער „אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע״; הערי גרינבערג, דזשוליוס האָכמאַן, וויצע־פּאַרזיצערס פון דער „אינטער־נעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״, און י. טואווים, מענע־דזשער פון לעידיס נעקווער לאָקאַל 142 אינטערנעשאָנאַל, וועלכער איז פאָרזיצער פון דער בראָמסאָן „אָרט״ שולע אין ניו יאָרק. י. טואווים איז געווען פאַרזיצער פון דער מאַנדאַטן־קאָמיסיע פון קאָנגרעס.

אין קאָנגרעס האָבן זיך אויך באַטייליקט: יעפים ישורין, דער אַר־בעטער־רינג טוער, און שמואל מילמאַן, עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון אַר־בעטער „אָרט״. ישורין איז געווען אַ מיטגליד פון דער קאָנגרעס־קאָ־מיסיע פון פאַך־בילדונג אין ישראל.

אויפן קאָנגרעס איז געווען פאַרטראָטן ניט נאָר די אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר אויך טרייד יוניאָן און אַרבעטער גרופּן פון אַנדערע לענדער. דעניעל מייער, דער פראַנצויזישער סאָציאַליסט, אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון פאַרשטאָרבענעם לעאָן בלום און געוועזענער פראַנצויזישער אַרבעטס־מיניסטער, האָט געהאַלטן אַ רעדע, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן אַלס די וויכטיקסטע רעדע אויפן קאָנגרעס. זיין טעמע איז געווען די ווירקונג פון אַרבעט אין דעם דערהויבן די מענטשלעכע ווירדע און עמאַנציפּאַציע. מר. מייער איז פאָרזיצער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון וועלט „אָרט״ פאַרבאַנד.

צווישן די, וועלכע האָבן באַגריסט דעם קאָנגרעס האָבן זיך געפונען דריי סאָציאַליסטישע פּרעמיער־מיניסטאָרן: דוד בן־גוריון, פון ישראל; וויגאָ קאַמפּמאַן, פון דענמאַרק, און טאַגע ערלאַנדער, פון שוועדן.

די הויפּט־רעדע אויף דעם באַנקעט אין לאָנדאָנער „גילדהאָל״, האָט געהאַלטן דוד א. מאָרס, גענעראַל־דירעקטאָר פון דער „אינטערנאַציאָנאַ־לער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע״ פון די „פאַראייניקטע פעלקער״. מר. מאָרס האָט דערמאָנט די לאַנגיאָריקע קאָאָפּעראַציע וואָס עקזיסטירט צווישן „אָרט״ און דער „אַי. על. אָ.״, וועלכע איז פאַרבונדן מיט די אידעאַלן פון דיביידע אָרגאַניזאַציעס צו „געבן אַ געלעגנהייט די מענטשן צו בויען אַ רייכערע געזעלשאַפט און אַ בעסערע וועלט דורך לערנען זיי אַ מלאכה״.

נאָכן באַרירן די פּראָגראַם פון אויסבילדן נייע אַרבעטס־קרעפטן אין די נייע שטאַטן אין אַפריקע, האָט מר. מאָרס געלויבט די אַרבעט פון „אָרט״ אַלס אַ לאַנגיאָריקע אָרגאַניזאַציע פון „טעכנישער הילף״.

„מיט 80 יאָר צוריק האָט ׳אָרט׳ אָנגעצונדן דעם פאַקל פון לערנען און העלפן מענטשן צו געפינען אַ ניי און בעסער לעבן״, האָט ער געזאָגט. „אַנדערע האָבן צוגעגעבן נאָך אַנדערע פלאַמען צו דעם ליכט פון ׳אָרט׳. די וויזיע פון 80 יאָר צוריק איז רעאַליזירט געוואָרן. וואָס דער ׳אָרט׳ האָט אָנגעפאַנגען, איז איצטער באַטראַכט אַלס איינע פון די וויכטיקסטע מעטאָדן, וועלכע ניי־געשאַפענע לענדער קענען באַנוצן אַלס באַזע פאַר זייער אומאָפּהענגיקייט און ווירדע״.

# באַגריסונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו־קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג

דער נאָמען פון אונדזער ליבן פריינד, יעפים ישורין, וועמענס 75־סטער געבוירנטאָג עס ווערט געפייערט, איז גוט באַקאַנט סיי צו די טוער, סיי צו די מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג. און באַקאַנט איז זיין נאָמען און זיין פּערזענלעכקייט אין די רייען פון אונדזער משפּחה צוליב דעם, ווייל ישורין איז פאַרבונדן מיט די וויכטיקסטע טעטיקייטן פונעם אַרבעטער־רינג, דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן. נאָך אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אין שפּיץ פון דער אָנפירונג פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. ער האָט זייער פיל בייגעטראָגן מיט זיין דערפאַרונג, מיט זיין זאַכלעכקייט, מיט זיין פאַרשטיין דעם גייסט, די אידעאַלן און די שטרעבונגען פונעם אַרבעטער־רינג צו אַלץ וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט אַנטוויקלט, געבויט און דערגרייכט.

ישורין איז אַלעמאָל געווען אומקאָמפּראָמיסלעך ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער פראַגע צו פּרעזערווירן דעם אַרבעטער־רינג אַלס אַזעלכן, אָפּצוהיטן זיין סאָציאַליסטישן גייסט, אָפּצוהיטן זיין וועלטלעכקייט און זיין ענג פאַרבונדנקייט מיט דער יידישער און דער אַלגעמיינער אַרבעטער באַוועגונג.

סיי דאַן ווען ישורין איז געווען אין דער פירערשאַפט פונעם אַרבעטער־רינג אין דער אָדער אין יענער וויכטיקער נאַציאָנאַלער קאָמיטע, סיי ווען ער איז געווען דער פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג האָט ער אַלע מאָל אין גייסט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע געזען אי אָנצוהאַלטן, אי אויסצובררייטערן די קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון אַרבעטער־רינג און זיין פאַרבונדנקייט מיט דער יידישער קולטור־וועלט, מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכער וועלט לטובת דעם יידישן לעבן אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן און לטובת דעם יידישן לעבן אומעטום.

ישורין האָט אין זיין לעבנסוועג ניט נאָר אָנטיילגענומען אין די וויכטיקע היסטאָרישע אַנטוויקלונגען און קאַמפן וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט דורכגעלעבט, נאָר אויך בייגעטראָגן צו די דאָזיקע אַנטוויקלונגען.

מיר זיינען זיכער, אַז צוזאַמען מיט אונדז שיקט די גאַנצע אַרבעטער־רינג משפּחה פון טוער און מיטגלידער, וועלכע באַטראַכטן זיך זייער נאָענט צו ישורינען, די בעסטע וואונטשן, אַז ער זאָל לעבן מיט אונדז, מיט אונדזער גייסט, מיט אונדזער סביבה נאָך פאַר פילע יאָרן אין געזונט און אין נחת מיט זיין משפּחה און זאָל זען אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל ווערן שטאַרקער, איינפלוסרייכער און אַז דאָס יידישע לעבן און די אַלגעמיינע וועלט זאָל גיין וואָס מער און מער אויף די וועגן פון אונדזערע אידעאַלן און שטרעבונגען, צו וועלכע פריינד ישורין און מיר אַלע האָבן געווידמעט און ווידמען אונדזערע יאָרן.

ישראל ברעסלאו, פּרעזידענט.

נחום כאַנין, גענעראַל־סעקרעטאַר.

# באַגריסונג פון יידישן פּען־קלוב צו יעפים ישורינס פינף און זיבעציק יאָר

דער ניו־יאָרקער צענטער פון דעם יידישן פּען־קלוב באַגריסט האַר־ציק זיין חשובן מיטגליד יעפים ישורין צו זיין ווערן פינף און זיבעציק יאָר, און ווינטשט אים נאָך אַ סך יאָרן פון געזונט און שאַפערישקייט.

יעפים ישורין האָט זיך געוואונען אַ חשוב אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיין פריינדשאַפט צו יידישע שרייבערס, מיט זיין איבער־געגעבנקייט צו דעם יידישן וואָרט, מיט זיין זעלטענער פלייסיקייט אויפן פעלד פון יידישער ביבליאָגראַפיע.

ער איז דער גרויסער ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור. ער לעבט מיט איר און גייט איר נאָך מיט שטילער האַרציקייט און טיפער געטריישאַפט.

זיין פינף און זיבעציק־יאָריקער יובילײ איז אַ יום־טוב פאַר אונדז אלעמען.

אין נאָמען פון דעם יידישן פּען־צענטער

א. גלאַנץ־לעיעלעס, פּרעזידענט
עזריאל נאַקס, וויצע־פּרעזידענט
אליהו שולמאַן, סעקרעטאַר
ש. אַפּטער, פּ. שטיינוואַקס

---

# באַגריסונג פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט

טייערער פריינט י. ישורין:

עס איז אונדז אַ פאַרגעניגן אייך צו באַגריסן צו אייער 75־יאָריקן יובל.

אייער יובל קומט נאָך אַ לאַנגן, געבענטשטן און פּרוכטבאַרן לעבן פון מעשים־טובים, סיי אויפן געזעלשאַפטלעכן און סיי אויפן ליטעראַ־רישן געביט. אייערע אויפטועז פאַר דער יידישער ביבליאָגראַפיע האָבן ניט קיין גלייכן אין אונדזער סביבה. איר האָט געטאָן די אַרבעט געטריי, איבערגעגעבן, מיט אַ סך פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איר האָט עס געקאָנט טאָן נאָר זייענדיק באַוואָפנט מיט אַ סך וויסן וועגן דער יידישער ליטע־ראַטור און מיט ניט ווייניקער אחריות פאַר איר און אירע שעפער.

אונדז איז גוט באַקאַנט אייער אַרבעט און איבערגעגעבנקייט אויפן פעלד פון געזעלשאַפטלעכקייט — סיי אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, סיי אין אַרבעטער־רינג און סיי אין ייוואָ.

איר זייט געבענטשט געוואָרן צו דערלעבן אייער 75־יאָריקן יובל פול מיט כוחות און מיט אַרבעטסלוסט. איר האָט נאָך אַ סך צו טאָן אין די קומענדיקע יאָרן. ווינטשן מיר אייך אַלדאָס גוטס און אַ סך דערפאָלג.

פאַרן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט

יעקב פּאַט, עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר.

# באַגריסונג פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־אָרט

מיט גרויס פאַרגעניגן באַגריסן מיר אונדזער טייערן פריינד, יעפים ישורין, צו זיין 75־יאָריקן יובילײ.

פריינד ישורין איז וויצע־פּאַרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־„אָרט". ער געהערט אויך צו די פאַרוואַל־טונגס־אָרגאַנען פון דער אַמעריקאַנער „אָרט"־אַדמיניסטראַציע, ווי פון וועלט־„אָרט"־פאַרבאַנד.

עס איז אַ כּבוד צו האָבן פריינד ישורינען אַלס אַן איבערגעגעבע־נעם און נאָענטן מיטאַרבעטער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. פאַר די



אַדאָלף העלד, פּאַרזיצער פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־אָרט, באַגריסט י. ישורינען צו זיין 70סטן געבוירנטאָג אין 1955

לעצטע 15 יאָר איז אונדזער יובילאַר דער פאַרטרעטער אין „אָרט" פונעם גרויסן פראַטערנאַלן אָרדן, דער „אַרבעטער־רינג", און פונעם „פאָר־ווערטס", דער גרעסטער יידישער צייטונג אין דער וועלט.

אין אָנערקענונג פאַר זיינער אַקטיווער טעטיקייט און איבערגע־געבנקייט צום „אָרט", איז פריינד ישורין געשיקט געוואָרן אַלס דעלע־גאַט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע צו די פאַרגעקומענע קאָנגרעסן פון „אָרט" אין פּאַריז, פראַנקרייך; גענף, שווייץ; און ער וועט אויך זיין אונדזער דעלעגאַט צום קאָנגרעס פון „אָרט" אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, אין אָקטאָבער, הייַנטיקס יאָר, וואו עס וועט געפייערט ווערן 80 יאָר „אָרט"־טעטיקייטן.

פריינד ישורין, אַלס וויצע־פּאַרזיצער פונעם מיטגלידער קאַמפּײן־

